# שלום אַש
## און
# קריסטנטום

אַן ענטפער אויף זיינע מיסיאָנערישע שריפטן

פון

חיים ליבערמאַן

אום פּאָבלישינג קאָ.
ניו-יאָרק, נ. י.
תשי"א

# אינהאַלט

# „דער מאַן פון נצרת"

1

מיט זיינע ווערק אויף דער קריסטלעכער טעמע, אָנהויבנדיק, אויף ענגליש, מיטן „נאַזאַרין" („דער מאַן פון נצרת" אויף אידיש), האָט שלום אַש געזינדיקט אַ גרויסע זינד קעגן אידישן פאָלק.

עס איז אידן קיינמאָל ניט געווען צום האַרצן צו פירן וויכוחים מיט דער וועלט וועגן ישוע. און ס'איז קלאָר פאַרוואָס. ביי אונדז קענען מיר אַזעלכע וויכוחים ניט פאַרלירן, און ביי זיי קענען מיר ניט געווינען. מיר קענען ניט פאַרלירן, ווייל דער אמת איז אויף אונדזער זייט, און מיר קענען ניט געווינען, ווייל די מאַכט איז אויף זייער זייט. אין מיטלאַלטער פלעגן אידן שטענדיק טייער באַצאָלן פאַר אַזעלכע וויכוחים, וועלכע פלעגן זיך אָפט ענדיקן מיט ברענען דעם תלמוד. וואָס קלערער אידן פלעגן זיי באַווייזן די טעותן פון זייער אמונה, אַלץ גרויזאַמער פלעגט מען זיך דערנאָך אָפּרעכענען מיט זיי. דעריבער האָבן אידן ווייניק געשריבן וועגן דעם נוצרי, און וואָס זיי האָבן יאָ געשריבן, האָבן זיי אָפט געשריבן על פי הכרח. און וואָס איז שייך וויכוחים, פלעגן זיי אַנטלויפן דערפון ווי אַ כהן פון אַ בית־הקברות. אין די יאָרהונדערטן פון מיטלאַלטער, ווען דאָס קריסטנטום האָט זיך געהאַלטן אין באַפעסטיקן אין אייראָפּע, און די אידן זיינען געשטאַנען פעסט ווי אַ פעלז, אַ לעבעדיקע אָפּלייקענונג פונם קריסטנטום, פלעגן גלחים און משומדים מיט גוואַלד שלעפּן די רבנים צו דיספּוטן וועגן קריסטנטום. און די משומדים נאָך מער ווי די גלחים. מיאוסע אידן, משומדים און מוסרים, וואָס פלעגן זיך וועלן איינקויפן ביי די גוים, פלעגן זיך אונטערנעמען צו באַזיגן די רבנים און באַווייזן פון אידישע ספרים, אַז ישו איז דער משיח. די רבנים פלעגן ניט גערן גיין, אי דערפאַר וואָס זיי האָבן געוואוסט, אַז אידן וועלן דערנאָך שווער ליידן, אי דערפאַר וואָס זיי האָבן ניט געוואָלט שטיין אין די ד' אמות פון די אידישע פאַררעטער, אָבער זיי האָבן געמוזט גיין, און זיי פלעגן גיין אויף קידוש־השם.

היינטיקן טאָג שטייט דאָס אידנטום ווי אַ לעבעדיקע אַפּליקענונג פונם קריסטנטום גראַדע ווי אין מיטלאַלטער. און וועט אייביק אַזוי שטיין. און שטענדיק זיינען אין דער קריסטלעכער וועלט דאָ עלע־מענטן, וואָס זיינען יעדער רגע גרייט אויפצובלאָזן צוריק די אַלטע פלאַמען קעגן אונדז אויף דער ליניע אידנטום־קריסטנטום. קוקט אַריין אין די ביכלעך, אויף וועלכע עס ווערן טאָג־טעגלעך דערצויגן מיליאָנען קריסטלעכע קינדער אין קריסטלעכע שולן, און זעט וויפל שנאה צו אידן עס ווערט דאָרט געפּריידיקט, אָדער אין דער עוואַנ־געליע אַליין, און איר וועט באַגרייפן, אַז אַפילו אין די בעסטע צייטן איז דאָס קריסטנטום לגבי אידן נאָר אַן איינגעשלאָפענער וואולקאַן.

די צייט ווען שלום אַש איז אַרויס מיט זיין קריסטוס־ווערק, אין 1939, האַרט ערב דער צווייטער וועלט־מלחמה, איז פאַר אידן אומעטום געווען אַ הרת עולם ערגער ווי אין מיטלאַלטער. אַלע גזירות פון מיטלאַלטער זיינען אין דייטשלאַנד אָפּגעפרישט געוואָרן, און אַ סך בייע צוגעגעבן געוואָרן. די וועלט איז געווען פאַרפלייצט מיט אַ בושעוו־דיקן ים פון האַס־פּראָפּאַגאַנדע קעגן אידן, וואָס אַזעלכס איז קיינמאָל פריער ניט געזען געוואָרן. מיר זיינען געשטאַנען ערב דעם נאַצי־חורבן פון דעם אייראָפּעאישן אידנטום. אונדזערע שונאים האָבן גע־שאַרפט די מעסערס פאַר דער טאָטאַלער פאַרטיליקונג, חלילה, פונם אידישן פאָלק.

אָט אין אַזאַ צייט, ווען די שווערד האָט געשניטן אינדרויסן און די שרעק האָט געלויערט אינווייניק, איז געקומען שלום אַש, איינער פון אונדז, אַ פירנדיקער גייסט אין דער אידישער ליטעראַטור, גע־קומען מיט זיין „נאַזאַרין”, צו שלעפּן אונדז צום אַלטן וויכוח וועגן דעם נוצרי. האָט ניט שלום אַש זיך אַליין אַוועקגעשטעלט אין איין שורה מיט יענע פאַררעטערישע אידן פון אַמאָל?

די אידישע וועלט איז געבליבן דערשטוינט און אויך ביטער אָפּגענאַרט.

די לעצטע יאָרן פאַרן דערשיינען פון „נאַזאַרין”, האָט שלום אַש אָנגעהויבן פלירטעווען מיט רעליגיע. גלויביקע אידן האָבן עס צו־געקוקט מיט פאַרגעניגן און געהאָפט צו זען נחת פון אים. ערשט דער באַרג האָט געבוירן אַ — צלם! ווער האָט זיך געקענט ריכטן, אַז אַש וועט אַרויסקומען מיט אַ יעזוס־ווערק, מיט אַן אָפענעם, דירעקט מיסיאָנערישן בוך?

און וואָס זאָלן אידן טאָן לגבי דעמדאָזיקן בוך?

פאַרשווייגן עס טאָר מען ניט — ס'איז אַ שמד־בוך; רעדן איז געפערלעך — ס'איז געפערלעך אויפצוהויבן די דעליקאַטע יעזוס־פּראָ־

גע. נאָר די אחריות פאַלט אויף אַשן. ער האָט אונדז אַריינגעשטויסן אין אַ לייבן־גרוב, ער שיקט אונדז אין פייער פון קידוש־השם.

נאָר לאָמיר זיך דערנען פון אונדזערע אָבות. זיי פלעגן, ווי געזאָגט, ניט וועלן גיין צו די יעזוס־וויכוחים. נאָר אַז זיי זיינען שוין געגאַנגען, האָבן זיי זיך ניט געשראָקן פאַר קיין שום סכנות און האָבן גערעדט מיטן פולן מויל. לאָמיר דאָ דערמאָנען איין וויכוח אַזאַ אין מיטלאַלטער צווישן אַ גרויסן אידן און אַ משומד. איך מיין דאָ דעם וויכוח פון דעם רמב״ן מיטן משומד פּאַבלאָ, וואָס זיי האָבן געהאַט פאַרן אַראַגאָנישן קעניג אין באַרצעלאָנאַ, אין יאָר 1263. רעכט לאַנג האָט זיך געצויגן דער וויכוח. איין טאָג, שבת, האָט דער קעניג מיט אַ גרויסער סוויטע הויפּלייט זיך פּלוצלינג באַוויזן אין שול. דער קעניג איז אַרויף אויף דער בימה און האָט פּראָקלאַמירט: יעזוס איז משיח!

מ׳קען זיך פאָרשטעלן דאָס האַרץ פון דער עדה, ווען דער קעניג קומט אין זייער שול און גיט אַ קעניגלעכן באַפעל, אַז יעזוס איז משיח — אין דרייצנטן יאָרהונדערט, אין דער געדיכטער פינצטער־ניש פון מיטלאַלטער! דאָס לעבן פון דער עדה איז געהאַנגען אויף אַ האָר.

פונדעסטוועגן האָט זיך אויפגעשטעלט דער רמב״ן און האָט דערקלערט:

— אדוני מלך! דו ביסט טאַקע אַ גרויסער קעניג, אַ קלוגער קעניג און דו רעדסט אַ סך געהויבענע רייד, אָבער אַז ישו איז משיח — דאָס ניט! ישו איז דאָך געווען אין אונדזער לאַנד, ער אַליין האָט גע־בראַכט ראיות פאַר אונדזערע אָבות אין יענער צייט, אַז ער איז גאָט, און זיי האָבן אים אין די אויגן אָפּגעלייקנט און אים ניט געגלויבט. און אויב ער איז טאַקע געווען גאָט, ווי איר זאָגט, האָט ער דאָך בעסער ווי איר געקענט באַווייזן זיינע טענות. און אויב זיי האָבן אים ניט געגלויבט, ווען ער האָט נאָך געלעבט צווישן זיי, טאָ ווי אַזוי זאָלן מיר גלויבן און פאָלגן דעם קעניג, וואָס ווייסט גאָרניט פון דער זאַך, אויסער וואָס ער האָט געהערט ווייטע קלאַנגען פון מענטשן, וואָס האָבן אים ניט געזען און זיינען ניט געווען אין זיין לאַנד אַזוי ווי אונדזערע עלטערן, וועלכע זיינען געווען לעבעדיקע עדות פון דער זאַך?

איך ווייס ניט צי אַש, ווען ער וואָלט זיך פּלוצלינג געווען דערזען פאַר ניקאָלאַי דעם צווייטן, וואָלט געהאַט דעם מוט אַזוי אַרויסצוטרעטן. מעגלעך, אַז עס וואָלט מיט אים געשען דאָס וואָס מיטן באַרימטן זינגער פיאָדאָר שאַליאַפּין, וועלכער האָט געהערט צו דער רעוואָלוציאָנע־רער באַוועגונג אין רוסלאַנד, נאָר איינמאָל, דערזעענדיק דעם צאַר

אומגעריכט אין טעאַטער, האָט ער זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די קני און געמומען זינגען „באָזשע צאַריאַ כראַני". נאָר אויב דער רמב"ן האָט זיך ניט דערשראָקן פאַרן שפּאַנישן קעניג, זאָלן מיר זיך דער־שרעקן פאַר שלום אַשן? און אויב דער רמב"ן האָט געוואָגט אַזוי צו רעדן אין דרייצנטן יאָרהונדערט, זאָלן מיר ניט וואַגן אין צוואַנ־ציקסטן?

אונדזער הייליקער ניין! וועט ניט אַנטשוויגן ווערן, און וועט ניט איינגעשראָקן ווערן...

די פראַגע וואָס דער רמב"ן האָט געשטעלט דעם שפּאַנישן קעניג איז אויך די ערשטע גוטע פראַגע צו שטעלן שלום אַשן. פאַרוואָס טאַקע, דענקט שלום אַש, האָבן אונדזערע אָבות פון אַמאָל צוריק־געוויזן יעזוסן און זיין לערע? זיי האָבן אים געזען, אים געהערט, געפירט וויכוחים מיט אים, — פאַרוואָס האָבן זיי מיט אַזאַ ביטערער אַנטשלאָסנקייט אים אָוועקגעשטויסן?

נון, איז דער ענטפער גאָר אַ מאָדנער: אַש האַלט גאָר ניט, אַז אונדזערע אָבות פון יעזוסעס צייטן האָבן אים צוריקגעוויזן. אדרבא ואדרבא, ער האַלט, אַז זיי האָבן אים אָנגענומען מיטביידע הענט, מיט גרויס ליבשאַפט, מיט געטלעכער באַוואונדערונג און מיט טיפער אמונה. יעדער זייטל פון אַשס בוך איז פול מיט שילדערונג ווי אַזוי דאָס גאַנצע אידישע לאַנד האָט געקאָכט מיט יעזוסן, ווי אַזוי דאָס גאַנצע פאָלק האָט זיך געצויגן צו אים, ווי אַזוי די גרויסע אידישע מאַסן פון עק לאַנד ביז עק לאַנד זיינען אים נאָכגעלאָפן, געקושט זיינע טריט און זיך געקוויקט מיט זיינע לערעס. און ניט נאָר די ברייטע פאָלקסמאַסן, נאָר אַ סך לומדים אויך.

נאָר וואָס דען, די קאָרופּטע פאַמיליע פון דעם כהן גדול — זי האָט אים ניט געוואָלט; זי האָט אים פאַרשטויסן, און זי האָט לסוף אים פאַרמשפּט און אויסגעליפערט צו די רוימער, זיי זאָלן אים היגריכטן. פאַרוואָס? ווייל ער איז געווען אַ סכנה פאַר זייער קאָרופּ־טער הערשאַפט, פאַר זייער עקספּלואַטאַציע פון די אָרעמע אידישע מאַסן.

דאָס איז דער פונדאַמענט, אויף וועלכן אַשס בוך איז אויפגעבויט.

קומט אַזויערנאָך אויס, אַז דאָס וואָס צוויי טויזנט יאָר נאָכאַנאַנד האָבן אומציילינקע אידישע דורות זיך געלאָזט ברענען און בראָטן און ניט געוואָלט אָננעמען דאָס קריסטנטום, איז געווען ניט צוליב רעלי־גיעזע, טעאָלאָגישע און פילאָזאָפישע אָנשויאונגען; ניט צוליב דער תורה, די נביאים און דער גמרא, נאָר צוליב דעם וואָס אַ קאָרופּטע

געזינדל כהנים האָבן זיי אַמאָל אַרויפגעפירט אויף אַ פאַלשן אַנטי־קריסטלעכן וועג.

צוויי טויזנט יאָר אידישע דורות, און מיר צווישן זיי, זיינען אַלזאָ נאָר די נאַרישע קרבנות פון אַ זינדיקער, פאַרברעכערישער כהנים־באַנדע, וואָס האָט נאָר געזוכט צו פאַרהיטן אירע אומריינע ריוחים.

אַז דאָס איז ביזן טיפסטן גרונט פאַלש און עם־הארצותדיק, איז איבעריק צו זאָגן. גענוג נאָר צו זאָגן, אַז קיין ערלעכער קריסטלעכער פאָרשער און קיין פאַרשטענדיקער קריסטלעכער גלויביקער האָט נאָך קיינמאָל ניט געהאַט אַזאַ נאַרישע, אַזאַ באַליידיקנדע השגה וועגן דער אידישער שטעלונג צו יעזוסן, ווי שלום אַש האָט דאָ געשאַפן. דאָס הייסט פשוט גענומען דאָס גרעסטע פּראָבלעם אין דער וועלט, די גרעסטע טראַגעדיע פון אַלע צייטן, דעם גרעסטן קאַמף אין דער געשיכטע, דעם קאַמף צווישן אידנטום און קריסטנטום, און עס אַרונטערגעפירט צו אַ מין קרימינעלער נאַרישקייט, צו עפּעס אַ בייזן, וויסטן חלום.

פונקט אַזוי פאַנטאַסטיש איז אַשס איינשטעלונג בנוגע די חכמים און פירער פון די פּרושים. זיי האָבן, לויט אים, אָפּגעשטויסן דעם נוצרי נאָר צוליב לומדישער גאווה, און, אַזוי ווי די כהנים, צוליב זייער מאַכט איבערן פאָלק, וואָס ישו האָט באַדראָט מיט זיין לערע. און אַזוי ווי ס'איז היסטאָריש ניט ריכטיק די גרויסע באַגייסטערונג וואָס ער שילדערט ביים פאָלק בנוגע דעם נוצרי, אַזוי איז היסטאָריש פאַלש דער שאַרפער אַנטאַגאניזם וואָס ער שילדערט ביי דעמזעלבן פאָלק בנוגע די חכמים און פּרושים. ס'איז פונקט דער היפך. דאָס פאָלק האָט זיך אָפּגעקערט פון דער כהונה און פון מלכות, וואָס זיינען ביידע קאָרופּטירט געוואָרן דורך דער רוימישער מאַכט, און האָט זיין גאַנצע ליבשאַפט אָפּגעגעבן די טרעגער און היטער פון דער תורה.

שלום אַש האָט ניט געמאַכט קיין אונטערשייד צווישן זיין ישו־ראָמאַן און יעדער געוויינלעכן ראָמאַן וואָס ער האָט געשריבן. אַזוי ווי דאָרט, אַזוי האָט ער דאָ געגעבן זיין פאַנטאַזיע פרייען לויף. נאָר מ'קען אויסטראַכטן וואָס מען וויל אין אַ מעשה פון דמיון, און מ'קען געבן וועלכע טענדענץ מען וויל צו אַן אייגענער טעמע, אָבער מען קען נישט צוטראַכטן קיין פאַקטן און נאָכגיין אייגענע קאַפּריזן אין אַ וועלט־היסטאָרישער טעמע, וואו יעדער שטיינדעלע איז שוין פיל מאָל איבערגעציילט געוואָרן, און וואו אויף יעדער זילבע און אות זיינען

אָנגעהאַנגען געוואָרן תלי תלים פון טייטשן און באַדייטונגען, וואָס יעדערער פון זיי איז אַליין געוואָרן וועלט־היסטאָריש.

עס איז דאָ גאַנץ ערנסט אָפּצופרעגן, צי אַזאַ ענין ווי ישו און דער קאַמף אַרום אים איז בכלל אַ טעמע פאַר בעלעטריסטישער באַהאַנדלונג. אַ בעלעטריסט איז אַ פרייער פויגל. אַז ער וויל בויגט ער זיין שטאַף אַהער, און אַז ער וויל בויגט ער זיין דמיון אַהין. דאָ וואַרפט ער מער ליכט, און דאָרט מער שאָטן. אָבער מער שאָטן אָדער מער ליכט אויף אַ געוויסן פונקט אין אַזאַ טעמע פון העכסטע ווערטן ווי אידנטום־קריסטנטום, קען ערגעצוואו אַמאָל זיין פאַר אַ מענטשן דער חילוק צווישן גלויבן און אומגלויבן, אָדער דער חילוק פון לעבן ביז טויט פאַר מאַסן מענטשן. פאַר אַ קוצו של יוד, בוכ־שטעבלעך פאַר אַ גריכישן קוצו של יוד, זיינען שוין אַמאָל אין קריסטנטום גרויסע שטרייטן געשטריטן געוואָרן און בלוטיקע מלחמות געפירט געוואָרן.

און אַלע זינדן, וואָס קענען נאָר געזינדיקט ווערן פון דעמדאָזיקן שטאַנדפּונקט אין דער טעמע ישו הנוצרי, האָט שלום אַש געזינדיקט. און אַלע דידאָזיקע זינד זיינען געוועזן לגבי די אידן. ער האָט זיך מיט זיין טעמע פאַרכלינעט. און עס איז ניט געוועזן קיין צאַם, וואָס האָט אים געקענט איינהאַלטן — ניט זיין מאַנגל אין אידישער קענט־שאַפט, ניט די נויטיקע אחריות צום אידישן כלל. ער האָט אַריבערגע־שטיגן די עוואַנגעליע גופא, וואָס איז דער איינציקער קוואַל פאַר דער ישו־געשיכטע. וואו די עוואַנגעליע זאָגט איינס, זאָגט אַש צען. וואו אין דער עוואַנגעליע איז אַ באַפאַרבונג גרוי, מאַכט זי אַש שוואַרץ. בייע געשעענישן האָט ער צוגעטראַכט, פון וועלכע די עוואַנגעליע ווייסט גאָר נישט.

ער באַנוצט אַלע ליטעראַרישע טריקס צו פאַרבלענדן און פאַר־שיכורן דעם לעזער אין דער טעמע ווי ער וויל זי זען, און געבן דער מעשה, וואָס איז פון אָנהויב ביזן סוף אַן אויבער־ראָמאַנטישע, אפשר גאָרנישט־קיין־געוועזענע, דעם שאַרפן טעם פון רעאַלער טאַט־זאַך. עס איז דאָ אַ טריק, וואָס איז גוט באַוואוסט צו בעלעטריסטן און צו ליגנער — און בעלעטריסטן זיינען דאָ אויך, אין אַ געוויסן זין, ליג־נער, און אַזוי האָט זיי פּלאַטאָן אָנגערופן. דער גוטער ליגנער, ווען ער דערציילט אַ ליגן, דערציילט ער אים מיט פיל פּרטים און גענויאי־קייטן, אַז איר קריגט דעם איינדרוק, אַז ס'איז אמת.

דעמדאָזיקן טריק באַנוצט אַש אין זיין ישו־בוך. אין תוך אַ גע־שיכטע פון אַן איבערנאַטירלעכער און אומנאַטירלעכער פאַנטאַסטיק, דערציילט ער זי מיט נאַטוראַליסטישער מעטאָדיק. פּרטים ווי זעמ־

דעלעך קליין, און אַזוי ווי זעמדעלעך פֿיל. ער שילדערט מיט גרויס געטרייאיקייט דאָס אידישע לאַנד, די בערג, די טאָלן, די טייכן, די פּלאַנצן און געוויקסן, די ריחות, די מענטשן, און ועל כולם דאָס געטועכץ אַרום ישו און דאָס געטועכץ פון ישון, און די געלאַפּן און די געפילדערן אַרום אים, מיט דער פאַרשיכורטקייט פון די מאַסן, מיט די ביטערע געמיינהייטן און אינטריגעס פון די כהנים און פּרושישע חכמים, אַלץ געטרי ווי ער וואָלט געווען דערביי, אויף גאַנצע זיבן הונדערט זייטן, ביז דער לעזער ווערט פאַרטשאַדעט אין אַ גלויבן און אַן אָננעמען פון דער פאַנטאַזיע פאַר אַ ווירקלעכקייט.

נון מילא, די שטעט און די בערג און די טאָלן און די טייכן זיינען „היסטאָריש" ריכטיק. און אַז אין ארץ ישראל איז דעמאָלט געגאַנגען רעגן און ס'איז געוואָקסן גראָז און עס האָבן געשיינט די זון בייטאָג און די לבנה ביינאַכט — און ניט פאַרקערט — קען מען נאָך שלום אַשן אויך גלויבן. אָבער אַז אַלע אידן זיינען ממש אויסגעגאַנגען נאָך ישון און זיין לערע און זיינען געווען פּיקס און פאַרטיק „אויס־צובייטן דאָס רענדל", אָדער אַז די לערע פון די חכמים און זייערע טאַוונגען — וואָס דאָס מיינט דאָס אידנטום — זיינען געווען אַזוי פאַר־האַסט ביים זעלבן פאָלק, ווי אַש שטעלט עס פאָר, דאָס אַלץ איז נאָר אַ שפּיל פון דער בעלעטריסטישער פאַנטאַזיע.

איז ווען עס לייענען דאָס אידן, וואָס קענען זיך אויס אין דעם ענין, לאַכן זיי זיך אויס דאָס גרויסע געלעכטער. אָבער ווען עס לייענען דאָס נאַאיווע אינגלעך און מיידלעך, וואָס ווייסן גאָרנישט און זיינען גאָר פאַרנאַרט געוואָרן אין דעם בוך מיינענדיק אַז ס'איז אַ „ראָמאַן", זיי ווערן פאַרפירט און פאַרנאַרישט, און ווערן אָנגעלאָדן מיט נייע פאָראורטיילן און נייע האַסן צו אידן. און ווען דאָס זיינען אידישע אינגלעך און מיידלעך, וואָס האָבן קיין רעכטע אידישע דער־ציאונג ניט געקראָגן, מוזן זיי דערגיין צו אַ געפאַלנקייט אין גייסט ביי זיך און צו אַ מינדערונג פון דער חשיבות פון זייער פאָלק אין זייערע אויגן. זיי מוזן טראַכטן: ס'איז געווען אַ היסטאָרישער טעות און אַ היסטאָרישע זינד, וואָס זייער פאָלק האָט אָפּגעשטויסן די התגלות פון ישון, נאָר צוליב אַ כנופיא פון כהנישע באַנדיטן און פאַרפלפולטע בעלי גאווהס חכמים. זיי מוזן זיך אַליין אויך פילן אַריינגעצויגן אין דעם גרויסן געפלעכט פון דער זינד און דער שטראָף פאַר דער זינד, ווי די קריסטלעכע וועלט זעט עס און שלום אַש שילדערט עס. וואָרום דאָס בוך איז איין גרויסער, בלוטיקער געשריי: זעט ווי שווער פאַרבראָכן אידן האָבן קעגן ישון . . .

און אַזאַ געפלעפּטע אידישע יוגנט איז עלול צו פרעגן:

און פאַרוואָס זאָלן מיר ניט היינט דעם טעות פאַרריכטן?
די קלויסטערס זיינען אָפן, און די קריסטן שטייען און וואַרטן מיט אָפענע אָרעמס...
אָט דערפאַר איז דאָסדאָזיקע בוך אַזאַ טויטלעכע זינד קעגן אידישן פאָלק.

2

## גלגולים

שלום אַש׳ס „מאַן פון נצרת" הויבט זיך אָן מיט אַ חסר־דעה־דיקן פוילישן „פּראָפעסאָר" אין וואַרשע, וואָס הייסט פאַן וויאַדאָמסקי. דער נאָמען איז מיט אַן אָנצוהערעניש: וויאַדאָמסקי — דער וויסער, דער דענקער. ער איז דער גורם פון דער מעשה און איז דער הויפּט העלד, אַרום וועלכן עס דרייט זיך אַ גוטע העלפט, די ערשטע, פון דעם ווערק. פאַן וויאַדאָמסקי איז אַ טשיקאַווער מענטש. ער איז קודם אַ פייערדיקער אַנטיסעמיט, כאָטש ניט דערמיט איז ער טשיקאַווע, ווייל פאַר אַ פּאָליאַק איז עס פון שטענדיק אָן געווען אַ גאַנץ נאַר־מאַלע זאַך. ער איז אַ קענער און אַ גריבלער אין די קלאַסישע שפּראַכן, און איז אין דער געבילדעטער וועלט באַוואוסט ווי אַ קור־ריעזער פאַרשוין, וואָס שפּרינגט אָפּט אַרויס מיט סענסאַציאָנעלע, האַלב־משוגענע אַנטדעקונגען אין די אַנטיקע קולטורן פון די גריכן און רוימער. ער איז פון יענע בוך־ווערים, וואָס וואַלגערן זיך אין די שטויבן פון אַלטע בוכהאַנדלונגען און וואָס יאָגן זיך נאָך אַלטע, פאַרגעסענע ביכער און אַלטע, אומבאַקאַנטע כתבי יד. ער פאַרפאַסט אַנטיסעמיטישע ווערק און פירט אָן אַנטיסעמיטישע קאַבאַלן.

צי צוליב זיין קריסטלעכקייט, צי צוליב זיין אַנטיסעמיטיזם, נאָר יעדנפאַלס ער איז אַ פאַרקאָכטער גריבלער אין דער געשיכטע פון קריסטנטום. און פון זיינע האַלב־משוגענע שטודיען אין דער רוימי־שער קולטור און אין דער געשיכטע פון ערשטן קריסטנטום, האָט זיך ביי אים אויסגעאַרבעט אַ קאָמפּלעקס, אַז ער האָט שוין אַמאָל געלעבט אויף דער וועלט, אין אַ פריערדיקן גלגול, און אַז אין יענעם גלגול איז ער געווען אַ רוימער. און געלעבט האָט ער אין דער צייט ווען ישו האָט געווירקט און איז נתגלה געוואָרן. און ער איז דעמאָלט געווען אין ארץ ישראל אַ רוימישער באַאַמטער, אַ העגעמאָן. זיין נאָמען אַלס רוימער איז געווען קאָרנעליוס. און ער האָט דירעקט דורכ־געלעבט די גאַנצע מעשה מיט ישו, פון זיין אויפקומען ביז זיין קריי־

ציקונג, ער האָט אַליין געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע אַרום ישון, און ער האָט אַלץ געהערט און אַלץ געזען, און ער געדענקט אַלץ. און אין אָפּטע מאָמענטן פאַרגייט אין הינטערגרונט און פאַרגעסנקייט זיין הייניטיקער איך, דער וואַרשעווער פאַליאַק וויאַדאָמסקי, און עס טרעט אַרויס פון דעם אונטערבאַוואוסטזיין צו דער אויבערפלאַך דער גלגול פון אַמאָל. דעמאָלט ווערט ער דער רוימער קאָרנעליוס, און זיין באַליבטער געשפּרעך אין די דאָזיקע אָנפאַלן איז ארץ ישראל, און דער נוצרי, און אַלץ וואָס האָט זיך דעמאָלט דאָרט פאַרלאָפן.

דער דאָזיקער פאַן וויאַדאָמסקי, זיך גראָבנדיק אין די מיסטן ביי אַן אַלטן אידן אין אַ קראָם פון אַלטוואַרג, האָט געפונען עפּעס אַ געהיימניספולן העברעאישן כתב יד פון אַלטע צייטן, און נישט קענענדיק קיין העברעאיש האָט ער געזוכט אַ לערער. מען האָט אים רעקאָמענדירט שלום אַשן. און אַזוי האָבן זיך זייערע וועגן באַגעגנט.

אַש ווערט פאַרכאַפּט פון די מעשות, וואָס פאַן וויאַדאָמסקי דער־ציילט אים ווען ער פאַלט צוריק אין זיין רוימישן גלגול, און אַש דערציילט איבער די מעשות — און אַזוי הערן מיר ישוס געשיכטע אין דעם „מאַן פון נצרת". נאָר ביסלעכווייז, אונטער וויאַדאָמסקיס השפעה, ווערט אַש אויך באַזעסן פון דער אילוזיע, אַז ער איז אַ גלגול פון אַן אַמאָליקן שלום אַש, וואָס האָט אויך געלעבט אין ארץ ישראל אין דער אייגענער צייט, און ער האָט אויך מיטגעמאַכט די גאַנצע ישו־אַפּערע. יוחנן האָט ער דעמאָלט געהייסן. און ער דערציילט אויך וואָס ער געדענקט פון יענער צייט. און אַזוי קריגן מיר די ישו־געשיכטע איבערדערציילט אַ צווייט מאָל אין אַשס ראָמאַן „דער מאַן פון נצרת".

און ווען זיי ביידע, נאָך שווערער מי, דעשיפרירן דעם געפונע־נעם כתב יד, ווייזט זיך אַרויס, אַז דאָס איז די אַרבעט פון ישוס אַפּאָסטאָל, דעם פאַררעטערישן יהודה איש־קריות (יודאס איסקאַריאָט), וועלכער דערציילט, וואָס ער האָט מיטגעמאַכט אין זיין גאַנג מיט ישון. שלום אַש גיט איבער דעם כתב יד, און אַזוי ווערט צום דריטן מאָל דערציילט כמעט דיזעלבע געשיכטע פון ישו אין אַשס „דער מאַן פון נצרת".

מיר וועלן זיך ניט אָפּשטעלן אויף דער טעכנישער און קינסט־לערישער זייט פון דערדאָזיקער האַמעטנער סכעמע מיט די גלגולים. דאָס אינטערעסירט אונדז גאַנץ ווייניק. עס איז אָבער נויטיק זיך אָפּצושטעלן אויף איר סימבאָלישער זייט. עס דאַרף זיין אַ „טיפער" מיין מיט די גלגולים. מיר האָבן דאָ דעם ערשטןביישפּיל פון אַשס דרך אין זיינע קריסטלעכע ווערק, צו נעמען פון דער אידישער שאַל

פון דער וואָג און אַריבערלייגן אויף דער קריסטלעכער. שײַנקייטן פון אידנטום, געדאַנקען, סימבאָלן, אגדתאס, מדרשים, משלים, פון וועלכע דאָס קריסטנטום האָט פריער נישט געאַנט און נישט געדאַכט, נעמט ער און פלעכט אַרײַן אין דער קריסטלעכער טעמע. און די קריסטלעכע לעזער מיינען, אַז דאָס זיינען זיינע אָריגינעלע דיכטונגען און אויסטראַכטענישן, און באַוואונדערן זיין גרויסקייט אַלס קינסטלער, אַלס דענקער, און אַלס געלערטער. מען האָט שוין אָפט געקענט לייענען ביי זייערע קריטיקער, אַז שלום אַש איז דער „גרעסטער געלערטער אין אידנטום" („היברו סקאָלער") פון אונדזער צייט.

ביי אידן איז דאָ אַ טראַדיציע, אַז אַלע אידישע נשמות פון אַלע צייטן זיינען געשטאַנען ביים באַרג סיני בשעת מתן תורה, אַ סימבאָל אַז יעדער איד האָט אַ חלק אין דער תורה און טראָגט אחריות פאַר איר און אירע געבאָטן.

„ניט מיט אייך אַליין — זאָגט משה צו די אידן — פאַרשנייד איך דאָסדאָזיקע ברית און די דאָזיקע שבועה, נייערט מיט אים וואָס איז פאַראַן דאָ מיט אונדז שטייענדיק היינט פאַר גאָט אונדזער גאָט, און וואָס איז נישט פאַראַן מיט אונדז דאָ היינט" (דברים כט, יג, יד).

אָט די שיינע טראַדיציע האָט עס שלום אַש אַריבערגעטראָגן אויף ישון. כאָטש אַש, הייסט עס, לעבט „היינט", און איז אַ „היגער", אַ וואַרשעווער, פונדעסטוועגן פילט ער, אַז זיין נשמה איז געווען ביי דער קרייציקונג, „דאָרט", און ער האָט זיין חלק אין דער טראַגישער געשיכטע, און ער טראָגט אחריות פאַר איר און איז שולדיק זיין חוב דעריין. דאָס דאַרף זיין אַ „סימבאָל", אַז יעדער מענטש, איד צי גוי, די אַשס אַזוי ווי די וויאַדאָמסקיס, זיינען אין זייער נשמה געווען „דאָרט" ביים קרייץ און טראָגן אחריות פאַר אים, און האָבן אַ שולד גוטצומאַכן.

די האַנדלונג פון דעם בוך קומט פאָר אין צוויי וועלטן מיט־אַמאָל און אין צוויי צייטן מיטאַמאָל. די ערטער: וואַרשע און ארץ ישראל, די צייטן: היינט און דעמאָלט. דאָס גאַנצע בוך איז אַ מין הין־הער און אַרויף־אַראָפּ: אָט איז מען אין וואַרשע, און אָט איז מען אין דעם פאַרצייטיקן ירושלים. אָט איז עס שלום אַש, וואָס גייט און שטייט מיט פאַן וויאַדאָמסקי, און אָט איז עס יוחנן וואָס האַוועט און שמייעט מיט הגמון קאָרנעליוס. אָט איז מען אויף דער וועלט, און אָט איז מען גאָר אין אַנדערע וועלטן, וואו הימלישע זאַכן שפּילן זיך אָפּ. דער סימבאָל שפּינט זיך ווייטער: די ישו־גע־

שעעניש איז אַ געשעעניש פון אַלע ערטער פאַר אַלע ערטער, און פון אַלע צייטן פאַר אַלע צייטן.

נאָר דער פּאַן וויאַדאָמסקי, ווי געזאָגט, איז אַן אַנטיסעמיט דורכגעברעכט ביזן מאַרך פון זיינע ביינער. יעדער באַמערקונג זיינע וועגן אידן איז אָפּגעטונקט און אויסגעווייקט אין גיפּט. ער איז, קען מען זאָגן, אַ צוויי־עטאַזשיקער אַנטיסעמיט. וואָרום אַן אַנטיסעמיט איז ער איןביידע גלגולים, אַלס פּאָליאַק און אַלס רוימער. בשעת ער איז אַ פּוילישער פּאַן פלייצט פון אים דער גאַנצער גיפּט פון אַ פּוילישן שונא ישראל, און בשעת ער איז דער גלגול פון דעם רוימישן העגעמאָן שפּריצט ער אויף די אידן די אַנטיסעמיטישע טענות פון די אַמאָליקע רוימער. אַזוי אַז אין סך הכל איז אַשס „דער מאַן פון נצרת" אַן אמתע ענציקלאָפּעדיע פון אַנטיסעמיטיזם, מאָדערנעם און אַנטיקן. גלייך פון ערשטן זייטל פונם ווערק הויבט זיך עס שוין אָן. איר הערט דאָרט די גוט־באַקאַנטע טענות, אַז אידן זיינען ווי זלידנע פליגן, קריכער, טומלער, פאַרכאַפּער, פאַרדאַרבער פון דער מאָראַל פון די פעלקער צווישן וועלכע זיי קומען. עס פעלט דאָרט נישט פון פויגל־מילך: פון דעם עלילת דם ביז דעם חנעוודיקן זאָגעלע, אַז פון די פּוילישע אידן שטינקט מיט ציבעלע און קנאָבל...

כאָטש אין דער צייט, ווען שלום אַש האָט מזכה געווען די וועלט מיט זיין ישו־ווערק, האָט זיך שוין פון די פּוילישע אידן געטראָגן דער ריח פון ברענענדיקן פלייש!...

און דאָס ברענגט אונדז צו איינער פון די קאַרדינאַלע פראַגן אַרום אַשס ערשטן קריסטלעכן ווערק: פאַרוואָס האָט אַש אויסגע־קליבן צו מאַכן דעם פּאַן וויאַדאָמסקי דווקא פאַר אַן אַנטיסעמיט, אַן אַנטיסעמיט אין ביידע גלגולים? פאַרוואָס איז עס אים געפעלן גע־וואָרן צו געבן זיין נוסח פון דער יעזוס־געשיכטע, און אידישער געשיכטע בכלל, דווקא דורכן מויל פון אַ ברענענדיקן שונא ישראל? אין דער לאָגיק פון דעם ווערק איז עס נישט געווען קיין מוז. עס האָט געקענט זייער גוט זיין אַן אוהב ישראל. סוף כל סוף זיי־נען געווען פּאָליאַקן אידן־פריינט אויך. און צווישן די רוימער זיינען אויך געווען אַן אַ שיעור פריינט און פאַרערער פון אידישן פאָלק און פון אידנטום. געווען פון זיי גרים, וואָס האָבן שפּעטער פאַרנומען אַ גרויס אָרט ביי אידן. פאַרוואָס האָט שלום אַש נישט אויסגעקליבן אַזאַ רוימער פאַרן אַמאָליקן גלגול פון פּאַן וויאַדאָמסקי, אָדער די נשמה פון אַן עליזאַ אָרזשעשקאָ פאַר זיין היינטיקן גלגול? עס וואָלט זיך דאָך בעסער צוזאַמענגעקלונגען מיטן הויפּט העלד און הויפּט עיקר און ציל פון דעם ווערק. עס איז דאָך נישט בלויז אַ דיסהאַר־

מאַניע, נאָר אַ שווערער אינערלעכער דעפעקט אין דעם ווערק, וואָס איז געקומען באַלערנען די וועלט אין דער התגלות פון דעם „גאָט פון ליבע", און גלייך דערביי, זייט ביי זייט, ווערט געשטעלט זיין פּרי, פּאַן וויאַדאָמסקי, דער סימבאָל פון דער שנאה צום פּאָלק, וואָס פון זיינע געדערים איז דער „גאָט פון ליבע" אַרויס. דאָ דער אויפ־שטייג און אָנזאָג, און גלייך דערביי דער טרויעריקער דורכפאַל!...

אָדער, אויב עס האָט שוין געמוזט זיין אַ שונא ישראל, פאַרוואָס האָט שלום אַש וויניקסטנס נישט אַריינגעפירט אַ קעגן־געשטאַלט צו אים? אַש שילדערט ווי אַזוי ער מיטן פּאַן וויאַדאָמסקי זיינען אויס־געקראָכן אַלע אידישע לעכער אין וואַרשע, די אָרימע שמוציקע גאַסן, די אידישע מאַרקן מיט די נעבעכדיקע קרעמלעך — אַלץ די „טונ־קעלע" זייטן פון אידישן לעבן: פאַרוואָס האָט ער קיינמאָל נישט גענומען זיין אַנטיסעמיטישן חבר, אין זיינע זוכענישן וועגן אידנטום און קריסטנטום, און אים נישט אַריינגעפירט צו עפּעס אַ רב אין וואַרשע? געווען דאָך דעמאָלט אין וואַרשע — אוי, געווען און מער נישטאָ! — רבנים, גאונים, גדולי תורה, און נישט דווקא רבנים, נאָר גלאַט שיינע אידן, לומדים און געלערטע, וואָס וואָלטן געהאַט עפּעס צו זאָגן אי אַשן אי וויאַדאָמסקין וועגן דעם ענין ישו, משיח און אידנטום. ישון טיטולירט אַש אין זיין ווערק „רבי": פאַרוואָס האָט ער נישט אַריינגעפירט אַ היינטיקן רב אָדער רבי, וואָס זאָל פאַרטרעטן דעם אידישן שטאַנדפּונקט וועגן קריסטנטום?

ווען עס באַגעגענען זיך אין אַשס בוך אַ רב און דער פּאַן וויאַ־דאָמסקי, און די צוויי שטרייטן וועגן אידנטום און קריסטנטום, דעמאָלט וואָלט עס געווען אַן ענין. ווען אַנטקעגן דעם שונא ישראל זאָל שטיין אַן אוהב ישראל און אָפּווערן זיינע גיפטיקע שלעג, וואָלט די ראָלע פון פּאַן וויאַדאָמסקי שוין געקענט רעכט ווערן. ווי עס איז, איז איד און אידנטום אין אַשס בוך אָן אַ פריינט און אָן אַ גואל, אָן אַ שיצער און אָן אַ סניגור, אויסגעליפערט צו הפקרות און עם הארצות, צו שאַנד און צו שפּאָט.

די הויפּט־סיבות פון דעמדאָזיקן איינשטעל זיינען צוויי. איינע אַ נענטערע און שמעלערע, די אַנדערע אַ וויטערע און ברייטערע. די ערשטע איז: ווען אַ אידישער שרייבער הויבט אָן וואַרפן אויגלעך נאָך אָנערקענונג ביי די גויים, איז שוין כמעט אַ כלל גדול, אַז ער הויבט אָן מיט רייסן פּאַסן פון אידן. ער האַלט עס פאַרן בעסטן מיטל צו פּאָפּולאַריטעט. גויים האָבן אַ באַזונדערע הנאה צו זען, ווי אַ איד „קאַטעוועט" זיינע אייגענע ברידער.

די צווייטע דערקלערונג איז, אַז ווען איינער גייט אַריין דורכן

קריסטלעכן טויער פון איין זייט, קומט ער אָפּט אַרויס דורכן אַנטי־סעמיטישן טויער פון דער אַנדערער זייט...

ווייל דאָס קריסטנטום האָט זיך אַליין פאַרמשפּט אויף פּיינט־שאַפט צום אידנטום. די קריסטלעכע אמונה איז אַרויסגעוואַקסן פון דער אידישער, אָבער זי איז נישט געוועזן ווי אַ שטענגל, וואָס ווערט אָפּגעשניטן פון אַ בוים און ווערט פאַרפלאַנצט אין אַ באַזונדער אָרט און וואַקסט אויס אַ בוים פאַר זיך, וואָס פירט אַן אייגענע עקזיס־טענץ. ניין, קריסטנטום האַלט, אַז דאָס אידנטום איז געוועזן דער קערן, פון וועלכן ער איז אַרויסגעוואַקסן אַזוי ווי אַ דעמב, וואָס וואַקסט אויס פון דעם דעמבנוס, אָדער זשאָליד. און די זשאָליד מוז פאַר־שווינדן אין דעם וואַקסן פון דעם דעמב.

קריסטנטום האָט זיך געשטעלט אין אָפּאָזיציע צום אידנטום און ווייל ניט אַנדערש ווי זען זיין סוף. און אידנטום באַטראַכט דאָס קריסטנטום נאָר ווי אַן עטאַפּ אין דעם לאַנגן מאַרש פון דער מענטש־הייט צום אידנטום, אין דעם גאַנג פון דער וועלט צום טאָג, צום „ביום ההוא", ווען „יהיה ה' אחד ושמו אחד"...

און דאָס איז דער קריג צווישן די צוויי. און דאָס קריסטנטום זאָגט, אַז די לאַנגע און שווערע ליידנס־געשיכטע פון אידישן פאָלק קומט צו אים ווי אַ שטראָף פאַר זיין זינד אין נישט אָנערקענען און זיך נישט בויגן פאַר ישו.

און מיט דעמדאָזיקן אַנטי־אידישן צוגאַנג האָט שלום אַש אָנ־געהויבן זיין „מאַן פון נצרת".

אָן אַ שיעור איז די פאַראַכטונג וואָס ווערט אין דעם ווערק אויסגעגאָסן אויף אידישע קעפּ דורכן מויל פון דעם פאַן וויאַדאָמסקי און זיין גלגול העגעמאָן קאָרנעליוס, ביז ביים לעזער מוז זיך ניט־ווילנדיק שטעלן די פראַגע: צו וואָס האָט עס דער אויבערשטער געדאַרפט אויסקלייבן דאָסדאָזיקע מיאוסע פאָלק, אָט די פאַראַכטלעכע אידישע אומה, דווקא דורך איר זיך צו אַנטפּלעקן צו דער מענטש־הייט, דורך אַזאַ אומריינעם קאַנאַל לאָזן פליסן די לויטערע וואַסערן פון גאולה? איך וועל די אַנטיסעמיטישע אויסערונגען דאָ נישט איבערחזרן, כדי נישט צו העלפן דעם טייוול אין זיין אַרבעט. איך וועל נאָר דערמאָנען זייערע שפּיצן, איינס פון קאָרנעליוס און איינס פון וויאַדאָמסקי.

קאָרנעליוס איז רוימישער העגעמאָן אין אידישן לאַנד. ער שאַל־טעט און וואַלטעט איבערן פאָלק און מיטן פאָלק, אין אַלע זיינע שיכטן: גרויס און קליין, אָרים און רייך, פּראָסטאַק און אַריסטאָקראַט, נאַר און חכם, עם הארץ און למדן. קעגנאיבער זיי אַלעמען בלייבט

ער דער שטאָלצער רוימער, און פאַר אידן האָט ער נאָר פאַראַכטונג. נאָר אָט קומט ער פּנים אל פּנים מיט ישון, און ער זאָגט:

„איך בין צוגעגאַנגען צו אים און האָב צום ערשטן מאָל זיך פאַרבויגט פאַר אַ איד... צום ערשטן מאָל נישט אויסגעהאַלטן דעם בליק פון אַ אידישן מאַן, און האָב געמוזט אַראָפּבויגן מיין קאָפּ צו דער ערד" („דער מאַן פון נצרת", ז. 176, צווייטע אויפלאַגע).

דער טייטש דערפון איז: אין ישו האָט דאָס אידישע פאָלק דער־גרייכט צו זיין העכסטער פולקאָמענקייט, און ערשט אין אים האָט עס זוכה געווען צום דרך ארץ פון די אַנדערע פעלקער.

ישו איז די „אידישע" עליה...

און אין דעם צווייטן „שפּיץ" שפּילט אויס שלום אַש די היס־טאָרישע קירכלעכע טענדענץ צו ווייזן אידן נאָר אין געפאַלנקייט. עס איז אַ סצענע אויפן אידישן מאַרק אין וואַרשע. ס'איז ערב פּסח, און ס'איז אַ הו־האַ און אַ געפּילדער מיטן איינקויפן אויף פּסח. שלום אַש און פאַן וויאַדאָמסקי זיינען דאָ און זיי קוקן אָן די סצענע. און פאַן וויאַדאָמסקי דערמאָנט זיך אָן אידן אַמאָל אין ארץ ישראל, אויך ערב פּסח, „דאָרט און דעמאָלט", אין די טעג פון ישו. און ער רופט אויס „פּאַטעטיש":

„ישראל, ישראל, וואָס איז געוואָרן פון דיר?! — שוסטער, הענד־לער, מעקלער, האַנדל, האַנדל — דאָס איז געוואָרן פון דיר, ישראל! הענדלער מיט אַלטע הויזן, מיט זשאַווערדיק אייזן, אין די רינשטאָקן זיצן זיי, אין שמוציקן, צעלאָזענעם שניי פון אַ פרעמדער, באַרבאַ־רישער שטאָט, די יוחננס, די שמעונס, די יהודהס, די יעקבס, די יוספס... זעען זיי דען נישט זייער אייגן פּנים? הערן זיי דען נישט זייער אייגענע שטים? ישראל, וואָס איז געוואָרן פון דיר?" (דאָרט זייט 373).

און אַ גאַנצער, אַ לאַנגער פּזמון גייט דאָרט אַוועק אין דעמזעלבן זין. קיין אויסדרוקן פון אידישער שיינקייט און גרויסקייט אין וואַרשע געפינט ניט שלום אַש צו ווייזן זיין קאָמפּאַניאָן. בלויז דאָס וואָס וויאַדאָמסקי האָט אָן אויסרייד צו פאַרדאַמען, און גאָרניט אַזעלכס מיט וואָס אַש האָט געקענט זיך איבערנעמען. וואַרשע, וואָס האָט אין משך פון הונדערטער יאָרן געגלאַנצט ווי אַ קרוין אויפן אידישן קאָפּ, אַן עיר ואם בישראל!...

וואָס ס'איז אַמאָל ביי אים געווען אַזוי שיין און ליב, האָט פאַר־לאָרן דעם גאַנצן חן אין זיינע אויגן.

ווייל שלום אַש האָט שוין געשריבן זיין בוך ווי אַן „אַנדערער", ווי אַן „אחר". ס'איז דאָ אַ טשיקאַווע שטעל אין דעם בוך, וואו פאַן

וויאַדאָמסקי כאַראַקטעריזירט אַשן. דאָס הייסט, אַש כאַראַקטעריזירט זיך אַליין דורך וויאַדאָמסקיס ליפּן:

„איך וויים, איך ווייס — זאָגט פאַן וויאַדאָמסקי צו אַשן — אַז דו און אַזעלכע ווי דו זיינען צו אינטעליגענט דערצו (צו נוצן קריסט־לעך בלוט אין די מצות), צו אַסימילירט"... (דאָרט, 372).

געציילטע, אָבער פּל באַדייטנדיקע ווערטער.

מיט זיי דערלויבט שלום אַש זיין העלד, דעם פּוילישן אַנטי־סעמיט, אים צו שטעלן באַזונדער פון אידישן כלל. אין אמתן האָט מען ניט געדאַרפט וואַרטן אויף פאַן וויאַדאָמסקיס כאַראַקטעריזירונג פון אַשן אַלס „אחר". עס האָבן ניט געפעלט קיין דייטלעכע סימנים פריער אויך. נאָך גאַנץ פרי אין זיין ליטעראַרישער קאַריערע האָט ער אויפגעריסן די אידישע עפנטלעכקייט מיט זיין אַרויסטריט קעגן ברית מילה. ווען ער איז אַרויס מיט זיינע דראַמען, „משיחס צייטן" און „גאָט פון נקמה", האָט י. ל. פּרץ שאַרף רעאַגירט אויף זייערע אַנטי־אידישע טענדענצן און האָט געשריבן, אַז אַש צאָלט „אַ חובל צום קריסטליכן עולם" און „אַ חובל צו יענעם צד איבער דער אי־דישער גרעניץ אַריבער"...

אַרום יענער צייט האָט אַש זיך געקליבן צו פאָרן דאָס ערשטע מאָל קיין ארץ ישראל, און פּרץ האָט דעמאָלט אויסגעדריקט די האָפע־נונג, אַז די באַרירונג מיטן אידישן לאַנד, דעם הייליקן מקור פון אידנטום, וועט אים אויסלייטערן פון זיינע גויאישע טענדענצן.

אָבער אַש, כמעט אַ האַלבן יאָרהונדערט שפּעטער, נאָכן דער־שיינען פון זיין „נאַזאַרין", האָט אַנטפּלעקט דעם סוד, אַז ערשט צוליב זיינע גויאישע טענדענצן איז ער דעמאָלט געפאָרן קיין ארץ ישראל (זע ווייטער, ז. 3־231).

און דורך די אַלע יאָרן האָט ער פונדעסטוועגן געשריבן אַ סך אידישלעכע ווערק. און אַזוי האָט זיך שלום אַש אַרויסגעשטעלט פאַר אַ מין „דר. יעקל און מר. האַיד". אין זיינע אידישע ווערק איז געלעגן פאַרשטעקט אַ גויאישער גנב.

און לסוף, ווען ער איז אַרויס אָפן מיט זיין גויאישקייט, איז עס ניט געווען „כמתוקנים שבהם", ווי יענע חסידי אומות העולם וואָס האָבן דערזען און מודה געווען אויף דער גרויסקייט און שיינקייט פן אידנטום, נאָר ער האָט זיך אויפגעחברט מיט אַן אַנטיסעמיט, און געגעבן אַ קאַריקאַטור פון אידנטום.

וועגן די ערשטע יאָרהונדערטן פון קריסטנטום ווערט דערציילט אין תלמוד:

ס'איז דאָ אַזאַ יום־טוב אין רוים, איינמאָל אין זיבעציק יאָר

נעמט מען אַ גאַנצן מענטשן און מ'זעצט אים אַרויף רייטנדיק אויף אַ לאָמען מענטשן. דער גאַנצער מענטש איז לגבי עשו, דער לאָמער איז לגבי יעקב. און דעם גאַנצן מענטשן קליידט מען אָן רייך, מיט דימענטן אויפן האַלדז און אויף די פיס, און מ'פירט זיי איבער די גאַסן און מ'רופט אויס:

„דער חשבון פון יעקב איז פאַלש. ער האָט אויסגענאַרט די ברכות ביי עשון, אָבער די ברכות זיינען אומגעקערט געוואָרן צוריק צו אונדז" (עבודה זרה י, ע"ב).

אָט אַזאַ „רוימישן יום־טוב" האָט שלום אַש אָפּגעפּראַוועט איבער אידן אין זיין ישו־בוך...

3

## „אַ אידישער געלערטער"

מיר האָבן שוין פריער געזען ווי אַזוי דער גורל האָט גורם געווען, אַז שלום אַש זאָל זיך באַגעגענען מיט פאַן וויאַדאָמסקי. ס'איז געווען דעם „מלאך פון העברעאיש" צו פאַרדאַנקען. דער פוילישער אַנטיסעמיט האָט אויף די עלטערע יאָרן זיך געוואָלט דערלערנען אַביסל די שפּראַך פון דעם תנ"ך, די טראַדיציאָנעלע שפּראַך פון אידנטום, כדי, ווי ער גיט אַליין אָנצוהערן, אַריינצודרינגען טיפער אין דער „קאָנספּיראַטיווער וועלט" פון אידישן פאָלק. און שלום אַש איז אים רעקאָמענדירט געוואָרן פאַר אַ קענער פון העברעאיש, פאַר אַ אידישן געלערטן, אָדער ווי עס הייסט אין ענגליש: „היברו סקאָלער". דאָס איז די ראָלע, וואָס שלום אַש האָט פאַר זיך אָנגעשריבן אין דעם „מאַן פון נצרת". און מערקווירדיק, דידאָזיקע „ראָלע" האָט געקראָגן פליגל, און מיט דער קאָלאָסאַלער פאַרשפּרייטונג פון דעם ווערק אין ענגליש האָט שלום אַש געקראָגן אין דער ענגלישער וועלט די רעפּוטאַציע פון אַ „היברו סקאָלער", און אַפילו „דהי גרעיטעסט ליווינג היברו סקאָלער", דער גרעסטער אידישער געלערטער פון זיין צייט...

עס איז דעם אַלגעמיינעם ענגליש רעדנדיקן עולם נישט צו פאַר־דענקען. דאָס איז אַן עולם, וואָס איז בדרך כלל נאָר אויבערפלעכלעך באַקאַנט מיט די יסודות פון קריסטנטום, און גאָר־גאָרנישט באַקאַנט מיטן אידנטום, ניט מיט זיינע יסודות און ניט מיט זיין איבערגעבײ. אין דעם „נאַזאַרין" איז ער אַריינגעפירט געוואָרן אי אין דער קריסט־לעכער טעמע, אי אין דער אידישער. איבערהויפּט די אידישע על־

מענטן פון דעם ווערק זיינען פאַר אים געווען אַן אַנטפּלקונג, און אין זיין נאַאיווער איבערראַשונג האָט ער געקרוינט דעם מחבר פאַר אַ גרויסן אידישן געלערטן.

פאַר גלויביקע קריסטן, און פאַר גלחים און מיסיאָנערן, וועלכע האָבן אַשס ישו־ווערק אויפגענומען מיט גרויס באַגייסטערונג, האָט גוט געלוינט צו כאַווען דידאַזיקע אילוזיע צוליב פאַרשטענדלעכע טעמים. פאַר זיי איז עס געווען אַ באַווייז פון דער וואָרהאַפטיקייט און דעם נצחון פון דער קריסטלעכער אמונה, ווען דער „גרעסטער אידישער שריפטשטעלער" און גלייכצייטיק דער „גרעסטער אידישער געלערטער", „גרעסטער קענער אין חכמת ישראל", און „אידישער דענקער", און ווי נאָך מ'האָט אים דאָרט געקרוינט, האָט זיך אַזוי טיף פאַרנויגט פאַרן נוצרי און זיין קריסטלעכער לערע. פאַר מיסיאָנערן איז עס גאָר געווען אַ גרויסער יום־טוב, און זיי האָבן געמאַכט „גוטע געשעפטן" צווישן דער אַמעריקאַנער אידישער יוגנט, וועלכע איז שטענדיק באַהערשט געווען פון רעליגיעזע בענקשאַפטן, נאָר קיין רעכטע דערציאונג אין אידישקייט האָט זי ניט דערהאַלטן.

און דאָ ווערן מיר געשטעלט פנים אל פנים מיט איינעם פון די מערקווירדיקסטע עפּיזאָדן אין דער גאַנצער געשיכטע פון דער ליטעראַטור.

עס איז זייער מאָדנע, אַז אַש זאָל זיך אָנגעבן אין זיינס אַ ווערק פאַר אַ „העברעאישן געלערטן" און זאָל זיך אויסשרייבן אַזאַ ראָלע און זאָל נעמען אויף זיך אַזאַ פונקציע. דאָס קען נאָר דערקלערט ווערן פּרווידיאַניש. דאָס שטאַמט געוויס נאָר פון אַ טיפן מינדער־ווערטיקייטס־געפיל. אין תוך איז דאָ אַש נאָר אַ לועג לרש לגבי זיך אַליין. וואָרום ניט נאָר איז ער נישט קיין „העברעאישער געלער־טער", נאָר ער גילט אין דער אידישער ליטעראַטור ממש פאַר אַן עם הארץ.

· דאָס האָט אַש געקענט נאָר אַ פּוילישן אַנטיסעמיט, דערנאָך אַ נאַאיוון ענגלישן עולם, איינשמועסן די באַיקע, אַז ער איז אַ „העב־רעאישער קענער". אָבער די „יודעי חן" ווייסן, און ווייסן עס זייער גענוי, אַז אפשר דאָס איינציקע העברעאישע וואָרט, וואָס מען איז זיכער, אַז ער קען ריכטיק אויסלייגן, איז דער שלום פון שלום אַש!...

און כדי עס זאָל ניט קלינגען צו פאַנטאַסטיש, און אומגלויבלעך, אַז שלום אַש קען גאָרניט קיין העברייאיש, און במילא וואָס אין העב־רייאיש, און במילא חכמת ישראל, וואָס איר היים איז דער עיקר העברייאיש, דאַרף דאָ, ווי ניט אָנגענעם דאָס זאָל ניט זיין, דערקלערט ווערן, אַז אַפילו אידיש, זיין מוטער־שפּראַך, דעם אינסטרומענט פון זיין שאַפן, קען ער אויך גאַנץ קנאַפּ.

שלום אַשס „קענטעניש‟, אין העברייאיש, אין אידיש און אין אַלע אַנדערע געביטן, זיינען אַ טרויעריקער שם דבר. דאָס איז לאַנג געווען, און געבליבן, אַן אָנגעווייטיגטער ענין אין דער אידישער ליטעראַרישער וועלט, און איז פיל מאָל עפנטלעך דיסקוטירט געוואָרן, פאַרן גאַנצן פאָלק צו הערן.

מיר האָבן דאָ אַ פאַל, ניט קיין זעלטנקייט אין דער ליטעראַטור, פון אַ קינסטלער, וואָס זיין טאַלאַנט איז געבליבן אַ רויער דימענט, וועלכן ער האָט פאַרפעלט אויסצושלייפן מיט די מיטל פון קולטור. אַזעלכע קינסטלער האָבן ניט זעלטן דערגרייכט גרויסע זאַכן כל זמן זיי זיינען געבליבן אין דער ספערע פון אינטואיטיוון שאַפן. אָבער די רעזולטאַטן מוזן זיין טרויעריקע ווען זיי זאָלן זיך נעמען, אַזוי ווי שלום אַש האָט געטאָן, און טונקען זייערע פעדערס אין טינטן פון אַ גאַנץ אַנדער מין ווי ריינע בעלעטריסטיק. דעמאָלט קענען זיי נאָר ברענגען שאָדן און אַ געפערלעכן בלבול המוחות צווישן נאַאיווע און פשוטע שיכטן פון פאָלק.

איך ברענג דאָ וואָס דער פירנדיקער קריטיקער פון דער אידישער ליטעראַטור, שמואל ניגער, האָט געשריבן וועגן אַשס קולטורלאָזיקייט. אין צוויי כעסיקע אַרטיקלען, געשריבן אין 1937 („טאָג‟, יוני 12 און 13), זאָגט ער צווישן אַנדערעס אַזוי:

„כ'זאָג עס, און זאָג מיט אַ כיוון פּראָסט און קלאָר און אָפן, אָן קיין שום צערעמאָניעס, אַז ביי אַשן זיינען דאָ צענדליקער און צענדליקער זאַצן, וועלכע האָבן ניט קיין טעם, קיין לייב און לעבן... אויסדרוקן און ווענדונגען, וועלכע שטימען ניט מיט קיין שום גראַמאַטיק”... וואָס דערציילט ער אונדז בבא־מעשות... האָט ער דען ניט געלייענט שוין אין דער ערשטער רעצענזיע פון בעל מחשבות, אין יאָר 1902, אַז ער, אַש, איז נאָך ניט אינגאַנצן ריין אין זיין שפּראַך? האָט ער דען דאָס ניט געלייענט אויף פּראָסט אידיש, און איז דען דאָס ניט געווען קיין אָנצוהערעניש אויף דער נויטיקייט צו באַזיצן עלעמענטאַר וויסן?”

און ש. ניגער נעמט דאָרט אויפן אָרט עטלעכע כאַראַקטעריסטישע זאַצן פון שלום אַשס ווערק און אַנאַליזירט זייער גראַמאַטיק און סינטאַקסיס, און קנעלט מיט אַשן ווי אַזוי די דאָזיקע זאַצן האָבן געדאַרפט זיין געשריבן. ער קנעלט מיט אים ממש אַזוי ווי אַ לערער מיט אַן אָנפאַנגער.

זיינע געדאַנקען, ווי שוין דערמאָנט, האָט ניגער אַרויסגעזאָגט אין 1937, און אין 1939 איז שוין דערשינען אַשס „נאַזאַרין‟, וואָס איז איבערגעזעצט געוואָרן אין ענגליש פון דעם אידישן כתב יד, און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַשס קאַריערע אַלס אַריינזאָגער און מכריע

אין דעם היסטאָרישן פּראָבלעם אידנטום־קריסטנטום, און זיין פּאַלש־מינציקער רום אַלס אידישער למדן ביי די גויים...

איצט, פאַר דער טרויעריקער אונטערהאַלטונג פון די וואָס פאַר־שטייען פיל־וויניק העברעאיש, וועל איך ברענגען עטלעכע מוסטערן פון אַשס העברעאישער וואוילקענעוודיקייט. (איך ציטיר פון דער צווייטער אויפלאַגע).

ער שרייבט:

„לא בחיל ולא בכח כי אם ברוח ה'" (ז. 125)) — פּאַלש ציטירט. עס שטייט: „לא בחיל ולא בכח כי אם ברוחי אָמר ה' צבאות" (זכריה ד, ו).

ער שרייבט:

„שנות רשעים תקצרנו" (ז. 127) — שלעכטע עלעמענטאַרע גראַ־מאַטיק. עס שטייט: „שנות רשעים תקצרנה" (משלי י, כז).

ער שרייבט:

„און נאָך שטייט געשריבן: „יצדיק ה' בכל דרכיו" (ז. 234) — פּאַלש ציטירט. עס שטייט: „צדיק ה' בכל דרכיו" (תהלים קמה, יז).

ער שרייבט:

„אַזוי ווי דער זינגער פון ישראל זאָגט: „צדיק באמונתו יחיה" (ז. 436) — פּאַלש: ניט דער זינגער פון ישראל, וואָס איז אַ טיטעל פאַר דוד המלך, זאָגט עס, נאָר דער נביא חבקוק (ב, ד).

ס'איז אַ סצענע שבת אין אַ שול און מען גיט ישון אַן עליה. און אַש שרייבט:

„דער סגן האָט אויסגערופן דעם רבינס (ישוס) נאָמען און האָט אים טיטולירט מיטן טיטל „רבן": „מורנו רבן ר' ישוע בן ר' יוסף מבוקש לעולה לתורה" (ז. 455) — דער „לעולה" איז דאָ אַ גרילצנדי־קער גרייז אין גראַמאַטיק. עס דאַרף זיין לעלות.

די דריי טיטלען: מורנו רבן ר', אינאיינעם, זיינען אַ האַמעטנע קאָמבינאַציע, וואָס איז ניט געהערט געוואָרן אין ערגעץ.

ער שרייבט:

„דאָס מיינט ער דעם בר־אנוש, דעם עתיק הימים, דעם וואָס ער האָלט זיך אויף מיט גאָט אין הימל פון איידער נאָך די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן" (ז. 458). דער־דאָזיקער זאַץ איז אַ מין „נח מיט זיבן גרייזן":

א) בר־אנוש מענטשן־זון, מענטש — די קאָמבינאַציע איז פרעמד. ער מיינט: בן־אנוש, אָדער בר־אינשא, אָדער בר־נש, אפשר בר־אדם.

ב) עתיק הימים — ניטאָ גאָר אַזאַ וואָרט. דאָס וואָרט איז עתיק יומין אָדער עתיק יומיא.

ג) עתיק יומין איז ניט דער נאָמען פון אַ מענטשן (משיחן), „וואָס האַלט זיך אויף מיט גאָט אין הימל פון איידער נאָך די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן", נאָר איז אַ נאָמען פון גאָט אַליין.

ד) אַז משיח איז געווען נאָך איידער די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן, איז ריין קריסטלעכע טעאָלאָגיע. אין דער אידישער מסורה איז נאָר דער נאָמען פון משיחן באַשאַפן געוואָרן איידער די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן (פסחים נד).

ניט אַש האָט געוואוסט די ווערטער, ניט ער האָט פאַרשטאַנען זייער באַדייט.

ווייטער געפינען מיר ביי אַשן:

„זיי טוען מעשי זמרה" (ז. 469) — פאַלש. עס דאַרף זיין: מעשה זמרי.

„עס שטייט אין פסוק: „כל הארץ מלאה כבודו" (ז. 475) — פאַלש ציטירט. דער פסוק איז: „מלא כל הארץ כבודו" (ישעיה ו, ג).

מ'קען זאָגן אָן אַ גוזמא: אין בית אשר אין שם מת, נישטאָ כמעט קיין גאַנצער פסוק אָדער מאמר ביי אים.

ווען אַש, אויפן דרך פון דעם נוצרי, באַזידלט דעם געבאָט פון דער תורה ניט אַריינצוטראָגן אין גאָטס הויז קיין „אתנן זונה", קיין גאָב פון אַ זונה — אויפן שטייגער פון די זנות־טעמפלען ביי די געצנדינער — ווייסט ער נישט פון „אתנן", און ער רעדט פון „מתנת זונה" (ז. 476). אויף צוויי ערטער אַזוי.

ביים משפט איבער ישון אין דעם סנהדרין, פון וועלכן עס וועט נאָך גערעדט ווערן שפּעטער, ווען עס ווערן אויסגעפרעגט די עדות, פאָדערט ישוס סניגור, איינער פונם סנהדרין, מ'זאָל זיך דאָ פירן לויטן געבאָט פון דער תורה, אַז ניט ווייניקער ווי דורך צוויי עדות זאָל אַ זאַך זיין יורידיש באַגלויבט, און ער ברענגט אויפן קול דעם געבאָט פון דער תורה און ער רופט אויס:

„על שני עדות יקום הדבר!" (ז. 618). איין מאָל אַזוי, צוויי מאָל אַזוי, און דריי מאָל אַזוי.

אָבער דריי מאָל איז עס נישט ריכטיק. וואָרום דער טעקסט אין דער תורה גייט:

„על פי שני עדים או על פי שלשה עדים יקום דבר" (דברים יט, טו).

אין העכסטן געריכט פון לאַנד זאָל אַ ריכטער נישט קענען דאָס לשון פון אַ דין?

און בלויז ווען מ'קען העברעאיש קען מען פילן וואָס פאַראַ באַרבאַרישע קאָנסטרוקציע עס איז „על שני עדות יקום הדבר"....

און אַט אַזוי האַלט עס מיט שלום אַשן אַלס „היברו סקאָלער״.

דער באַרימטער תּלמודיסט און היסטאָריקער פון דער הלכה, פּראָפעסאָר חיים טשרנוביץ (רב צעיר) רעדט אויך מיט גרויס פאַר־אַכטונג וועגן אַשס באַרימטער עם הארצות. אין זיין העברעאישן ביכל, „אלהים אחרים״, וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן וועגן אַשס ענגלי־שער איוסגאַבע פון דעם „מאַן פון נצרת״ („דהי נאַזאַרין״) שטעלט ער זיך אָפּ אויף אַשס אידישער לומדות און זיין אָנשטעל מיט „פילאָ־זאָפיע״, וואָס ער האָט ליב צו מאַכן. אַשס פילאָזאָפיע, שרייבט ער, איז אַ „פילאָזאָפיע וואָס איז גענומען פון די הקדמות צו שול־כרעס־טאָמאַטיעס, אָדער פון ביליקע ענציקלאָפּעדיעס, אָדער ס׳איז סתם אומפאַרשטענדלעכע פלאַפּלעריי, גלאַט אין דער וועלט אַריין״ (ז. 7).

וויטער שרייבט פּראָפעסאָר טשרנוביץ: „זיינע מערסטע רייד זיינען גענומען פון דער קריסטלעכער טעאָלאָגיע, געשעפּט פון ביליקע ביכלעך, וואָס ווערן געטיילט אין די גאַסן אומזיסט״ (דאָרט ז. 9).

פּראָפעסאָר טשרנוביץ האַלט, אַז דעם נייעם טעסטאַמענט האָט אַש אויך נאָר געקענט לייענען אין אידישער איבערזעצונג, ווייל ער באַזיצט נישט רעכט קיין שום אַנדער שפּראַך, און דערפון, אינ־איינעם מיט זיין אַלגעמיינער עם הארצות, ווייזט אָן פּראָפעסאָר טשרנו־ביץ, האָבן זיך גענומען אַ גאַנצע ריי מיאוסע טעותן, וואָס ער האָט אַריינגעפירט אין זיינע ווערק.

און אויב עס איז אַזוי מיט ווערטער און זייער דקדוק, און מיט פּסוקים און פראַזן, אַ פּשיטא שוין מיט הלכהדיקע ענינים און מיט ברייטערע אַספּעקטן פון אידנטום.

נון, ווי שוין געזאָגט, ס׳איז נישט קיין מוז פאַר אַ בעלעטריסט צו זיין אַ למדן אָדער אַ געלערנטער. אָבער ווען מ׳איז עס נישט, קען מען זיך נישט אַוועקשטעלן און זיך פּראָקלאַמירן פאַר אַ בר־סמכא, און זיך אונטערנעמען מכריע צו זיין אין אַזאַ גוואַלטיקן, אחריותפולן ענין ווי אידנטום־קריסטנטום.

אַז שלום אַש זאָל זיך האָבן איינגעקויפט צווישן קריסטן אַ נאָמען פאַר אַ „אידישן געלערטן״ איז דער וויץ פון דעם יאָרהונדערט...

ס׳איז נאָר אַ חידוש ווי אַזוי דער טאַלענט טראָגט אים דורך דורך אַזאַ געדיכטער עם הארצות.

מיר האָבן אויבן געזאָגט, אַז מ׳דאַרף אפשר אויף פּרווידיאַנישע וועגן דערקלערן דעם פאַקט וואָס אַש האָט זיך אויסגעשריבן די ראָלע פון אַ געלערטן. אפשר איז אויך פּרווידיאַניש נאָך אַ צווייטע דער־שיינונג אין זיין „מאַן פון נצרת״ — די ביטערע, פאַרביסענע שנאה, וואָס ער ווייזט דאָרט אַרויס צו די אידישע חכמים, לומדים און סופרים,

וועלכע קומען אַריין אין זיין קריסטלעכער טעמע. ס׳איז ניט אַנדערש ווי די אַלט־באַרימטע, פסיכאָלאָגיש טיף־וואָרצלענדיקע שנאה פון דעם עם הארץ צום תלמיד חכם. דיזאָזיקע שנאה פאַרבלענדט אים, און אין זיין בלענדעניש פאַרפירט ער אַנדערע אין אייניקע זייער וויכטיקע היסטאָרישע מאָמענטן.

די געלעגנהייט פאַר זיין שאַרפער שנאה גיט אים, פאַרשטייט זיך, די ניי־טעסטאַמענטישע איינשטעלונג בנוגע די פּרושים און זייערע חכמים. די פּרושים זיינען די קעגנער פון ישו און זיינע לערעס, און ישו צילט זיינע שאַרפסטע פיילן אין זיי. ער האָט נישט פאַר זיי קיין אַנדער נאָמען ווי „היפּאָקריטן״. אַזוי אַז דער פיל געאָכפּערטער נאָמען פּרושים און סופרים ביי אידן, איז געוואָרן דאָס אייגענע וואָס היפּאָקריט אין מויל פון דעם קריסט ביז אויף היינטיקן טאָג. דאָס האָט אַפילו צעשטערט דעם גלייכגעוויכט אין דעם נייעם טעסטאַמענט, אָדער „ברית חדשה״, אַזוי ווי אין אַ זעגלשיף, וואָס דער ווינט בויגט איין צו שאַרף אויף איין זייט, אַזש עס דוכט זיך אָט־אָט און דאָס קערט זיך איבער: פאַר אַלעמען האָט דער נוצרי גוטע און ווייכע ווערטער, רחמנות און ליבשאַפט, אַלעמען נעמט ער אַריין אין זיין האַרצן: די ערגסטע, די זינדיקסטע, די גאַסן־יונגען און די גאַסן־פרויען, אַפילו די פאַראַכטעטע שטייער־זאַמלער, נאָר פאַר דעם ערלעכן, פרינציפּן־טרייען „פאַריזייער״ האָט ער נאָר ביטערקייט און גאַל.

דאָס גיט אַשן די געלעגנהייט צו שטורמען קעגן די פּרושים, און ער שטייגט ווייט אַריבער זיין האַר, געטריי צום כלל, אַז דער דינער איז אָפט ערגער ווי דער באַלעבאָס אַליין. נאָר בשעת ביי ישו גייט די ליניע: דער פּרושי קעגנאיבער דעם זינדער, אָדער דער פּרושי קעגנאיבער דעם אָרימאַן, גייט ביי אַשן די ליניע שטענדיק: תלמיד חכם קעגנאיבער דעם עם הארץ. ביי אים איז „פּרושים״ דאָס אייגענע וואָס חכמים, לומדים און סופרים, און „עם הארצים״ דאָס אייגענע וואָס אָרימעלייט, אונטערדריקטע און גערודפטע.

די באַגריפן חכם און עם האָרץ דריקן אים אויפן מוח מער ווי אַלץ. לויט אַשן קען זיך דוכטן, אַז ישו איז נאָר געקומען צו ברענגען די גאולה פאַר די עם הארצים, זיי אויסצולייזן פון די לומדים.

דערביי שטעלט ער פאַר דעם מצב אין אַזעלכע פעך־שוואַרצע פאַרבן, גראַדע ווי די עם הארצים ביי אידן זיינען געווען דאָס אייגענע וואָס די „אומבאַרירבאַרע״ אין אינדיע. אין איין אָרט שרייבט ער:

„די געלערנטע רבנים, ווי זיי וואָלטן מורא געהאַט צו שטיין צוזאַמען מיטן פּראָסטן פאָלק, אַז זיי זאָלן נישט אומריין ווערן, האָבן

זיך גרופּירט באַזונדער... דאָס געמיינע פאָלק איז געשטאַנען אָפּ־גערוקט פון זיי אויף אַ געוויסער דיסטאַנץ, נישט געוואַגט אָדער נישט געוואָלט קומען אין זייער נאָענטקייט. אָבער היינט האָט זיך דאָס געוויינלעכע פאָלק געפילט צו זיין דער מורנו״ (ז. 172).

איינמאָל דערציילט אַש ווי ישו איז פאַרבעטן געוואָרן אין הויז פון דעם פּרושי שמעון, ווייל די חכמים האָבן אים געוואָלט אויס־פאָרשן. נאָר דאָס פּראָסטע פאָלק האָט מען נישט אַריינגעלאָזט און מ׳האָט זיי מיט שטעקנס אָפּגעטריבן פון הויז. און ווען ישו האָט עס געזען, האָט ער געפרעגט שמעונען:

„פאַרוואָס לאָזן דיינע דינער און דיינע קנעכט נישט דאָס פאָלק מיטאַריינקומען אין דיין שטוב?

„אַזוי האָט שמעון אָפּגעענטפערט: דאָס פאָלק פון לאַנד איז אומגעבילדעט, דאָס געזעץ איז ניט שטאַרק אין זייערע הענט און זיי וויסן נישט אָפּצוהיטן די דינים פון ריין און אומריין, און עס איז דאָ אַ מורא, אַז זיי קאָנען מטמא זיין דאָס הויז, די כלים און דאָס ברויט״ (ז. 222).

איינמאָל שרייט אויס ישו ביי אַשן: „זע, מיין פאָטער אין הימל ווי זיי האָבן צעטיילט דיינע קינדער אויף ריין און אומריין!״ (ז. 235).

שמעון בר־יונה שטייט פאַר בית־דין, אין אַן אויסגעטראַכטער סצענע, וואָס איז אין דער „ברית חדשה״ ניטאָ, און טענהט:

„איך בין אַן אָרימער פישער־איד פון כפר־נחום, נישט גע־לערנט אין דער שריפט, מיין האַרץ אָבער בענקט נאָך מיין פאָטער דעם באַשעפער... אָבער פאַרדרייט און פאַרצווייגט זיינען די וועגן דורך וועלכע די חכמים האָבן געפירט צום באַשעפער פון דער וועלט. ווער קען זיך אויס אין זיי? אין טויזנטער טיילן האָט איר גאָטס תורה צעטיילט, ווער קען זיי אַלע אין דער האַנט האַלטן, אַ חוץ די געלערנטע לייט, וואָס גיבן זיך אָפּ מיט איר בייטאָג און ביינאַכט? פאַר אונדז אומוויסנדע און שווער באַליידיקטע איז גאָטס וואָרט אויף זיבן שלעסער פאַרמאַכט... ווי בלינד שלאָגן מיר זיך אָן אין די אומצייליקע ווענט, וואָס איר האָט אויפגעשטעלט אַרום דעם פאָטער אין הימל, און מיר הערן נאָר פון אייך דאָס מאָנענדיקע וואָרט: טמא הענט, רירט זיך ניט צו צו אונדז!״ (ז. 242).

ביי אַן אַנדער סצענע צווישן ישון און פאָלק זאָגט ישו:

„לאָמיר בעטן צו אונדזער פאָטער אין הימל!״ האָט איינער פון זיי געזאָגט: „רבי, מיר זיינען אומוויסנדיקע לייט, מ׳האָט אונדז נישט געלערנט ווי אַזוי צו בעטן״ (ז. 163).

אָט אַזוי קלאָגט אָן אַש דאָס פאַרצייטיקע אידנטום פאַר דער

קריסטלעכער וועלט, וואו, מיט קנאַפּע צוויי טויזנט יאָר שוין נאָך ישוע, זיינען נאָך הונדערטער מיליאָנען קריסטן טאָטאַלע אַנאַלפאַבעטן...

לומדישע גאוה און תאוה צו מאַכט זיינען ביי אַשן די מאָטיוון, וואָס האָבן גורם געווען די שטעלונג פון די חכמים צו די עם הארצים, און אויך צום נוצרי, וועלכן ער שטעלט אַרויס ווי זייער גואל. עס זאָל הייסן, אַז די לומדות איז געווען ביי די חכמים אַ מיטל פון הער־שאַפט, אונטערדריקונג און עקספּלואַטאַציע, אַזוי ווי די כהונה אין די הענט פון די כהנים. די חכמים האָבן בלומרשט געזען אין ישוע אַ סכנה פאַר זייער שטאַנד, אַ סכנה פאַר דער אויבערמאַכט פון דער גייסטיקער אַריסטאָקראַטיע. מיט ברענענדיקע ווערטער שילדערט אַש ווי די רבנים האָבן פיינט געהאַט די עם הארצים.

די צרה מיט אַשן איז וואָס איר קענט ביי אים נישט וויסן צי ער רעדט אַזוי פון עם הארצות אָדער פון בייזוויליקייט. נאָר אַזוי צי אַזוי איז עס פאַרפירעריש און ליגנעריש. ער פאַרליגנערט גראָב די אידישע געשיכטע און די אידישע אמונה.

אַרויסצושטעלן די אידישע חכמים ווי שונאים פון די אומוויסנ־דיקע מאַסן — קיין גרעסערע היסטאָרישע פאַרקרימונג און פאַרלוימ־דונג קען גאָרנישט געמאָלט זיין. ניט די עם הארצים, נאָר דאָס עם הארצות האָבן די אידישע חכמים פיינט געהאַט. דער גרעסטער אי־דעאַל פון די אידישע חכמים אין אַלע צייטן איז געווען צו פאַר־שפּרייטן די תורה אין פאָלק. „ללמוד וללמד”, לערנען און באַלערנען, איז געווען די גרעסטע מצווה.

ביי אַלע געצנדינערישע פעלקער אין אַלע צייטן איז געווען די מעטאָדע צו באַהאַלטן די בילדונג פון פאָלק. בלויז די פּריסטער האָבן געדאַרפט קענען זייער תורה, דאָס פאָלק האָט נישט געטאָרט וויסן די „מיסטעריען”. צום טייל איז אַזוי געווען ביי די קאַטאָליקן בנוגע דער ביבל. אַנדערש איז געווען ביי אידן. די תורה האָט אָנגעזאָגט: ושננתם לבניך, דו זאָלסט זיי לערנען צו דיינע קינדער, יעדער איד איז מחויב געווען צו לערנען די תורה און זי איינצופלאַנצן אין די קינדער, און אונדזערע חכמים האָבן קולטיווירט דעמדאָזיקן געבאָט מיט אַזאַ איבערגעבנקייט, מיט אַזאַ פלייסיקייט, מיט אַזאַ ליבשאַפט, מיט אַזאַ באַגייסטערונג, מיט אַזאַליידנשאַפט, מיט אַזאַ פאַנטאַסטיק, און צו אַלעם דעם מיט אַזאַ מעטאָדישקייט, אַז מחוץ פון דעם אידישן פאָלק קען מען קיין גלייכן דערצו נישט געפינען ביי קיין אומה ולשון, און קיין דרויסנדיקער קען עס גאָרנישט משיג זיין.

די גמרא דערציילט וועגן מלך חזקיהו: „ער האָט אַריינגעשטעקט אַ שווערד ביי דער טיר פון בית מדרש און האָט געזאָגט: דער וואָס

וועט נישט לערנען קיין תורה זאָל געשטאָכן ווערן מיט דער שווערד״ — אַ היפּאַרבעלישער אויסדרוק, וואָס ווייזט די שטרענגקייט פון דעם באַפעל צו לערנען. און דער פּועל יוצא איז געווען, אַז אין יענער עפּאָכע „האָט מען געזוכט פון דן ביז באר שבע און מ׳האָט ניט גע־פונען קיין עם הארץ, און מ׳האָט געזוכט פון גבת ביז אנטיפּרס און מ׳האָט ניט געפונען קיין אינגל אָדער מיידל, קיין מאַן אָדער פרוי, וואָס האָבן נישט געוואוסט די דינים פון טמא און טהור״ (סנהדרין צד).

דאָס איז געווען אין דער צייט פון בית ראשון. און וועגן דער עפּאָכע פון בית שני לערנען מיר אין דער גמרא:

„ווען נישט יהושע בן גמלא וואָלט פאַרגעסן געוואָרן די תורה פון די אידן. וואָרום אין אָנהויב איז געווען דאָס קינד וואָס האָט גע־האַט אַ פאָטער, האָט דער פאָטער מיט אים געלערנט תורה, און דאָס קינד וואָס האָט ניט געהאַט קיין פאָטער האָט ניט געלערנט קיין תורה... האָט מען געמאַכט אַ תקנה מ׳זאָל זעצן מלמדים אין ירושלים וואָס זאָלן לערנען תורה מיט פרעמדע קינדער... איז אָבער נאָך אַלץ נישט גוט געווען. וואָרום דאָס קינד וואָס האָט געהאַט אַ פאָטער, האָט אים דער פאָטער געברענגט קיין ירושלים, און דאָס קינד וואָס האָט נישט געהאַט קיין פאָטער איז נישט געקומען לערנען אין ירושלים. האָט מען געמאַכט אַ תקנה מ׳זאָל זעצן מלמדים אין יעדן פלך (קרייז)... ביז יהושע בן גמלא איז געקומען און ער האָט געמאַכט אַ תקנה מ׳זאָל זעצן מלמדים אין יעדער מדינה און אין יעדער שטאָט, און אַז מ׳זאָל ברענגען קינדער אין חדר ווען זיי ווערן זעקס אָדער זיבן יאָר״ (בבא בתרא כא).

די דאָזיקע חכמים, וואָס אַש שטעלט זיי אַרויס פאַר די פאַר־כאַפּער פון דער תורה און דער חכמה, זיי האָבן איינגעשטעלט דעם דין, אַז אַ שטאָט, וואָס זאָרגט ניט פאַר דעם חינוך פון אירע קינדער, טאָר ניט בלייבן עקזיסטירן. זיי האָבן מתקן געווען, אַז אַזאַ שטאָט דאַרף מען מתרה זיין, און אויב זי הערט זיך ניט צו צו דער התראה, איז מען זי מחרים, און איר דין איז פון אַן עיר הנדחת.

זיי האָבן ווייטער איינגעשטעלט, אַז אין אַלע זאַכן איז דאָ דער דין פון השגת גבול, אויסער אין תלמוד תורה׳ס און חדרים פאַר קינדער.

און אַזוי אומצייליקע אַנדערע דינים און תקנות, צופיל דאָ אויס־צורעכענען, אַלע נאָר מיט דעם הייליקן ציל צו פאַרשפּרייטן די קענטעניש פון דער תורה און פאַרטרייבן די עם הארצות פון דער אידישער מחנה.

און דאָס איז געווען אין דער עפּאָכע וואָס פאַרן דערשיינען

פון ישו. די חכמים האָבן מיט באַזונדערער זאָרגפעלטיקייט אַכטונג געגעבן דווקא, אַז די קינדער פון די אָרימע און די קינדער פון די עם הארצים זאָלן לערנען תורה. מיר געפינען אין תלמוד אָנגעזאָגט: „הזהרו בבני עניים שמהם תצא תורה", און אַ צווייטן מאָל (סנהדרין צו) „הזהרו בבני עם הארץ שמהם תצא תורה", גיט אַכטונג אויף די קינדער פון די אָרימע און די אומוויסנדיקע, ווייל פון זיי קומט אַרויס תורה.

אונדזערע חכמים האָבן דווקא אין דידאַזיקע שיכטן געזען אַ מקור פון תורה.

אויף ווי ווייט אונדזערע חכמים האָבן געשטרעבט צו פאַרשפּרייטן די תורה און צו פאַרהיטן, זי זאָל נישט ווערן קיין מאָנאָפּאָל פון אַן אינטעליגענטער שיכט, קען מען אויך זען דערפון, וואָס די גמרא זאָגט אָן, אַז מ'טאָר ניט נעמען קיין געלט פאַר לערנען תורה („אַזוי ווי דו האָסט זי געקראָגן אומזיסט, אַזוי זאָלסטו זי געבן אומזיסט"). אויך האָבן זיי אָנגעזאָגט, אַז די תורה טאָר ניט ווערן „די ירושה פון די קינדער פון די חכמים".

אַ גרויסער טייל פון די חכמים זיינען אַליין געווען אָרימע אַר־בעטער און האָרעפּאַשנע פאַרדינער פון זייער ברויט.

וואָס שייך דער „קאַסטן־סיסטעם" פון חכמים און עם הארצים, וואָס אַש האָט אויפגעשטעלט, לערנען מיר ווייטער אין דער גמרא:

„די רבנים פון יבנה פלעגן זאָגן: איך בין באַשאַפן פון גאָט און מיין חבר דער עם הארץ איז באַשאַפן פון גאָט, איך טו מיין מלאכה אין שטאָט און ער טוט זיין מלאכה אין פעלד, איך שטיי אויף פרי צו מיין אַרבעט און ער שטייט אויף פרי צו זיין אַרבעט, איך נעם זיך נישט איבער מיט מיין מלאכה אַזוי ווי ער נעמט זיך נישט איבער מיט זיין מלאכה. טאָמער וועסטו זאָגן, אַז איך האָב אַ סך שכר, און ער (ניט קענענדיק לערנען אַזוי ווי איך) האָט ווייניקער שכר, שנינו, האָבן מיר געלערנט, אַז סיי מער סיי ווינציקער איז קיין חילוק נישט, אבי די כוונה איז פון גאָטסוועגן" (ברכות יז).

פאַרזעענדיק דאָס אַלץ, צי פון אומוויסנקייט צי פון בייזוויליקייט, האָט שלום אַש פאַרשאָטנט דעם אמתן כאַראַקטער און דעם טיפן כאַראַקטער פון דער דעמאָקראַטישקייט פון אידנטום, אַ דעמאָקראַ־טישקייט וואָס איז אינגאַנצן אייגנאַרטיק אין אירע רעליגיעז־הייליקע עלעמענטן.

שלום אַש וויל אָנוואַרפן אַ ווידערווילן אויפן אידנטום מיט די „שרעק־בילדער", וואָס ער מאָלט פון „ריין און אומריין". אַוודאי זיינען געווען דינים פון טמא און טהור, וואָס האָבן דער עיקר אין זינען

געהאַט דעם עם הארץ, וועלכער איז נישט געווען באַקאַנט געגוג מיט די ענינים. אָבער „טהור" און „טמא" זיינען גאָר אַנדערע באַ־ גריפן ווי זייערע טייטשן „ריין" און „אומריין". אַ תלמיד חכם קען אויך זיין טמא ווען ער רירט אָן אַ מת אָדער אַ טמא כלי, און דעמאָלט זאָל אַן אַנדער תלמיד חכם זיך ניט אָנרירן אָן אים.

דאָס אַלץ האָט געהאַט צו טאָן מיט רעליגיעזע אידייען, נישט מיט קיין "מענטשלעכע אונטערשיידן". און אומזיסט האָט שלום אַש אַריינגעלייגט ישו'ן זיינע אייגענע ווערטער אין מויל אַריין, ווען ער מאַכט אים אויסצושרייען: „זע, פאָטער אין הימל, ווי זיי (די חכמים) האָבן צעטיילט דיינע קינדער אויף ריין און אומריין"...

נאָר זעלבסטפאַרשטענדלעך, טראָץ אַלע באַמיהונגען פון די חכמים צו פאַרשפרייטן די תורה, זיינען געבליבן געגוג עם הארצים. ס'איז אין די אַמאָליקע צייטן, פאַר בוך־דרוק, נישט געווען גרינג צו ברענגען בילדונג אין די אָפּגעלעגענע ערטער. און עס האָט נאַטיר־ לעכערווייז געהערשט אַ שנאה צווישן די חכמים און די איגנאָראַנטן. אַזוי ווי אומעטום און אין אַלע צייטן. אַ שאַרפןביישפיל פון דער־ דאָזיקער שנאה האָט די וועלט געזען אין די ערשטע יאָרן פון דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, וואו דאָס וואָרט „אינ־ טעליגענט" איז פלוצלינג געוואָרן דאָס ערגסטע שימפוואָרט, און די אינטעליגענץ איז גערודפט געוואָרן עד חרמה. אין תלמוד געפינען מיר אַ סך אויסדרוקן וועגן דערדאָזיקער שנאה צווישן תלמיד חכם און עם הארץ. נאָר מער ווי דער תלמיד חכם האָט פיינט געהאַט דעם עם הארץ, האָט דער עם הארץ פיינט געהאַט דעם תלמיד חכם. ביז די גמרא האָט געזאָגט, אַז די שנאה פון די עם הארצים צום תלמיד חכם איז גרעסער ווי די שנאה פון רשעים צו ישראל, און זייערע ווייבער (פון די עם הארצים) נאָך מערער (פסחים מט).

אַ לעבעדיקן אויסדרוק פון דעמדאָזיקן האָס געפינען מיר אין די רייד פון רבי עקיבא, וועלכער האָט ערשט צו פערציק יאָר אָנ־ געהויבן לערנען. ער האָט געזאָגט:

„ווען איך בין געווען אַן עם האָרץ האָב איך געטראַכט, ווי קריג איך אַריין אַ תלמיד חכם, וואָלט איך אים געביסן ווי אַן אייזל.

האָבן זיינע תלמידים צו אים געזאָגט: רבי, זאָג ווי אַ הונט!

האָט זיי רבי עקיבא געזאָגט: דער הונט בייסט און צעברעכט נישט דעם ביין מיט זיין ביס, און דער אייזל צעברעכט דעם ביין" (פסחים מט).

שלום אַש אין זיין באַהאַנדלונג פון די אידישע חכמים אין זיין ישו־בוך האָט געביסן דעם אייזלשן ביס...

# 4

## קריסטלעכע מאָראַל

ווי ס'איז גרינג זיך משער צו זיין, פאַרפעלט ניט אַש אויפצו־שפילן די עטישע לערע פון דעם מאַן פון נצרת און זי הויכן און גרויסן איבער דער אידישער מאָראַל, אַזוי ווי עס איז שטענדיק דער דרך פון אומקריטישע קריסטלעכע ווערק. אַש טוט עס אין די שורות און צווישן די שורות. אַלע פאַרדאַרבנקייטן, אמתע און צוגעטראַכטע, שטעלט ער אויפן חשבון פון די היטער פון דער תורה און דעם מקדש; און אַלע גוטסקייטן, אין מעשים און אין דער כוונה פון די מעשים, מאָלט ער אין דער פערזאָן פון דעם נוצרי. די כוונה פון דער דאָזיקער טענדענץ קען זיין נאָר איינע: צו באַווייזן די קריסט־לעכע דאָקטרינע, אַז דאָס אידנטום, אין דער עפּאָכע פון דעם נוצריס קומען, איז שוין געווען אָפּגעלעבט און האָט מער ניט געקענט משפיע זיין אויף די מענטשן צום גוטן. און עס איז געווען צייט פאַר אַ נייער תורה, פאַר אַ „ברית חדשה", וואָס דער נוצרי איז געקומען, פון דעם הימל אַראָפּ, צו געבן.

שילדערנדיק די נוצרישע מאָראַל לגבי דער אידישער איז אַש אין דער בחינה פון דעם נאַאיוון פויער, וואָס פאַלט אַריין צום ערשטן מאָל אין אַ שטאָטישער קראָם פון פליטער־זילבער און פליטער־גאָלד און ווערט באַרוישט פון דעם פאַלשן גלאַנץ. און אַפילו ניט ווי אַ דערוואַקסענער פויער, נאָר ווי אַ פויעריש דאָרף־קינד. וואָרים אין דעם „מאַן פון נצרת", אין יענע טיילן וואו עס טרעט אויף דער נוצרי, פיגורירט אַש אַליין אַלס אַ יונגער אינגל. און ער פאַרכלינעט זיך דאָ אינגלש מיט זיין גאַנצער סענטימענטאַלישקייט. ער שפילט דאָ אויף אַלע זיינע אינסטרומענטן פון פאַטאָס און פאַטעטיק און אַלע זיינע טאַלאַנטן אויף דעקאָראַטיוון מאָלן. אַש איז קיינמאָל ניט טיף, אייביק נאָר אויבערפלעכלעך־צאַצקעדיק, און די דאָזיקע שוואַכקייט זעט זיך אַרויס באַזונדערס ווייטיקלעך אין דעמדאָזיקן ווערק, וואו ער שפילט זיך מיט געטער און שטעלט זיך ווי אַ בורר און אַ בעל פשרה, אַפילו ווי אַ פוסק, אין אַ קאַמף, אין וועלכן עס זיינען פאַרוויקלט אַלע טיפקייטן און אַלע הויכקייטן, אויף וועלכע דער מענטשלעכער גייסט איז פעאיק.

ווי אַ נאַאיווער אינגל ווערט ער נתפעל פון דער „באַרג־דרשה" און פאַרגייט זיך איבער איר, גלייך ווי ער וואָלט געוועזן דער ערשטער מענטש וואָס האָט זי געהערט, פאַרגעסנדיק אַז הינטער אים ליגן

שוין צוויי טויזנט יאָר פון פּראַקטיק, אַנאַליז און קריטיק אויף דער גאַנצער סיסטעם, וואָס גייט אונטערן באַגריף „קריסטלעכע מאָראַל". קריטיק ניט נאָר פון אידן, נאָר פון קלאָר־אויגיקע קריסטן אויך, וועלכע האָבן מודה געווען, אַז דער נוצרי האָט גאָרנישט מחדש געווען. ערנעסט רענאַן איז געווען איינער פון זיי. אַ גרויסער באַוואונדערער פון דעם נוצרי, איז ער פונדעסטוועגן ערלעך גענוג צוצוגעבן, אַז יענער האָט גאָרניט מחדש געווען איבער הלל הזקן.

דער נוצרי האָט גאָרניט מחדש געווען אין די יסודות פון דער מאָראַל לגבי אידנטום, און וואָס ער האָט יאָ מחדש געווען באַווייזט זיך, ביי טיפערן אַנאַליז, אַלס אין תוך אוממאָראַליש.

עס איז ניט אונדזער כוונה דאָ, און אידן האָבן קיינמאָל נישט געהאַט קיין כוונות, צו פירן שטרייט מיטן קריסטנטום. הלוואי וואָלטן די קריסטן געלאָזט דאָס אידנטום צורו! נאָר ווען פון צווישן אונדז אַליין שטייט אויף איינער און הויבט אויף זיין האַנט אויפן אידנטום, צי אין נאָמען פון קריסטנטום, צי אין נאָמען פון וועלכער עס איז אַנדער רעליגיע, אָדער פילאָזאָפיע, דעמאָלט איז עס אונדזער חוב, און אַ געבאָט אויף אונדז, אים אָפּצושלאָגן מיט אַלע כוחות.

דאָס קריסטנטום, וואָס האָט זיך פּראָקלאַמירט פאַרן יורש פון אידנטום, האָט זיך געקליגט אין אַלץ נאָכצוטאָן דעם אידנטום. אין צענטער פון דעם אַלטן ברית שטייט דער באַרג סיני און מתן תורה; זיינען געקומען די קריסטן און האָבן זיך אויך גענומען אַ באַרג, אויף וועלכן דער נוצרי זאָל האָבן אַרויף און פון דאָרט אַראָפּגערעדט די עיקרים פון זיין אמונה אין אַ „באַרג־דרשה". און דאָרטן, צווישן אַנ־דערע זאַכן, ווערט געזאָגט:

„איר האָט געהערט, אַז עס איז געזאָגט געוואָרן: אַן אויג פאַר אַן אויג, און אַ צאָן פאַר אַ צאָן. אָבער איך זאָג אייך, שטעלט אייך ניט אַנטקעגן דעם שלעכטן. נייערט ווער עס שלאָגט דיך אויף דער רעכטער באַק, שטעל אים אונטער אויך די אַנדערע" (מתיא, 5, 38).

דאָס, קען מען זאָגן, איז די שענסטע צאַצקע, מיט וועלכער דאָס קריסטנטום פּוצט זיך. יעדער קריסט וועט מיט שטאָלץ, די ערשטע זאַך, אָנווייזן אויף דער דאָזיקער מימרא, און וועט אייך זאָגן, אַז דאָס איז דער איידלסטער אויסדרוק פון מענטשלעכער מאָראַל.

און קעגן איר ווערט פון דעם נוצרי אַליין אַרויסגעשטעלט ווי אַ נידעריקערע מאָראַלישע מדרגה דער „עין תחת עין, שן תחת שן" פון דער תורה.

און דאָס תוך כדי דיבור, ווען ער האָט דערקלערט, אין אָנהויב פון דער זעלביקער דרשה און געזאָגט:

„מיינט ניט, אַז איך בין געקומען מבטל צו זיין די תורה און די נביאים. איך בין ניט געקומען מבטל זיין, נייערט מקיים צו זיין" (דאָרט, 17).

נאָך דער דאָזיקער קריטיק פון דעם נוצרי אַליין, קען זיך דאָס אידישע פאָלק גאָרניט אויסקויפן אין די אויגן פון דער קריסטלעכער וועלט פאַר דער לערע פון „אַן אויג פאַר אַן אויג, אַ צאָן פאַר אַ צאָן", באַטש דאָס האָט שטענדיק, סיי על פּי תורה, סיי על פּי חז״ל, געמיינט באַלוינונג אין געלט, ניט קיין אויג ממש און ניט קיין צאָן ממש. דווקא דער נוצרי האָט געזאָגט:

„אויב דיין רעכט אויג מאַכט דיך שטרויכלען, רייס עס אַרויס און וואַרף עס אַוועק פון דיר. און אויב דיין רעכטע האַנט מאַכט דיך שטרויכלען, האַק זי אָפּ און וואַרף זי אַוועק פון דיר. וואָרים ס'איז בעסער פאַר דיר אַז דו זאָלסט פאַרלירן איינעם פון דיינע אברים, איידער דיין גאַנצער גוף זאָל אַריינגעוואָרפן ווערן אין גיהנם" (דאָרט, זז. 29, 30).

פאַרן אייגענעם וואוילזיין אויף יענער וועלט איז רעכט זיך אַרויסצונעמען אַן אויג; פאַר גערעכטיקייט וועגן אויף דער וועלט — ניט.

לאָמיר נעמען דעם דאָזיקן פּרינציפּ, דאָס אונטערשטעלן די אַנדערע באַק, און אים באַטראַכטן אין שפּיגל פון דער פּראַקטיק. ווער וועט לייקענען, אַז דאָס איז פון אייביק אָן געבליבן ביי די קריסטן ניט מער ווי אַ ליידיקע פראַזע? קיינער האָט עס קיינמאָל ניט פּראַק־טיצירט. קיין קריסטלעכער בר־דעת האָט זיך קיינמאָל ניט געפירט אַזוי.

ווען מ'זאָל דעמדאָזיקן פּרינציפּ וועלן דורכפירן אין לעבן, וואָלט די געזעלשאַפט גאָר קיין קיום ניט געקענט האָבן. דער גראַדער פאַרשטאַנד און דער גראַדער אינסטינקט האָבן אונטערגעזאָגט די קריסטן פון אַלע דורות, אַז דאָס איז נאַר, אַזוי צו זאָגן, לנוי, פאַר „שיינקייט" וועגן, ניט „פאַר געברויך". און זיי זיינען עס גאַנץ רואיק אַריבערגעגאַנגען. זיי האָבן עס גאַנץ שטיל, אָבער גאַנץ אַנט־שלאָסן, אָפּגערוקט אין אַ זייט. פון די עלטסטע צייטן פון קריסטנטום אָן האָבן די קריסטן זיך געשלאָגן פּונקט אַזוי רציחהדיק ווי די אַלטע געצנדינער. עס איז גאָר אין דער קריסטלעכער וועלט אַ „זאַך פון ערע" ניט צו פאַרשווייגן אַ באַליידיקונג אָדער אַ פּאַטש. ווער עס גיט ניט „אין די ציין" אָדער „האַקט ניט אונטער די אויגן" („מאַכן אַ בלוי אויג", אויף אַמעריקאַניש) יענער ווערט באַטראַכט פאַר אַ פּחדן, אַ שמאַטע. די איראָניע ווערט נאָך גרעסער ווען מען דערמאָנט זיך,

אַז די קריסטן האָבן זיך שטענדיק געשלאָגן אין נאָמען פון דעם נוצרי, און אַפילו פאַר דער אמונה פון דעם נוצרי. זיי האָבן שטאָלצירט מיטן נאָמען „זעלנער פון קריסטוסן" (סאָלדזשערס אָוו קראַיסט).

לאָמיר אָננעמען, פאַרקערט, אַז עס האָט זיך געפונען אַ קריסט, וואָס האָט זיך פּירגעמען אָפּצוהיטן דעם שיינעם געבאָט און ער האָט באַשלאָסן ניט צו געבן קיין פּאַטש פאַר אַ פּאַטש. דאָס קען ער גרינג אויספירן בנוגע זיך אַליין. ווי איז אָבער, אַז ער גייט אין גאַס, און זעט ווי אַ שלעכטער מענטש פּאַטשט אימיצן אַנדערש, אַ רשע פּאַטשט אַ צדיק, אַ שטאַרקער פּאַטשט אַ שוואַכן, אַ גרויסער פּאַטשט אַ קליינעם? אויב ער זאָל קומען צו הילף דעם שוואַכן און אים העלפן אָפּשלאָגן דעם רשע, איז ער עובר אויפן געבאָט; אויב אָבער ער זאָל שטיין גלייכגילטיק, איז ער עובר אויף אַנדערע געבאָטן: „לא תעמוד על דם רעך" — זאָלסט ניט שטיין גלייכגילטיק אויפן בלוט פון דיין חבר, און „עזוב תעזוב עמו" — זאָלסט העלפן אַ מענטשן אין אַן עת צרה, הייליקע געבאָטן אין דער תורה, וואָס דער נוצרי האָט פאַרזיכערט, אַז, חלילה, ער איז ניט געקומען זי מבטל צו זיין.

מען קען לאָגיש זען נאָך אַן אַנדער סיטואַציע. עס גייען צוויי גוטע קריסטן, און עס קומט זיי אַנטקעגן אַ רשע און גיט איינעם אַ פּאַטש און דעם אַנדערן אַ פּאַטש. ווי גוטע קריסטן דאַרפן זיי אונ־טערשטעלן יעדערער זיין צווייטע באַק. אָבער לאָמיר אָננעמען, אַז זיי טראַכטן פון דעם „לא תעמד על דם רעך", אַז מען מעג באַנוצן די פויסט כדי צו באַשיצן דעם חבר. דעמאָלט וועט אויסקומען אַזוי:

יעדערער פון זיי שטעלט אונטער זיין אַנדערע באַק פאַר זיך, אָבער דערלאַנגט דעם רשע צוריק אַ פּאַטש פאַרן חבר: דערגייט ניט די זאַך צו אַן אַבסורד?

און דעמאָלט דערוועקט זיך גאָר אַן אַנדער פראַגע: אויב פאַר יענעמס וועגן מעג איך באַנוצן ווידערשטאַנד, פאַרוואָס זאָל איך ניט מעגן פאַר זיך אַליין? איז דען מיין נפש ווייניקער וויכטיק, נאָר דערפאַר וואָס ער איז מיינער?

ניט איינמאָל איז שוין אַזוי אַנאַליזירט געוואָרן דער פּרינציפּ פון אונטערשטעלן די אַנדערע באַק, צו ווייזן זיין אומלאָגישקייט און זיין אומגערעכטיקייט.

און ווייטער, וואָס זאָל מען טאָן אין אַ מלחמה, ווען אַ שונא פאַלט אָן אויף דיין לאַנד? לויטן נוצריס געבאָט טאָר מען זיך ניט שטעלן דערגעגן. אָבער ווען האָבן קריסטן געפאָלגט דעמדאָזיקן געבאָט? ניט נאָר האָבן די קריסטלעכע פעלקער ניט אָפּגעהיט דעם געבאָט פון אומווידערשטאַנד, נאָר זיי האָבן אייביק אַליין געפירט מלחמה,

צי מיט אַ גערעכטן אויסרייד צי אָן. זינט איירָאפּע איז געוואונען געוואָרן פאַרן קריסטנטום איז זי ניט געוואָרן אויף אַ האָר ווייניקער קריגעריש ווי פריער. אין די שפּעטערדיקע יאָרהונדערטן איז איירָאפּע געוואָרן דער קריגערישסטער פון אַלע קאָנטינענטן. און געפירט מלחמה האָבן ניט בלויז די וועלטלעכע שטאַטן, נאָר אויך די פּויפּסטלעכע, ווען די קירך האָט געהערשט איבער דער ציווילער מאַכט.

און טראַכט מען זיך אַריין טיפער אין דעם ענין, אַזוי מוז מען איינזען, אַז דער געבאָט פון אומווידערשטאַנד צו בייז, און דער נאָך שווערערער געבאָט פון אונטערשטעלן די אַנדערע באַק, זיינען אין תוך אוממאָראַליש. וואָרים דאָס עפנט די וועלט פאַר דער רשעות. עס לאָזט איבער אַלע וועגן פריי פאַר דעם גזלן. עס בינדט דעם קרבן הענט און פיס, און עפנט טיר און טויער פאַרן שאַלקהאַפטיקן. ניט פאַרמינערן, נאָר ס'איז עלול צו פאַרמערן דאָס בייז אין דער וועלט. דער נוצרישער פּרינציפּ מוז זיין אַ ברכה פאַר אַלע שלעכטע און בייזע כוחות, איבערהויפּט אַזעלכע וואָס מאַכן אַ קולט פון דעם בייז און פאַרלאַכן די מאָראַל פון גוטס. עס אַנטוואָפנט די גערעכטיקייט און זעצט אין געפאַנגענשאַפט דאָס גוטע געוויסן. עס גיט איבער די וועלט און אַלץ וואָס אין איר דעם רשע, דעם גנב, דעם גזלן און דעם רוצח. אויב דאָס זאָל זיין די מאָראַלישע נאָרם פון מענטשלעכן צוזאַמענלעבן, דאַן פאַלן אַוועק אַלע באַגריפן פון גערעכטיקייט און יושר, ווי מיר זיינען געוואוינט זיי צו פאַרשטיין; עס פאַלן אַוועק אַלע לערן פון שכר ועונש, פון מענטשלעכער און אויך געטלעכער יוסטיץ.

וואָס האָט דאָס אידנטום צו זאָגן וועגן אונטערשטעלן די אַנדערע באַק?

ווען איך שטעל די דאָזיקע פראַגע, און אַנדערע וואָס וועלן נאָך קומען, איז עס ניט ווייל איך וויל, ווי אין אַ געריכט, אַרויסרופן דאָס אידנטום און עס זעצן אויפן עדות־שטול און מיט עטלעכע געשיקטע פראַגן און ענטפערס באַווייזן זיין „גוטן כאַראַקטער" און אָנשטענדיקע אויפפירונג. אידנטום איז צו גרויס, עס זאָל, אויפן מאַך פון אַ שטעקעלע, עפענען די טויערן פון זיינע פּאַלאַצן און די טירן פון זיינע שאַצקאַמערן. מיין אמתע כוונה איז צו זעצן שלום אַשן אויפן בענקל און וויזן, בלויז אויפן שפּיץ פון אַ נאָדל, וואָס ער האָט פאַרפעלט און פאַרשוויגן אין זיין טעמע, פאַרפעלשט און פאַרשווינדלט, בכיוון, לגנאי פון אידנטום, און אין זעלבן גראַד לשבח פון קריסטנטום. דערפון וועט דער לעזער זען, אַז זיין ווערק, טראָץ די ליטעראַרישע מעלות וואָס עס קען פאַרמאָגן, איז דאָך אַ קינד פון אומערלעכע כוונות. און

דערפֿאַר אין גרונט אַן אומערלעך און פֿאַרשולדיקט ווערק.

מיר קערן זיך אום צו דער פֿראַגע: וואָס האָט דאָס אידנטום אָנצובאָטן לגבי דעם צענטראַלן קריסטלעכן געבאָט: „שטעל אונ־טער די אַנדערע באַק"?

אַנטקעגן דעם נוצרישן אומנאַטירלעכן, און אין תוך אוממאָראַ־לישן געבאָט וועגן דער אַנדערער באַק, זאָרגט דאָס אידנטום וועגן דער ערשטער באַק.

אין דער גמרא (סנהדרין, נח) ווערט אָנגעזאָגט: „הסוטר לועו של חבירו כאילו סוטר לועה של שכינה".

דאָס איז טייטש: „דער וואָס פּאַטשט די באַק פֿון זיין חבר, איז גלייך ווי ער וואָלט געפּאַטשט די באַק פֿון דער שכינה".

ניט דעם מענטשן אַליין פּאַטשט מען, ווען מען פּאַטשט אַ מענטשן, נאָר מען פּאַטשט גאָט אויך! וואָרים דער מענטש איז געשאַפֿן אין גאָטס געשטאַלט.

כאָטש דאָס אויסדריקלעכע וואָרט וואָס ווערט גענוצט אין דער דאָזיקער מימרא, איז ניט חבר נאָר ישראל, גייט עס אָבער אויף כלל מענטש.

אויפֿן זעלבן אָרט זאָגט די גמרא: דער וואָס הויבט אויף די האַנט אויף זיין חבר אים צו שלאָגן — דאָ שטייט שוין בפירוש חבר — אַפילו ער האָט נאָך ניט געשלאָגן, ווערט ער שוין גערופֿן אַ רשע און אַ זינדיקער (חוטא), און דער סוף וועט זיין אַז די האַנט וועט אים צעבראָכן ווערן.

וויפֿל נאָבעלער ס'איז דער דאָזיקער אידישער פּרינציפּ לגבי דעם קריסטלעכן! דער חוב ווערט דאָ ניט אַרויפֿגעלייגט אויפֿן גע־פּאַטשטן, נאָר אויפֿן פּאַטשער; ניט אויפֿן קרבן, נאָר אויפֿן פֿאַר־ברעכער. לויט דעם אידישן פּרינציפּ ווערט אַלץ אומגעקערט: אַ מענטש טאָר ניט אונטערשטעלן די אַנדערע באַק, און די ערשטע אויך ניט. וואָרום ווען ער שטעלט אונטער זיין באַק, איז עס גלייך ווי ער וואָלט אונטערגעשטעלט גאָטס באַק צום פּאַטשן, און וואָלט געמאַכט דעם אויבערשטן אונטערטעניק צו אַ בשר ודם.

דער אידישער געבאָט איז געווענדט, ניט קעגן דעם צדיק, נאָר קעגן דעם רשע און פֿאַרברעכער. דעם זינדער ווערט דערמאָנט אָן דעם הייליקן באַגריף, אַז דער מענטש איז געשאַפֿן בצלם אלקים, און דער קרבן ווערט דערהויבן צו דער מדרגה פֿון דער געטלעכקייט אַליין. עס ווערט פֿאַרגעהויבן דער געטלעכער עלעמענט אין דעם מענטשן, און עס ווערט ניט געטאָן קיין גוואַלט־טאַט דער מענטשלע־כער נאַטור. און עס בלייבט אָפּן דער וועג פֿון שטראָף פֿאַרן פּאַטשער.

אין דער פּראַקטיק פירט מען זיך אין דער גאַנצער קריסטלעכער וועלט לויט דעמדאָזיקן אידישן פּרינציפּ, ניט לויט דעם קריסטלעכן. קיין קריסטלעכער מענטש, צי דזשענטלמאַן צי פּראָסטאַק, וועט ניט אָננעמען קיין פּאַטש מיט אונטערטעניקייט. ער וועט, אַ באַליידיקטער, שלאָגן צוריק. אַ געריכט וועט פאַר אַ פּאַטש לייגן אַ שטראָף. ניט פּאַרן ווייטיק, וואָס איז פּאַראורזאַכט געוואָרן — עס האָט געקענט זיין אָן ווייטיק, נאָר פאַר דער באַליידיקונג פון מענטשלעכער ווערדע.

נאָר דער דאָזיקער אידישער פּרינציפּ, וואָס איז נאָבל אין זיין פּראַקטישקייט און פּראַקטיש אין זיין נאָבלקייט, איז געבליבן אומבאַקאַנט און „אומבאַזונגען" אין דער קריסטלעכער וועלט. און אין אַשס ווערק, וואו עס ווערט געפירט דער וויכוח צווישן אידנטום און קריסטנטום, איז ער אַפילו ניט דערמאָנט.

ווייל זיין כוונה איז ניט געווען אַרויסצוהויבן דאָס אידנטום, נאָר עס אַרונטערבויגן אונטערן קריסטנטום.

דאָס אידנטום האָט ניט נאָר ניט אָנגענומען דעם געדאַנק פון אומווידערשטאַנד צו בייז, און אונטערטעניקייט צום רשע, נאָר עס האָט באַטאָנט מיט דער גאַנצער קראַפט די נויטיקייט פון שטראָף פאַר דעם רשע, וואָס פאַרדאַרבט גאָטס וואונדערלעכע וועלט.

אונדזערע חכמים האָבן געזאָגט אין דער משנה (אָבות, פּרק ה'): מיט צען מאמרות איז באַשאַפן געוואָרן די וועלט. פאַרוואָס? זי האָט דאָך געקענט באַשאַפן ווערן מיט איין זאָג?! נאָר כדי אויפצומאָנען צענפאַך פון די רשעים, וואָס פאַרדאַרבן אַ וועלט, וואָס איז באַשאַפן געוואָרן מיט צען געבאָט, און צו געבן גוטן שכר די צדיקים, וואָס דערהאַלטן די וועלט, וועלכע איז געשאַפן געוואָרן מיט צען מאמרות.

און ווידעראַמאָל, ווען מיר פרעגן: לויט וועלכער מאָראַל איז איינגעשטעלט דאָס לעבן פון די קריסטלעכע פעלקער, לויט דער קריסטלעכער אָדער לויט דער אידישער, וואָס מוז זיין דער ענטפער?

די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע רופט מען געוויינטלעך אָן — אַ „קריסטלעך לאַנד". אָבער אין איר „דעקלאַראַציע פון אומאָפּהענגיקייט", וואו עס ווערט געדעדט וועגן טיראַניי, ווערט ניט געזאָגט, אַז ס'איז דער חוב פון פאָלק צו בויגן דעם קאָפּ פאַר איר, נאָר אַז ס'איז זיין חוב זיך אויפצוהויבן קעגן איר.

אין אַלע קריסטלעכע לענדער הערשט אַ קרימינעלע געזעץ־סיסטעם, מיט פּאָליציי, מיט געריכטן און ריכטער, מיט תפיסות, אָפט מיט טויט־שטראָף. זיי זיינען געשטעלט אויף אַ פּרינציפּ, וואָס האָט אינגאַנצן אָפּגעלייקנט און צוריקגעוויזן דעם נוצריס לערע פון אונטערשטעלן די צווייטע באַק.

די קריסטלעכע וועלט שטייט אויפן אידישן פרינציפ פון פאַר־ברעכן און שטראָף, כאָטש זייערע דינים און משפטים זיינען ניט ווי די דינים און משפטים פון אידנטום, און זייער גייסט איז ניט דער אי־דישער גייסט.

דאָס אייגענע איז מיט דעם נוצרישן געבאָט: האָט ליב אייערע שונאים.

דאָס קריסטנטום האָט קיינמאָל ניט דערקלערט ווי אַזוי ס'איז מעגלעך מקיים צו זיין דעמדאָזיקן געבאָט, וואָס גייט אַזוי פולשטענדיק להיפך דער מענטשלעכער נאַטור.

עס שטעלט זיך דאָך די פראַגע: אויב ליב האָבן די פיינט, וואָס בלייבט אונדז שוין פאַר די פריינט?

ווידער איז עס אַ לערע וואָס באַגינציקט אויף אַלע אופנים דעם רשע: ער האָט די הנאה און די נוצן פון זיין שנאה צו מיר, און די מעלות און טובות פון מיין ליבשאַפט צו אים.

באַשיידענער, און נאַטירלעכער, איז די אידישע לערע בנוגע דעם מענטשנס פיינט. זי באַנוגנט זיך מיט דעם געבאָט: „ווען דיין שונא פאַלט זאָלסטו זיך ניט פרייען, און ווען ער ווערט געשטרויכלט זאָל ניט יובלען דיין האַרץ" (משלי כד יז).

דאָס אַליין איז שוין אַ גענוג הויכע מדרגה.

און ווייטער: „אויב דיין שונא איז הונגעריק, גיב אים ברויט צו עסן, און אויב ער איז דורשטיק, טרינק אים אָן מיט וואַסער" (דאָרט כה, כב).

און די תורה זאָגט אָן: „אַז דו וועסט באַגעגענען דעם אָקס פון דיין שונא אָדער זיין אייזל בלאָנדזען, זאָלסטו עס אומקערן צו אים. אַז דו וועסט זען דיין שונאס אייזל הויערן אונטער זיין משא, זאָלסטו זיך אָפּהאַלטן פון איבערלאָזן אים. בינדן זאָלסטו אָפּבינדן אינאיינעם מיט אים" (שמות כג, ד, ה).

וויפיל דערפון איז די קריסטלעכע וועלט מקיים, וואָס זי גרויסט זיך לגבי דעם אידנטום מיט איר „ליבע צום שונא"?

אין אַנדערע ווערטער: די קריסטן דרשנ'ען נאָר די שיינע מליצות פון זייער קריסטלעכער מאָראַל, און באַשימפּן די אידן אויף וואָס די וועלט שטייט, אָבער לעבן לעבן זיי אויפן יסוד פון די פּרינ־ציפּן פון דער אידישער מאָראַל.

איז געקומען שלום אַש און גענומען די אומגאַנגבאַרע סחורה פון אַ לאַנג באַנקראָטירטער פירמע און האָט זי אונטערגעטראָגן די אידן, ווי עפּעס אַ זעלטענעם, אויסטערלישן אַנטיק, אונדז צו בלענדן און פאַרפירן.

5

# אָרימקייט און רייכקייט

מיר גייען איבער צו אַנדערע פּאַזן פון קריסטלעכער מאָראַל, די מאָראַל פון אייגנטום, פון אָרים און רייך, פון אַרבעט און גענוס, פון וועלט און לעבן, און זייער גלייכן אין אידנטום.

קיין זאַך ווערט ניט אַזוי שטאַרק פאַרדאַמט און פאַראורטיילט אין דער קריסטלעכער לערע, ווי רייכקייט. ניט בלויז זינדיקע רייכ־קייט, רייכקייט אַנגעקליבן דורך עקספּלואַטאַציע, רויב אָדער שווינדל, נאָר אַפילו ערלעך דערוואָרבענע רייכקייט. דעם נוצרים אידעאַל איז געווען — אָרימקייט. דער רייכער מאַן איז שוין צוליב זיין רייכקייט אַליין אַ רשע, און דער אָרימאַן איז שוין צוליב זיין אָרימקייט אַליין אַ צדיק. אין איינעם פון די ביכער אין דער עוואַנגעליע ווערט גע־געבן אַ משל מיט אַ רייכן און אַן אָרימען. דער רייכער האָט ניט געהאַט קיין שום עבירה, ער האָט קיינעם ניט געטאָן קיין שום שלעכטס. פאַרקערט, ער האָט געטאָן גוטס אויך. פונדעסטוועגן, ווען ער שטאַרבט, גייט ער גלייך אין גיהנום אַריין. דער אָרימאַן, ווידער, ער האָט קיין שום אַנדערע מעלות ניט געהאַט אויסער וואָס ער איז געווען אָרים. אָבער ווען ער איז געשטאָרבן איז — גלייך אין גן־עדן אַריין.

„עס איז גרינגער פאַר אַ קעמל דורכצוקריכן דאָס לעכל פון אַ נאָדל, ווי פאַר אַ רייכן מאַן אַריינצוגיין אין הימל אַריין" — אַזוי גייט איינע פון די מימראס פון דעם נוצרי אין דעם קריסטלעכן בוך. אַ צווייטער אויסדרוק איז: „געבענטשט זיינען די אָרימע, וואָרום גאָטס קעניגרייך געהערט צו זיי. ווי איז אייך, וואָס איר זייט רייך, ווייל איר אָט שוין געקראָגען אייער טרייסט".

אויך ווערט אָנגעזאָגט די רייכע לייט זיי זאָלן נעמען זייערע רייכטימער און זיי פאַנאַנדערטיילן צו די אָרימעלייט. און אַזוי האָבן די סאַמע ערשטע קריסטן טאַקע געמוזט טאָן. מען האָט קיינעם ניט אַריינגענומען אין דער קריסטלעכער חברה, סיידן ער האָט זיין פאַר־מעגן אָפּגעגעבן אין דער אַלגעמיינער קאַסע. וואָרום די ערשטע קריסטן האָבן געלעבט אין אַ קאָמונע.

פון די אַלע רייד איז צו זען, אַז די גרעסטע מצווה פון קריסטנ־טום איז די אָרימקייט, און די גרעסטע עבירה איז רייכקייט.

קומט דאָך אויס, אַז אומעטום, וואו מען זעט קריסטלעך לעבן, און וואו עס הערשט קריסטלעכע ציוויליזאַציע, וואָלט מען געדאַרפט

שטאַרק פיינט האָבן געלט. די קריסטן וואָלטן געדאַרפט אַנטלויפן פון רייכקייט וואו דער שוואַרצער פעפער וואַקסט. און זייער גרעסטער אידעאַל וואָלט געדאַרפט זיין — צו זיין אָרים.

וואָס זעען מיר אָבער אין דער ווירקלעכקייט?

לאָמיר געבן דאָס וואָרט אַ ניכטערן, ערלעכן קריסטלעכן געלערנטן, מר. ווילִיאַם רעטהבאַן גרעג, און זיין בוך „די קריד אָוו קריסטענדאָם״. ער שרייבט דאָרט:

„ניט געקוקט אויף דער דאָזיקער שאַרפער וואָרנונג פון דעם נוצרי קעגן רייכקייט, איז דער גייציג נאָך רייכקייט געווען די אַלגעמיינע באַשעפטיקונג פון קריסטן אין אַלע צייטן און ביי אַלע קלאַסן, צווישן אמתע און ערנסטע קריסטן, אַזוי גוט ווי לעבלעכע. אַפילו צווישן די אַנערקענטע לערער פון קריסטנטום, אַזוי ווי דעם אַלגעמיינעם פאָלק. נאָך מער, דווקא די אמת־קריסטלעכע פעלקער זיינען געווען, און זיינען היינט אויך, די גיריקסטע נאָך רייכטום. און זיי גיבן אַפילו ניט אַ טראַכט, אַז זייער הונגעריקער גייציג נאָך געלט שטימט ניט מיט דער לערע פון זייער אויסלייזער. זיי לייענען זיינע ביטערע רייד, וואָס פאַרדאַמען רייכקייט און הייסן אַנטלויפן דערפון, און מאַכן זיך אינגאַנצן ניט־וויסנדיק וואָס זיי לייענען, אַזוי ווי ניט זיי מיינט מען גאָר. די פיינסטע מענטשן אין דער קריסטלעכער וועלט גיבן אַוועק איין טאָג צו זייער גאָט, און זעקס טעג צו זייער בוכהאַלטעריי. דער פרימסטער באַנקיר, דער ריינסטער קריסט, דער פיינסטער נאָבלמאַן גיט קיינמאָל אַפילו ניט קיין טראַכט וועגן „פאַראַכטן רייכקייט״, אָדער וועגן אָפּזאָגן זיך פון זיינע פאַרמעגנס. פונקט פאַרקערט, ער דאַנקט גאָר זיין אויסלייזער, זיין משיח, וואָס ער האָט אים געגעבן רייכקייט״.

און וואָס האָט אונדז דאָס אידנטום צו זאָגן אין דעם פּרט פון אָרים און רייך?

די תורה זאָגט: „אפס לא יהיה בך אביון״ — עס זאָל ניט זיין ביי דיר קיין אָרימאַן. די תורה וויל ניט, אַז די רייכע זאָלן ווערן אָרים; זי וויל אַז די אָרימע זאָלן ווערן רייך. און זי זאָגט אָן: וועט איר אָפּהיטן די תורה, וועט ניט זיין קיין אָרימאַן אין דיר; וועט איר ניט אָפּהיטן די תורה, דעמאָלט „לא יחדל אביון מקרב הארץ״, וועט קיין אָרימאַן ניט אויפהערן אין לאַנד.

אָבער רייכקייט אין זיך אַליין איז ניט קיין אידעאַל. פאַרקערט, מעסיקייט איז דער גרויסער אידעאַל פון אידנטום: איזהו עשיר השמח בחלקו, רייך איז יענער וואָס איז צופרידן מיט זיין חלק (אָבות, ד׳). די גמרא זאָגט: איינע פון אַכט זאַכן וואָס צופיל איז אומגעזונט

און ווייניק איז גוט, איז רייכקייט, ווייל ס'איז מבטל פון תורה. פון האָבן צופיל גאָלד און זילבער האָבן די אידן געמאַכט דעם עגל (יומא פו).

אונדזערע חכמים האָבן אויך געוואוסט צו זאָגן, אַז „די רייכע לייט פון בבל וועלן גיין אין גיהנום אַריין" (ביצה לב), אָבער ניט פאַר זייער רייכקייט, נאָר ווייל זיי האָבן זייער האַנט פאַרמאַכט פאַר אָרימעלייט.

די אידישע חכמים האָבן באַטראַכט אָרימקייט פאַר דער גרעסטער מענטשלעכער קללה. עני חשוב כמת, אַן אָרימאַן איז געגליכן צו אַ מת, האָבן זיי געזאָגט. ווייטער האָבן זיי געזאָגט: ווער ס'איז גע־שטראָפט מיט אָרימקייט, איז גלייך ווי אַלע יסורים אין דער וועלט זיינען צוגעקלעפּט צו אים. ווייטער: ווען מ'זאָל צונויפנעמען אַלע יסורים אויף איין זייט און די אָרימקייט אויף דער אַנדער זייט, וועט די אָרימקייט אַריבערוועגן.

און דער גרונט־זין דערפון איז, וואָס דער אָרימאַן איז ניט בכוח צו טאָן קיין גוטס און מקיים זיין די מצוות פון דער תורה און זיין אַ פולער און גאַנצער מענטש.

דער נוצרי האָט געלערנט:

„אויב איינער וועט זיך מיט דיר לאָדן כדי אַוועקצונעמען דיין העמד, לאָז אים אויך נעמען דיין מאַנטל" (מתיא 5, 40).

און ווייטער: „אויב דו ווילסט זיין פולקאָם (תמים), גיי און פאַר־קויף אַלץ וואָס דו פאַרמאָגסט, און גיב עס אַוועק די אָרימע־לייט" (מתיא 19, 21).

אַנטקעגן דעם זאָגט תורת משה פיל „באַשיידענער": „איש כמתנת ידו", איטלעכער לויט זיין פאַרמעג, „לויט דער ברכה, וואָס גאָט האָט דיר געגעבן". און די חז"ל האָבן געזאָגט: „מ'טאָר ניט מקדיש אָדער מפקיר זיין דעם גאַנצן פאַרמעגן און דערנאָך פאַלן צו לאַסט אויף קהל" (רמב"ם, דעות, ה).

און טראָץ דער מער באַשיידענער אידישער פאָרמולע, זיינען די קריסטן אַליין מודה, אַז די אידן, אין אַלע דורות, האָבן אַריבערגע־שטיגן אַלע פעלקער אין דער מדה פון צדקה.

וועגן אַרבייט לערנט דער נוצרי:

„דעריבער זאָג איך אייך: זאָרגט זיך ניט פאַר אייער לעבן, וואָס איר וועט עסן און וואָס איר וועט טרינקען; אויך ניט פאַר אייער גוף, וואָס איר וועט אָנטאָן... קוקט אויף די פייגל פון הימל: ניט זיי זייען און ניט זיי שניידן, אויך זאַמלען זיי ניט איין אין שפּייכלערס;

און אייער הימלישער פֿאָטער טוט זיי שפּייזן. זענט איר ניט ווערט פיל מער פון זיי ?" (מתיא, 6, 25).

און מיר קומען צוריק צו דער איינער און דערזעלבער פראַגע: שטימט דאָס מיטן לעבן פון דעם קריסטלעכן מענטשן? האָט עס עפּעס אַ יסוד אין דער ווירקלעכקייט, ביי די קריסטלעכע פעלקער אָדער ערגעצוואו ביי מענטשן אין דער וועלט? אין לעבן טוען די קריסטן פונקט פאַרקערט. דאָ האַלט מען אין אייביקן פריידיקן מ׳זאָל זאָרגן פאַר דער צוקונפט, מ׳זאָל אָפּלייגן „אויף אַ רעגנדיקן טאָג". אין די קריסטלעכסטע לענדער איז דאָס פאָלק פאַרזען מיט שפּאָר־קאַסעס און געשיצט מיט אַלערליי פאַרזיכערונגס־געזעלשאַפטן. און ווי איז דעם, וואָס לעבט פון האַנט צו מויל, וואָס פאַרלעבט זיינע גאַנצע פאַרדינסטן און גיט ניט קיין טראַכט פון מאָרגנדיקן טאָג. ס׳איז אָך און ווי צו אים, ווען ער מוז אָנקומען צו פריינט, צו לייען און באָרגן, צו צדקה.

דאָס איז גערעדט געוואָרן וועגן די אָרימערע קלאַסן. וואָס שייך די רייכע, איז דאָך קלאָר, אַז זיי פאַרלאָזן זיך ניט אויף קיין ניסים. זיי קלייבן און קלייבן, אָפּטמאָל עטלעכע דורות, פון דור צו דור, ביז עס קלייבן זיך אָן זייערע „משפחה־פאַרמעגנס". די ריזיקע באַנקען, וואָס פילן אָן אַלע שטעט פון יעדן קריסטלעכן לאַנד, זיינען אַ לעבע־דיקער באַווייז, אַז די קריסטן טראַכטן אפילו ניט פון דעם געבאָט פון זייער משיח און גאָט, אַז מ׳דאַרף ניט טראַכטן פון דעם מאָרגן.

און דאָך, דער דאָזיקער געבאָט געפינט זיך אין דעם נוצרים „באַרג־דרשה", וואָס איז פאַר די קריסטן דאָס סאַמע הייליקסטע פון זייער גאַנצער אמונה.

אינגאַנצן דער היפוך דערפון איז די אידישע לערע. די חז"ל זאָגן אין קידושין פּב, ב׳: „לעולם ילמד אדם את בנו אומנות ויתפלל למי שהעושר והנכסים שלו, שאין אומנות שאין בה עניות ועשירות וכו׳". דאָס איז טייטש: שטענדיק זאָל אַ מענטש לערנען זיין קינד אַ מלאכה, און זאָל מתפלל זיין צו גאָט אויך, וועלכער טיילט אויס רייכקייט אָדער אָרימקייט, וואָרום ניט אין דער מלאכה אַליין ליגט רייכקייט אָדער אָרימקייט, נאָר אויך אין דער השגחה. און אַזוי האָבן אונדזערע תלמידי חכמים איינגעזעצט דעם געדאַנק, אַז כאָטש אין הימל ווערט איינגע־שטעלט דער חוק פון פרנסה פאַר יעדן מענטשן, פונדעסטוועגן דאַרף דער מענטש פאַרהעלפן דער הימלישער באַשטימונג דערמיט, וואָס ער זאָל זיך צוגרייטן אַ מקור פון פרנסה, מ׳זאָל ניט זיין געוויזן אין הימל צוליב אים משנה הטבע צו זיין.

אוודאי שטראָמט אַלדאָס גוטס פון גאָטס האַנט און די געטלעכע

השגחה פאַרזאָרגט פאַר יעדערן זיינע באַדערפעניש, „די אויגן פון אַלעמען טוען צו דיר האָפן — זינגט דער בעל התהלים — און דו גיסט זיי זייער עסן אין זיין צייט". און „השלך על ה' יהבך", וואַרף אויף גאָט דיין לאַסט און ער וועט דיך שפּייזן. אָבער דאָס מיינט ניט, אַז דער מענטש דאַרף ניט אַרבייטן. פאַרקערט: „אויב דו וועסט עסן פון דער פּראַצע פון דיינע הענט, איז וואויל דיר און גוט דיר", זינגט דער זעלבער בעל התהלים (קכח, ב). און די חז"ל האָבן געזאָגט, אַז דער וואָס לעבט פון אייגענער אַרבייט איז גרעסער ווי אַ ירא שמים.

אין דער נוצרישער לערע פון „זאָרגלאָזיקייט" איז דאָ אַ זלזול צו אַרבעט. אָבער אידנטום האָט אייביק געגרויסט און געהייליקט אַרבעט.

„גרויס איז די מלאכה — האָבן די אידישע חכמים געזאָגט — וואָרום אַפּילו אָדם הראשון האָט גאָרנישט טועם געווען ביז ער האָט נישט געטאָן קיין מלאכה, ווי אין פּסוק שטייט: און גאָט האָט אַריינגעפירט אָדמן „אין גן עדן זי צו באַאַרבעטן און צו היטן", און ערשט דערנאָך שטייט: „פון אַלע בוימער פונם גאָרטן מעגסטו עסן" (אדר"ן פ' יא).

דער נוצרי האָט געלערנט דער מענטש זאָל פאַרלאָזן מיט זיין שפּייז אויף ניסים, אָבער אונדזערע חכמים האָבן געלערנט פאַרקערט: אין סומכין על הנס, מ'טאָר זיך אויף נסים ניט פאַרלאָזן. זיי האָבן געזאָגט (שבת נג, ב'): כמה גרוע אדם זה שנשתנו לו סדר בראשית, ווי מינדערווערטיק איז דער דאָזיקער מענטש, וואָס צוליב אים האָט מען געענדערט די געזעצן פון דער נאַטור. דאָס הייסט, ס'איז גאָר אַ נידעריקע מדרגה פון אַ מענטשן, ווען פון זיינעטוועגן געשעט עפּעס מחוץ לדרך הטבע. וואָרום אין הימל איז מען ניט גערן צו צערודערן דעם גאַנג פון דער טבע, חוץ אין מאָמענטן פון גרויסער געטלעכער אַנטפּלעקונג, ווי ביי קריעת ים סוף, למשל, כדי די וועלט זאָל זען און אַנערקענען די געטלעכע גרויסקייט.

נון, דאָ ווילן מיר זיך אויך אָפּשטעלן און פרעגן: ווי אַזוי לעבט זיך אויס די קריסטלעכע וועלט מיט איר אַקערן און זייען, מיט איר בויען און שאַפן, מיט אירע אַנטוויקלונגען און דערגרייכונגען אין אירע אינדוסטריען און אונטערנעמונגען פון אַלע מינים — לויטן פּאַסיוון גייסט פון קריסטנטום, אָדער לויטן אַקטיוון און ענערגישן גייסט פון אידנטום?

די אַלע אויבנגעבראַכטע מימראָס פון דער מאָראַלישער לערע פון קריסטנטום זיינען ניט קיין באַזונדערע זאָגעכצן, וואָס זיינען נאָר

אויבנאויף ענלעך איינע אויף די אַנדערע. זיי זיינען ניט קיין באַ־זונדערע בוימער פאַנאַנדערגעוואָרפן איבער פאַרשידענע לאַנדשאַפטן: זיי זיינען בוימער פון איין וואַלד. זיי קומען אַלע פון איין מקור, זיי זיינען אברים פון איין גוף, זיי זיינען אויסערונגען פון אַ גאַנצער וועלט־אַנשויאונג, וועלכע איז גוט אויסגעדריקט אין פאָלגנדער שטעל פון דער קריסטלעכער ביבל:

„האָט ניט ליב די וועלט, אויך ניט דאָס וואָס איז פון דער וועלט. אויב איינער האָט ליב די וועלט, איז די ליבשאַפט פון דעם פאָטער נישטאָ אין אים. וואָרום אַלץ וואָס איז אין דער וועלט, די תאווה פון דעם פליייש און די תאווה פון די אויגן און די גאווה פון לעבן, איז נישט פון דעם פאָטער, נייערט פון דער וועלט" (בריוו פון יוחנן השליח 2, 17־15).

דאָס אייגענע פאַרנעמען מיר אין די רייד פון דעם „בריוו פון יעקבן" (סט. דזשיימס), ישוס ברודער, איינער פון די אַפּאָסטאָלן, וועלכער זאָגט:

„איר אויסגעלאַסענע! צי ווייסט איר נישט, אַז חברשאַפט מיט דער וועלט איז פיינטשאַפט קעגן גאָט? דרום, דער וואָס חברט זיך מיט דער וועלט, ווייזט זיך אַרויס פאַר אַ שונא צו גאָט" (בריוו פון יעקבן 4, 5־4).

אין די דאָזיקע שטעלן ווערט אויסגעדריקט דער פונדאַמענ־טאַלער גייסט פון דעם נוצריס לערע, די נשמה פון דעם אָריגינעלן קריסטנטום. ס'איז אַ גייסט, וואָס איז פיינדלעך צו דער וועלט און צו די מאַניפעסטאַציעס פון מענטשלעכן לעבן. ס'איז אַ טיף־פעסימיס־טישע וועלט־אַנשויאונג, מיט במעט אַ בודהיסטישן ביטול היש.

דערגעגן, פול מיט פרייד איז דער אידישער בליק אויף וועלט און לעבן. גאָט האָט באַשאַפן די וועלט און געזען „כי טוב", אַז אַלץ איז גוט. דער גאַנצער באַשאַף זינגט שירה. די שטערן אין פרימאָרגן זינגען אין כאָר און אַלע גאָטס קינדער שאַלן (איוב, לח, ז). די זון איז ווי אַ חתן וואָס גייט אַרויס פון דער חופה, פרייט זיך ווי אַ גבור צו לויפן אַ וועג (תהלים, יט, ו). ניט אויף וויסטעניש האָט ער זי באַשאַפן (די וועלט), צום באַזעצן האָט ער זי געגרונטפעסטיקט (ישעיה, מה, יח).

און די תורה זאָגט אָן: זאָלסט וויסן די חוקים און משפטים, „למען יאריכון ימיך וייטב לך", כדי דיינע טעג זאָלן זיין לאַנג אויף דער ערד, און עס זאָל דיר גוט זיין.

אַ מדרש זאָגט, אַז דערפאַר הויבט זיך אָן די תורה מיט אַ „בית" און ניט מיט קיין „אלף", ווייל „אלף" איז אין „אָרור" — פאַרשאָלטן,

און „בית" איז אין „ברכה" — אַ בענטשונג. די וועלט איז אַ ברכה.
„כל הקץ בחיים טובים בעולם הזה — זאָגט דער תנא רבי אליהו — סימן רע לו" (פרק יד). איז דער טייטש: דער וואָס איז ממאס דאָס גוט לעבן אויף דער וועלט, איז עס אַ שלעכטער סימן פאַר אים, און זיין שטראָף איז גרויס, וואָרום ער איז אַ כופר אין דער גוטסקייט פון השי"י און איז מבזה די מתנות פון גאָט.

דער גאַנצער אָפּגרונט־טיפער חילוק צווישן אידנטום און קריסטנ־טום ליגט אויסגעדריקט אין אַ פּסוק דאָ, און אין אַ מימרא דאָרט:

תורת משה זאָגט: „לא בשמים היא", די תורה איז ניט אין הימל.

און דער נוצרי האָט געזאָגט: „מיין קעניגרייך איז ניט פון דער וועלט".

די אידישע קאָצעפּציע זעט דעם מלכות שדי דאָ, אויף דער ערד.

קיינער וועט קיינמאָל ניט פאַרשטיין דעם אמתן זין פון קריסטנ־טום, און ער וועט קיינמאָל ניט אַריינדרינגען אין דעם רעכטן תוך פון דעם אידישן ווידערשטאַנד צום קריסטנטום, ווער עס וועט נישט איינזינען האָבן, אַז דער תמצית פון ישוס לערע האָט געשטראָמט פון זיין איבערצייגונג און פּריידיקט, אַז ער איז געקומען ווי דער משיח אין דעם מאָמענט ווען די וועלט שטייט אויפן סאַמע שוועל פון אונ־טערגאַנג.

און וויבאַלד די וועלט איז אויפן סאַמע ראַנד פון אונטערגאַנג, צו וואָס נוצן נאָך רייכטימער? וואָס טויג אַרבעט? וואָס פאַראַ זין האָט עס צו שלאָגן זיך מיטן שטאַרקן איבערן באַזיץ פון דער ערד און אַלץ וואָס אויף איר?

אָט אַזוי האָט ישו פּראָקלאַמירט דעם באַלדיקן סוף פון דער וועלט:

„פירוואָר איך זאָג אייך, פאַראַן צווישן די וואָס שטייען דאָ, אַזעלכע, וואָס וועלן ניט פאַרזוכן דעם טעם פון טויט ביז זיי וועלן זען דאָס מלכות פון גאָט אָנקומען מיט מאַכט" (מאַרקוס 9, 1).

און איינמאָל, ביים פאַנאַנדערשיקן זיינע שליחים צו פּריידיקן זיין לערע איבער ארץ ישראל, האָט ער זיי געזאָגט:

„פירוואָר איך זאָג אייך, איר וועט ניט האָבן דורכגעגאַנגען די שטעט פון ישראל, ביז דער בן אָדם וועט קומען" (מתיא 10, 23).

און נאָכאַמאָל האָט ער געזאָגט:

„פירוואָר איך זאָג אייך, דער דאָזיקער דור וועט ניט פאַרגיין, ביז דאָס אַלץ וועט געשען" (מאַרקוס 13, 30).

אין זעלביקן זין האָט אויך פּאָולוס גערעדט. ער האָט געשריבן:
„דאָס אָבער זאָג איך, ברידער, די צייט איז קורץ. און פון איצט

אָן זאָלן אַלע יענע, וואָס האָבן ווייבער, זיין גלייך ווי זיי וואָלטן זיי נישט געהאַט; און יענע, וואָס וויינען, גלייך ווי זיי וואָלטן נישט גע־וויינט; און יענע, וואָס פרייען זיך, גלייך ווי זיי וואָלטן זיך נישט געפרייט; און יענע, וואָס קויפן, גלייך ווי זיי וואָלטן עס נישט פאַר־מאָגט; און יענע, וואָס האָבן הנאה פון דער וועלט, גלייך ווי זיי וואָלטן זי נישט באַנוצט; וואָרום דאָס געשטאַלט פון דער וועלט טוט פאַר־גיין" (קאָרינטער 1, 7, 31־29).

און זי טוט פאַרגיין בפועל ממש, האָבן זיי געגלויבט, און אַזוי האָבן זיי געפּריידיקט. די פיזישע וועלט ווי זי איז געשטאַנען פון ששת ימי בראשית וועט אויפהערן צו עקזיסטירן, און די וואָס וועלן בלייבן פון איר וועלן אַריבערגעטראָגן ווערן אויף יענער וועלט. און דאָס וועט זיין דאָס „מלכות שמים". און בלייבן וועלן נאָר די, וואָס גלויבן אין דעם נוצרי. און זיי וועלן לעבן ניט אין גוף, נאָר אין נשמה. ווי פּאָולוס האָט געזאָגט: „און דאָס זאָג איך, ברידער, אַז אַ בשר ודם קען נישט ירשענען דאָס מלכות פון גאָט... איך בין אייך מגלה אַ סוד: מיר אַלע... וועלן איבערגעביטן ווערן... די טויטע וועלן אויפשטיין אומפאַרדאַרבלעך און מיר וועלן איבערגעביטן ווערן" (קאָרינטיער 1, 15, 52־50).

דעריבער, פון די עלטסטע צייטן אָן, ווען אַ קריסט האָט גע־וואָלט זיין אַן אמתער קריסט, האָט ער געשטרעבט צו אַסקעטיזם און צו ביטול היש, פון זיין אייגענער פּערזאָן און פון דער וועלט בכלל. געוועזן קריסטן, וואָס זיינען אַוועק לעבן אין די מדבריות, און פונ־דאַנען זיינען געקומען די ערשטע קריסטלעכע הייליקע. כדי צו זיין וואָס מער אָפּגעשיידט פון דער ערד, האָבן אַזעלכע הייליקע קריסטן אָפט יאָרן לאַנג געלעבט אין דער הויך אויף סלופּעס. שפּעטער איז אַנטשטאַנען די אינסטיטוציע פון דעם מאָנאַסטיר, וואו דער אמתער קריסט האָט זיך צוריקגעצויגן און האָט זיך אָפּגעזאָגט פון דער גאַנ־צער וועלט — „ניט נאָר פון פאַרגעניגן און רייכקייט און כבוד, נאָר אויך פון פאַמיליען־לעבן, פון בירגערשאַפט און פון געזעלשאַפט". און ביז היינטיקן טאָג איז דאָס געבליבן דער אידעאַל פון אמתן קריסטנטום.

אַזאַ פאַרנייגונג פון דער וועלט און אָפּזאָגונג פון איר איז דעם אידנטום אומדערטרעגלעך. די תורה האָט געפונען אַן אָרט פאַרן אַסקעט, האָט אים דערלויבט און טאָלערירט, אָבער ניט ליב געהאַט און ניט דערמוטיקט. אין זיינע טעג פון נזירות ווערט דער נזיר אָנגערופן אין פּסוק: קדוש הוא לה', הייליק צו גאָט, אָבער ער ווערט אויך געבאָטן צו ברענגען דריי קרבנות מיטאַמאָל, ווייל „ער האָט

געזינדיקט אויפן נפש״ (חטא על הנפש, במדבר ו). קומט די גמרא און פרעגט: „קעגן וועמעס נפש האָט דערדאָזיקער דען געזינדיקט?״ — און זי ענטפערט: „דאָס מיינט מען וואָס ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון ווייַן. און דערפון לערנען מיר אַ קל וחומר: מה־דאָך דער וואָס באַרויבט זיך נאָר פון ווייַן ווערט שוין אָנגערופן אַ חוטא (אַ זינדער), אַ פשיטא שוין דער וואָס פאַרווערט זיך פון אַלע פאַרגעניגנס פון לעבן. פונדאַנען איז אויך געדרונגען, אַז דער וואָס פאַסט צופיל איז אַ חוטא״ (נדרים י, ע״א).

אַ קריסטלעכער געלערטער, פּראָפעסאָר ווינסענט מעק׳קראָססען, אין אַ בוך „דער נייער רענעסאַנס פון גייסט״ (דהי ניו רענעסאַנס אָוו דהי ספּיריט״), אַרויסגעגעבן אין 1949, מיט דער ברכה פון הויכע פּערזענלעכקייטן אין דער קאַטוילישער קירך אין אַמעריקע, שרייבט מיט בענקשאַפט וועגן דעם קריסטלעכן מיטלאַלטער און זאָגט:

„דער שווערפּונקט פון דער מיטלאַלטערלעכער וועלט איז געווען, אַוועק פון דער מאַטעריעלערווירקלעכקייט... ניט געווען נאָך אַ דור, וואָס איז געווען אַזוי ווייניק פאַרוואָרצלט אין ערדישע זאַכן ווי דער מיטלאַלטער אויף זיין הויכפּונקט. זיין נשמה איז געווען דורך און דורך קריסטלעך... געשעפט און מסחר און געלט מאַכן, וואָס רוים האָט אַזוי הויך געשעצט, זיינען מער נישט באַטראַכט געוואָרן ווי די שענסטע זאַכן, מיט וועלכע אַ מענטש זאָל זיך אינטערעסירן. די אַלטע רוימישע שטעט, ד אַרענעס, די אַקוועדוקטן (וואַסער־לייטונגען), און בריקן זיינען אָפּגעלאָזט געוואָרן אין חורבות... הונדערטער טויזנטער מענער און פרויען, פאָלגנדיק די עצה פון ישוע און די לערע פון פּאָולוסן, אַז יונגפרוישאַפט איז בעסער ווי חתונה האָבן, זיינען אַריינגעטראָטן אין די מאָנאַסטירן צו פאַרברענגען זייער לעבן אין פאַסטן און תפילה, אין פּייניקונג און תשובה טאָן. עס זיינען דאָ אַ סך פאַלן פון קעניגן און קעניגינס, פּרינצן און פּרינצעסינס, וועלכע האָבן אַוועקגעגעבן אַלץ וואָס זיי האָבן געהאַט, מלוכות, מאַכט און רייכטימער, און זיינען געוואָרן פּשוטע אַרבעטער אין דעם וויינגאָרטן פון גאָט״ (ז. 44־42).

אָט דאָס איז ריכטיקער קריסטנטום. אינגאַנצן דער היפּוך דערפון איז דאָס אידנטום. דער מדרש דערציילט, אַז ווען גאָט האָט געוואָלט באַשאַפן דעם מענטשן, האָבן די מלאכים זיך איינגעשטעלט קעגן און האָבן געטענהט: וואָס איז דער מענטש דו זאָלסט אים געדענקען, און דאָס מענטשנקינד דו זאָלסט עס גרויס מאַכן? האָט זיי גאָט געענטפערט: אויב אַזוי, צו וואָס האָב איך באַשאַפן די שאָף און די רינדער, די פויגל און די פיש צו וואָס האָב איך באַשאַפן? ס׳איז

אַ משל — זאָגט דער מדרש ווייטער — מיט אַ מלך, וואָס האָט געהאַט אַ שפּייכלער פול מיט אַלעם גוטן צום עסן און טרינקען, אָבער אַז ער האָט ניט ווער עס זאָל הנאה האָבן דערפון, וואָס פאַרא הנאה האָט דער מלך וואָס זיין שפּייכלער איז פול? (מדרש רבה ח, ה).

דער אידישער געדאַנק איז ניט אַז מ'דאַרף מבטל זיין די וועלט, נאָר אַז מען הייליקט גאָט ווען מען הייליקט די וועלט, און די הנאה פון דער וועלט.

ישו איז געקומען פּריידיקן, אַז די וועלט שטייט ערב איר אונ־טערגאַנג, און ניצול ווערן וועט נאָר דער, וואָס וועט גלויבן אין אים. זיינע אַפּאָסטאָלן און תלמידים האָבן געוואַרט, אַז נאָך אין זייערע טעג וועט קומען אַ סוף צו דער וועלט. זיי זיינען געשטאַנען גרייט יעדער רגע. פונדאַנען איז געפלאָסן די פּעסימיסטישע עצבות פון זייער לערע, און דאָס מאַכט אויך פאַרשטענדלעך די מאָראַל פון ניט אַרבעטן, ניט שפּאָרן, ניט זאָרגן און פון אָוועקגעבן די לעצטע העמד. ווייל מיטנעמען אויף יענער וועלט וועט מען ניט דאַרפן, און איבער־לאָזן אויף דער וועלט וועט ניט זיין וואו און פאַר וועמען.

און וואָס האָט געמיינט „ניצול ווערן" אין דער נוצרישער לערע?

ניצול ווערן פון ערדישן טויט צו אייביקן לעבן אויף יענער וועלט.

און דאָס איז געבליבן דער גרונטזאַץ פון קריסטנטום ביז היינ־טיקן טאָג: אַ צוגרייטונג, ניט פאַר דער וועלט, נאָר פאַר יענער וועלט; ניט פאַרן לעבן, נאָר פאַרן טויט.

און ריכטיק האָט געזאָגט אַ היסטאָריקער, אַז דער אויסדרוק „קריסטלעכע ציוויליזאַציע" איז אינגאַנצן אַ ממזר־באַגריף. וואָרום „וועלט" און „קריסטנטום" זיינען סותר איינע די אַנדערע. קריסטנטום איז מבטל די וועלט כעפרא דארעא (קאַרל לאָוויטה, אין „מינינג אָוו היסטאָרי," ז. 144). „אויב ישו איז דער מוסטער, וואָס דער קריסט דאַרף נאָכטאָן — שרייבט ער דאָרט ווייטער — וועט אים די וועלט קיינמאָל ניט נאָכגיין".

דיזעלביקע קריטיק האָבן אויסגעדריקט, אין משך פון דורות, קליינע און גרויסע, פרומע און פרייע, און נייטראַלע. דער גרויסער דענישער רעליגיעזער דענקער און פריידיקער, סאָרען קירקעגאַארד, האָט זיך אַליין באַטראַכט פאַר „אַ מיסיאָנער אין דער קריסטלעכער וועלט גופא, וואָס זיין ציל איז אַריינצוברענגען דאָס קריסטנטום צו די קריסטן". ער האָט געזאָגט: „מערסטע מענטשן גלויבן, אַז די קריסט־לעכע געבאָטן זיינען בכיוון געמאַכט געוואָרן צו האַרב, אַזוי ווי מ'שטעלט אָן דעם זייגער אַ האַלבע שעה פאָראויס, צו זיין זיכער, אַז מ'וועט ניט פאַרשפּעטיקן אינדערפרי".

דער שווייצאַרישער היסטאָריקער ברוקהאַרדט, אַן אָביעקטיווער פאָרשער, האָט געשריבן, אַז קריסטנטום איז אַן אַסקעטישע רעליגיע, און אין אָנהויב האָט זי גובר געווען איבער דער היידנישער וועלט ווייל אירע אָנהענגער האָבן געקענט מבטל זיין די וועלט און אירע גיטער און גיין און זיין „העלדן פון מדבר". אָבער שפּעטער האָט דאָס קריסטנ־טום געמאַכט אַ פּשרה מיט דער וועלט, און דעריבער האָט עס פאַרלאָרן זיין השפעה.

און קאַרל מאַרקס האָט געשריבן:

„איז ניט יעדער רגע פון אייער פּראַקטישן לעבן אַן אָפּלייקענונג פון אייער רעליגיעזער טעאָריע? האַלט איר עס דען פאַר ניט רעכט זיך צו ווענדן צום געריכט ווען אימיצער באַשווינדלט אייך? אָבער דער אַפּאָסטאָל זאָגט, אַז מ'טאָר עס ניט. שטעלט איר אונטער אייער רעכטע באַק ווען אימיצער גיט אייך אַ פּאַטש אויף דער לינקער, אָדער איר מאַכט אַ קלאָגע אין געריכט? אָבער די עוואַנגעליע זאָגט, אַז מ'טאָר ניט... האָבן דען אייערע מערסטע משפטים און ציווילע געזעצן ניט צו טאָן מיט אייגנטום? אָבער עס איז אייך אָנגעזאָגט געוואָרן, אַז אייערע אוצרות זיינען ניט פון דער היגער וועלט" (מאַרקס־ענגעלס געזאַמטאויסגאַבע, 1, ז. 242).

און פרידריך ניטשע, מיט זיין געשליפענער צונג, האָט עס אויסגעדריקט קירצער און קונציקער פון אַנדערע, ווען ער האָט געזאָגט:

„דער לעצטער קריסט איז געשטאָרבן אויפן צלם"...

דער סך הכל איז, אַז דאָס קריסטנטום, ניט זייענדיק קיין לעבנס־פייאיקע רעליגיע, מיט געבאָטן וואָס זיינען אין אייביקן קאָנפליקט מיט דעם מענטשן און דער וועלט, האָט געשאַפן אַן אייביקע, אומ־איבערבריקבאַרע סתירה צווישן קריסט און קריסטנטום. פונדאַנען שטראָמט די היסטאָרישע, קריסטלעכע צביעות מיט זיך אַליין, די צעשפּאָלטנקייט פון דער קריסטלעכער נשמה, יענע טראַגישע גע־שפּאַנטקייט אין דעם קריסטלעכן מענטשן, וואָס אונאַמונאָ האָט טרעפ־לעך אָנגערופן: די אַגאָניע פון קריסטנטום.

דאָס קריסטנטום פאַרמאָגט ניט קיין שמץ פון יענעם געפיל פון גאַנצקייט און זעלישער שלימות, וואָס דאָס אידנטום גיט זיינע קינדער.

אין טיפסטן און אמתדיקסטן זין פון וואָרט איז אידנטום אַ תורת חיים, און קריסטנטום איז אַ תורת מות.

נאָר פון דעם אַלעמען, פון דעם כבוד און דער גרויסקייט פון אידנטום, איז ביי שלום אַשן קיין זכר ניטאָ.

# „מענטשלעך, אַלצו מענטשלעך"

ס'איז ניט קיין חידוש וואָס פשוטע בשר ודמס האָבן ניט געקענט פאַרווירקלעכן די איבערערדישע און איבערמענטשלעכע מצוות פון דעם נוצרי: ווען ס'איז געקומען צו אַ נסיון, האָט דער נוצרי אַליין עובר געווען אויף זיי.

שטעלט אונטער די אַנדערע באַק, האָט דער נוצרי געפּריידיקט, אָבער ווען אַ דינער פון כהן גדול, לויט דער עוואַנגעליע, האָט אים געגעבן אַ פּאַטש, האָט ער ניט אונטערגעשטעלט די אַנדערע באַק, נאָר ער האָט געפרעגט: „פאַרוואָס שלאָגסטו מיך?" (יוחנן 19,18).

האָט ליב אייערע פיינט און בענטשט אייערע שעלטער, האָט ער געלערנט אין זיין „באַרג דרשה". אָבער שטייענדיק נידעריקער אויף דער ערד האָט ער געזאָגט, אין אַ משל אַנטקעגן זיך אַליין: „און יענע מיינע פיינט, וואָס האָבן ניט געוואָלט איך זאָל הערשן איבער זיי, ברענגט אַהער און טויט זיי פאַר מיינע אויגן" (לוקאַס 19, 27).

„פונוועגן משפט — האָט ער געזאָגט — בין איך געקומען אין דער דאָזיקער וועלט אַריין. כדי די וואָס זעען נישט, זאָלן קענען זען, און די וואָס זעען, זאָלן ווערן בלינד" (יוחנן 9, 39). וואָס איז עס פאַר אַ געטלעכע מיסיע, בלינד צו מאַכן די זעעוודיקע?

אין אַ קריגערישער שטימונג, ביי אַן אַנדער געלעגנהייט, האָט ער געזאָגט: „מיינט ניט, אַז איך בין געקומען ברענגען שלום אויף דער ערד; איך בין ניט געקומען ברענגען שלום, נייערט אַ שווערד" (מתיא 10, 34).

די שרעקלעכסטע זידלערייען, קללות און דראָונגען פון בייזע שטראָפן גיסט ער אויס אויף די קעפּ פון זיינע קעגנער. „וויי צו אייך, סופרים און פּרושים, איר חונפים!" — קיין אַנדער ווענדונג האָט ער גאָרניט לגבי די, וואָס פאַרטיידיקן זייער אַלטן גלויבן. „איר שלאַנגען, שפּראָץ פון עקדישן — שילט ער זיי — כדי אויף אייך זאָל פאַלן דאָס גאַנצע אומשולדיקע בלוט, וואָס איז פאַרגאָסן געוואָרן אויף דער ערד, פון דעם בלוט פון הבל הצדיק, ביז דעם בלוט פון זכריה בן ברכיה" (מתיא 23, 33, 35).

ניט נאָר די פּרושים און סופרים, זיינע דירעקטע קעגנער, נאָר בכלל יעדער איינער וואָס גלויבט ניט אין אים, איז פון אים גע־שטעלט געוואָרן מחוץ למחנה און אונטער גאָטס שטראָף: „דער וואָס גלויבט אין דעם זון האָט אייביק לעבן; דער אָבער וואָס גלויבט

ניט אין דעם זון, וועט ניט זען קיין לעבן, נייערט דער צאָרן פון גאָט טוט בלייבן אויף אים" (יוחנן 3, 36). דאָס אייגענע אין אַן אַנדער פאָרם: „פירוואָר, סיידן איינער ווערט געבאָרן פון וואַסער און דעם גייסט, קען ער ניט אַריינקומען אין דעם מלכות פון גאָט" (יוחנן 3, 5).

און די פרושים, וועלכע ער האָט אַזוי פאַראַכט, זיי האָבן דווקא געלערנט: „די רעכטפאַרטיקע פון אַלע פעלקער האָבן אַ חלק אין עולם הבא", גליך מיט אידן.

צו פרעמדע, אַנדער־פעלקישע, איז דער נוצרי געווען ענגהאַרציק. צו זיינע תלמידים האָט ער געזאָגט: „גייט ניט אויף קיין וועג צו די געצנדינער, און טרעט ניט אַריין אין קיין שומרונישער שטאָט. נייערט גייט ליבערשט צו די פאַרלוירענע שאָף פון בית ישראל" (מתיא 10, 5, 6).

אָבער שלמה המלך האָט געזאָגט: אויך דעם פרעמדן, וואָס איז ניט פון דיין פאָלק ישראל, זאָלסטו פאַרנעמען זיין תפילה (מלכים א ח, מא).

פאַרגלייך אויך וואָס די געשאָלטענע פרושים האָבן געלערנט: „פאַראַכט ניט קיין מענטשן" (אָבות ד, ג), און „עכו"ם וואָס איז עוסק אין תורה איז גלייך צום כהן גדול" (עבודה זרה ג, ע"א).

ווען דער נוצרי איז געפייניקט געוואָרן פון הונגער, האָט ער ניט געקענט קאָנטראָלירן גאַנץ מענטשלעך־ערדישע געפילן אין זיך. איינמאָל, „ווען ער האָט זיך אינדערפרי אומגעקערט אין שטאָט אַריין, איז ער געווען הונגעריק. און זעענדיק אַ פייגנבוים ביים וועג, איז ער צו אים צוגעגאַנגען, און האָט אויף אים גאָרניט ניט געפונען אַ חוץ בלעטער. און ער האָט צו אים געזאָגט: פון איצט אָן זאָל שוין מער קיינמאָל אויף דיר ניט וואַקסן קיין פירות. און תיכף איז דער פייגנבוים איינגעדאַרט געוואָרן" (מתיא 21, 19־18).

פאַרוואָס האָט געקומט דעם אומשולדיקן בוים פאַרשאָלטן צו ווערן? ער האָט דאָך בלויז דערפילט זיין אינערלעכע נאַטור ניט צו טראָגן זיין פרוכט אין יענער צייט פון יאָר. אויב דער נוצרי האָט דורכן פייגנבוים געוואָלט ווייזן אַ נס, האָט ער דאָך דיזעלביקע מאַכט זיינע געקענט באַווייזן דורך באַפעלן דעם פייגנבוים אַרויסצושפּראָצן פרוכט יענעם אויגנבליק. פאַרוואָס האָט ער ניט געטאָן ווי דער זון פון ר' יוסי, וועלכער האָט געוואָלט געבן עסן זיין פאָטערס אַרבעטער, און ער האָט זיך געווענדט צו אַ פייגנבוים און געזאָגט: „פייגנבוים, פייגנבוים! צי אַרויס דיינע פירות, וועלן מיין טאַטנס אַרבעטער עסן! האָט דער פייגנבוים געגעבן פירות פאַר דער צייט און זיי האָבן געגעסן" (תענית כד).

„אַ פרוי וואָס האָט געהאַט אַ קראַנקע טאָכטער איז געקומען און איז אים געפאַלן צו די פיס. און די פרוי איז געווען אַ גריכישע, פון סיריש־פעניצישן אָפּשטאַם. און זי האָט געבעטן ער זאָל אַרויסטרייבן דעם שד פון איר טאָכטער. האָט ער צו איר געזאָגט: זאָלן קודם די קינדער זאַט ווערן, ווייל ס׳איז ניט רעכט צוצונעמען דאָס ברויט פון די קינדער און עס וואַרפן פאַר די הינט" (מאַרקוס 7, 28־27).

אָבער דער בעל התהילים, וואָס איז כלומרשט געווען זיין עלטער־עלטער זיידע, ער האָט אַנדערש געלערנט. ער האָט געזאָגט: „ורחמיו על כל מעשיו", גאָטס רחמנות איז אויף אַלע זיינע באַשעפענישן.

און די פון אים אַזוי פאַראַכטעטע און פאַרשאָלטענע פרושים האָבן געזאָגט:

„מפרנסין עניי עכו"ם עם עניי ישראל" (גטין סא ע"א), מען איז מחויב צו שפייזן גויאישע אָרימעלייט אינאיינעם מיט אידישע.

און ווייטער האָבן זיי געלערנט:

„הימל און ערד רוף איך פאַר עדות, אַז סיי גוי סיי איד, מאַן אָדער פרוי, קנעכט אָדער דינסט, אויף אַלעמען רוט די שכינה, אויף יעדן איינעם לויט זיינע מעשים" — מעיד אני עלי שמים וארץ בין גוי בין ישראל בין איש בין אשה, בין עבד בין שפחה, הכל לפי מעשיו רוח הקודש שורה עליו (תנא דבי אליהו).

דער דאָזיקער חשבון צווישן דער אידישער מאָראַל און דער קריסטלעכער קען אַזוי געפירט ווערן עד אין סוף, און שטענדיק וועט בלייבן אַן עודף אויף דער אידישער זייט חשבון.

אין ניינצנטן יאָרהונדערט האָט אין אייראָפּע געלעבט אַ גרויסער קריסטלעכער דיכטער־דענקער, סאָרען קירקעגאַאַרד, וועלכער איז שוין פריער דערמאָנט געוואָרן. און ער האָט שאַרפזיניק כאַראַקטע־ריזירט דאָס קריסטנטום אין פאָלגנדיקן טיפן זאַץ:

„עס איז גרינגער צו ווערן אַ קריסט ווען איך בין ניט קיין קריסט, איידער צו ווערן אַ קריסט ווען איך בין עס".

עס זעט אויס, אַז קריסטוסן אַליין איז שווער געווען צו זיין אַ קריסט.

7

## ווען מענטש איז „גאָט"

מיט שטילע טריט, אַזוי ווי אַ גנב אין דער נאַכט, גנבעט שלום אַש אַדורך אין זיין בוך דעם געדאַנק פון דעם נוצריס „געטלעכקייט",

וויסנדיק, אַז מיט אָנרירן דעם פּרינציפּ פון אחדות הבורא, רירט ער אָן דעם שוואַרצאַפּל אין אויג פון דער אידישער אמונה און אידישן קיום.

די אַבסאָלוטע איינציקייט פון גאָט איז דער אַבסאָלוטער תוך פון דער אידישער אמונה, איר אָנהויב און איר סוף. דערדאָזיקער פּרינציפּ איז אַנטהאַלטן אין דעם „שמע ישראל ה׳ אלקינו ה׳ אחד״, וואָס איז דאָס גרויסע שלאָגוואָרט פון אידנטום לגבי דער וועלט: גאָט איז אײנער, איינאיינציקער, איינער און ווייטער קיינער. אין דעם „שמע ישראל״ און זיין „אחד״ איז די אידישע אָפּלייקענונג פון אַלע אַנדערע פאָרמען פון רעליגיע: פּאָליטעאיזם, דואַליזם, פּאַנטעאיזם. דער „אחד״ איז דער צענטראַלער פּרינציפּ, פון וועלכן עס שטאַמען אַרויס אַלע אידייען פון אידנטום: די איינהייט פון דעם אוניווערז, די איינהייט פון דער מענטשהייט, די איינהייט פון דער מאָראַל. דער גאַנצער אידישער באַוואוסטזיין, דער יחידישער און דער קאָלעקטיווער, איז באַדינגט אויף דעם „אחד״. מיטן „אחד״ ווערט דער איד געבאָרן און מיטן „אחד״ שטאַרבט ער. מיטן „אחד״ שטייט ער אויף, און מיטן „אחד״ לייגט ער זיך. צוויי מאָל אין טאָג אין דאַוונען, אינדערפרי און אויף דערנאַכט, לייענט ער קריאת שמע און זאָגט „אחד״. און שבת און יום טוב ביים אויסנעמען הערט זיך אויך דערדאָזיקער רוף. די משנה און די גמרא הויבן זיך אָן מיט דער פראַגע: מאימתי, פון ווען אָן הויבט מען אָן לייענען די אָוונט־קריאת שמע? און ווען דער איד ברענגט די גרעסטע מאַניפעסטאַציע פון זיין אידישקייט, ווען ער גייט צום טויט אויף קידוש השם, איז דער פייערלעכער אויסגעשריי פון „שמע ישראל ה׳ אלקינו ה׳ אחד!״ זיין לעצט וואָרט צווישן ערד און הימל (הערץ).

און דעם „אחד״ רעדט דער איד אַרויס מיט אַ באַזונדערער אינטאָנירונג און מיט אַ באַזונדערער כוונה, אין וועלכער זיין גאַנצע נשמה ווערט אַריינגעגאָסן.

און די קריאת שמע מיט איר הייליקן „אחד״ איז ניט געבליבן בלויז אַ באַגריף, אַ גלויבן, אַ תפילה. דער איד האָט זי געפּונען אַריינגעבויט אין זיין געביין, איינגעוועבט אין זיין סאַמע לייב. מיר לערנען:

„בשלש הפרשיות של קריאת שמע (שמע ישראל, והיה אם שמוע ופרשת ציצית) יש י״ח אזכרות, כנגד י״ח חוליות שבשדרה, ורמ״ח תיבות כנגד רמ״ח אברים שבאדם, לקיים מה שנאמר: כל עצמותי תאמרנה מי כמוך באלים ה׳ ״... (ספר האשכול ח״א סי׳ ה׳). דאָס איז טייטש:

אין די דריי פרשיות פון קריאת שמע ווערט אַכצן מאָל דערמאָנט דער נאָמען פון גאָט, און דאָס איז קעגן די אַכצן רינגען וואָס אין דעם

מענטשנס רוקנביין. זיי באַשטייען אויך פון צוויי הונדערט אַכט־און־פערציק ווערטער — אַנטקעגן די צוויי הונדערט אַכט־און־פערציק גלידער פון דעם מענטשלעכן קערפּער, און דאָס איז אין האַרמאָניע מיטן געזאַנג פון דוד המלך: אַלע מיינע ביינער זאָגן ווער איז אַזוי ווי דו, גאָט, צווישן די געטער...

און אונטער דעמדאָזיקן בנין פון אידנטום, וואָס בויט זיך פון אברהם אבינו אָן ביז דעם לעצטן אידן וואָס וועט לייענען קריאת שמע היינט אָוונט, האָט אַש, ווי אַן איינברעכער אין דער נאַכט, זיך אונטער־געגנבעט און גענומען גראָבן, אַריינברענגנדיק אין דער אידישער לי־טעראַטור און אויף דער אידישער גאַס דעם נוצרי אַלס שותף צום כביכול.

אין זיינע שפּעטערדיקע קריסטלעכע שריפטן טוט ער עס גאַנץ אָפן און דירעקט, אין דעם „מאַן פון נצרת" נאָך אַביסל גנביש, אָבער דאָך געטנוג קענטיק.

דאָס בוך איז געשריבן מיט אַ פרומען ציטער, ווי פון איינעם וואָס איז באַוועלטיקט פון אַ הייליקער פאַרכטיקייט, וואָס מען האָט נאָר אין גרויסע רגעס פון רעליגיעזן עקסטאַז, ווען מען שטייט אין אַ מקום קדוש און מען פילט זיך אין דער אוממיטלבאַרער קעגנוואַרט פון דעם באַשעפער. אַש שילדערט ווי אַזוי דער נוצרי איז זיך מתגלה פאַר דער וועלט אַלס אַ וועזן פון הימל, און ווי אַזוי זיינע נאָכפאָלגער, אונטער דער השפעה פון דער התגלות, ווערן בהדרגה פאַרוועבט אין דעם באַוואוסטזיין, אַז ער איז אַ פאַרקערפּערונג פון גאָט, וואָס איז אַראָפּ אויף דער ערד. און דידאָזיקע דינע, סובטילע אַטמאָספערע דרינגט אַריין אין די פאָרן פון דעם לעזער און איז אים אויך משפיע אין דעמדאָזיקן זין.

אַש טוט עס אויך אויף אַ מער דירעקטן וועג. ער ברענגט גאַנצע, אויספירלעכע שטעלן פון דעם נוצריס רייד, ווערטערלעך אַרויסגע־הויבן פון דער עוואַנגעליע, און אַמאָל נאָר לייכט פאַראַפראַזירט, אַלץ פירנדיק צום געדאַנק, אַז דער נוצרי איז גאָטס זון, וואָס איז אַראָפּגע־קומען פון הימל אויסצולייזן די וועלט. ער ברענגט מיט גרויסער שפע די נסים ונפלאות, וואָס פאַרפלייצן די עוואַנגעליע, אַלס באַווייז אויף ישוס געטלעכער מאַכט. ער דערציילט ווי ער מאַכט געזונט קראַנקע, מאַכט זעעוודיק בלינדע, מאַכט אַפילו פון טויט לעבעדיק. ער שיל־דערט אים ווי ער ווערט איינמאָל גאָלע ליכט, און איינמאָל ווערט ער אינגאַנצן פייער.

נאָר אינגאַנצן מודה זיין אין ישוס געטלעכקייט טוט ער אין אַן אַנדער שטעל. ווי מיר האָבן שוין געזען, פיגורירט אָפט אַש אַליין

אין דעם ווערק אין דער געשטאַלט פון אַן אַמאָליקן גלגול. דאָ האָט ער אַ גלגול־חבר מיטן נאָמען רופוס. די צוויי בחורימלעך גייען נאָך דעם נוצרי פוסטריט, אייביק פאַרחלשטע פון התפעלות. און אָט זעען זיי אים ווי ער גייט אַרויף צום אויבערשטיבל, דאָרט וווּ ס'איז גע־פּראַוועט געוואָרן דער „לעצטער מאָלצייט". דעמאָלט דערשיינט ישו פאַר זיי אין גאָר אַן אויסערגעוויינלעכער וויזיע, און רופוס זאָגט צו אַשס גלגול:

„ניט אַנדערש נאָר אַ מלאך פון הימל איז אַראָפּגעקומען צו טאָן זיין עבודה".

דערויף ענטפערט אַש:

„האָסט רעכט, מיין פריינט. מיר האָבן די זכיה געהאַט צו זען אַ מלאך מן השמים פנים אל פנים" („מאַן פון נצרת", ז. 585).

מיט אַזאַ דעקלאַראַציע הערט אויף שלום אַש צו זיין דער ריינער בעלעטריסט אין דעמדאָזיקן ווערק, נאָר ער דערקלערט זיך פאַר דעם קריסטלעכן צד, און אין דעם גרויסן וויכוח צווישן אידנטום און קריסטנטום שטעלט ער זיך אויפן קריסטלעכן שטאַנדפּונקט.

דערמיט האָט ער זיך פאַרזינדיקט ניט נאָר פאַר גאָט און פאַרן אידישן פאָלק, נאָר אויך פאַר דער טעמע.

ווי אַ צד ביים קריסטלעכן טיש איז ער גלייך אַריינגעפאַלן אין דעם קריסטלעכן שאַבלאָן פון דער טעמע. אין דעמדאָזיקן שאַבלאָן ווערן פאַרגעשטעלט צוויי מינים איד אין ישוס צייט: איין מין, וואָס האָט דעם נוצרי אָנערקענט און אָנגענומען; די זיינען געווען גוטע און וואוילע אידן. דער אַנדערער מין, דער עיקר די פרושים און זייערע פירער די חכמים, וועלכע האָבן אים צוריקגעוויזן; דידאָזיקע זיינען געווען געמיינע, צבועקעס, חונפים, זינדער און פאַרברעכער.

ווען אַש וואָלט ראוי געווען די טעמע „אידנטום־קריסטנטום", וואָלט ער געזען אַז דער שווערפּונקט ליגט גאַנץ ערגעץ אַנדערש.

ער וואָלט געזען:

אָט איז אַ פאָלק, דאָס אידישע פאָלק, וואָס איז פאַרשוואָרן, פאַר־וואָרצלט און פאַרפונדעוועט אין דעם געדאַנק פון אַן איינציקן גאָט, וואָס איז די ריינסטע אבסטראַקציע, אויף וועלכער דער מענטשלעכער געדאַנק איז פעהיק זיך צו דערהויבן, אָן שום פאָרם און געשטאַלט, פון אייביקייט ביז אייביקייט, דער שעפער און מנהיג פון דער וועלט און אַלץ וואָס אין איר. דאָס פאָלק איז אַנטשטאַנען אַרום דערדאָזיקער אי־דייע און זיין קיום איז איר געווידמעט. פאַר דערדאָזיקער אידייע איז ער פאַרפיינדט געוואָרן מיט דער גאַנצער וועלט, וועלכע איז פאַרזונקען אין מיאוסן היידנטום און עקלדיקסטער געצנדינעריי. דאָס פאָלק גע־

פינט זיך אונטער דער הערשאַפט פון רוים, וואו די צעזאַרס דער־קלערן זיך פאַר געטער און עס ווערט געדינט צו זיי ווי צו געטער, צום ווידערווילן פון דעם אידישן מענטשן.

אָט אין דערדאָזיקער וועלט באַוויזט זיך אַ מענטש, אַ איד, מיטן נאָמען ישו, און ער זאָגט, אַז ער איז גאָטס זון, און צו אים איז איבער־געגעבן געוואָרן די מאַכט און די הערשאַפט, און ער פאָדערט פאַר זיך גאָטלעכע אָנערקענונג! ער האָט געזאָגט:

„איך און דער פאָטער זיינען איינס" (יוחנן 10, 30).

„דער פאָטער איז אין מיר, און איך אין דעם פאָטער" (יוחנן 10, 38).

„פירוואָר, פירוואָר, איך זאָג אייך, איידער אברהם איז געווען, בין איך געווען (יוחנן 8, 58).

און נאָך צענדליקע אַזעלכע דערקלערונגען אין אַלערליי וואַריאַנטן, מיט וועלכע די גאַנצע עוואַנגעליע איז פול.

וואָס האָט געמוזט זיין דער אָפּרוף פון דעם אידן אויף אַזעלכע תביעות?

שלום אַש נעמט אין ערגעץ ניט אָן קיין אידישע שטעלונג לגבי דידאָזיקע תביעות, און אין ערגעץ שילדערט ער אויך ניט דאָס גרויסע שטוינען, וואָס דידאָזיקע תביעות האָבן געמוזט אַרויסרופן ביי די אידן, וואָס האָבן אַזעלכס געהערט דירעקט פון דעם נוצריס מויל — אויב ס'איז טאַקע באמת געווען אַ נוצרי, אַ זאַך וואָס אַ סך געלערטע לייקע־נען לגמרי. און שוין צוויי טויזנט יאָר אַז אידן הערן דאָס זעלביקע פון קריסטלעכע מיילער, און זייער שטוינען איז נאָך היינט פונקט אַזוי פריש און גרויס ווי עס האָט געמוזט זיין אין יענע ערשטע טעג. נאָר שלום אַש האָט דאָס אַלץ אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנט. ער רעאַגירט ניט דערויף, ניט ווי אַ איד און ניט ווי אַ קינסטלער.

לאָמיר נאָר אַליין, אָן אַשס הילף, פּרובן אויף אַ רגע זיך פאָראַנ־שוילעכן די זאַך:

עס שטייט אַ בלייכער יונגערמאַן אויף די גאַסן פון ירושלים און רעדט און טענה'ט: „איך און דער פאָטער זיינען איינס". פאַר־טייטשט מיינט עס: איך בין גאָט...

שטייט אַנטקעגן אים אַ איד און טראַכט: דערדאָזיקער מעלאַנכאָ־לישער יונגערמאַן, ער זאָגט אויף זיך, אַז ער איז גאָט. דאָס מיינט, אַז דאָס האָט ער באַשאַפן הימל און ערד און אַלע ברואים אויף דער וועלט; דאָס האָט ער געבראַכט דעם מבול און דערטרונקען זיין אייגענעם באַשאַף; דאָס האָט ער געריידט צו אברהמען און האָט מבטיח געווען דאָס לאַנד צו זיינע קינדער; דאָס האָט ער אַרויסגעצויגן די אידן

פון מצרים, דאָס האָט ער געשפּאָלטן דעם ים, דאָס האָט ער גערעדט פון באַרג סיני מיט דונערן און בליצן און פּראָקלאַמירט: אנכי ה' אלקיך — אַלץ אָט דער יונגערמאַנטשיק, און איצט שטייט ער נעבעך אויף די גאַסן פון ירושלים און שרייט „אני שלמה"...

גייט דער איד אַריין מיט אים אין אַ וויכוח. דו זאָגסט: „איך און דער פּאָטער זיינען איינס", „דער פּאָטער איז אין מיר און איך אין דעם פּאָטער". אָבער עס שטייט דאָך געשריבן אין דער תורה:

„ה' הוא האלקים בשמים ממעל ועל הארץ מתחת אין עוד" (דברים ד, לט) — גאָט איז דער גאָט אין הימל אויבן און אויף דער ערד אונטן, ניטאָ מער...

עס שטייט: „ראו עתה כי אני אני הוא ואין אלקים עמדי" (דברים לב, לט) — זעט אַצינד, אַז איך, איך בין עס און סיאיז ניטאָ קיין גאָט מיט מיר...

עס שטייט: „למען תדעו ותאמינו לי והבינו כי אני הוא לפני לא נצר אל ואחרי לא יהיה" (ישעיה מג, י) — כדי איר זאָלט וויסן און מיר גלויבן, און פאַרשטייט, אַז איך בין עס, פאַר מיר איז ניט באַשאַפן געוואָרן קיין גאָט, און נאָך מיר וועט ניט זיין. און אַזוי האָבן מיר אַלע דריי פּאָרמען: ניט פאַר מיר, ניט נאָך מיר, ניט מיט מיר...

און אַזוי גייט אַוועק אַ לאַנגע קייט פון טענות און ראיות:

דער נוצרי האָט געזאָגט: „דער פּאָטער משפט קיינעם ניט, נייערט האָט דעם גאַנצן משפט איבערגעגעבן דעם זון" (יוחנן 5, 3-22). אָבער אין דער תורה שטייט: „כי המשפט לאלקים הוא" (דברים א, יז) — דער משפט געהער צו גאָט.

דער נוצרי האָט געזאָגט: „די גאַנצע מאַכט איז מיר איבערגע-געבן געוואָרן, אין הימל און אויף דער ערד" (מתיא 28, 18). און ביים נביא געפינען מיר: „אנכי אנכי ה' ואין מבלעדי מושיע" (ישעיה מג, יא) — איך, איך בין גאָט און ניטאָ אויסער מיר קיין העלפער...

דער נוצרי האָט געזאָגט: „קיינער קומט ניט צום פּאָטער סיידן דורך דעם זון", און דער נביא זאָגט: „ואנכי ה' אלקיך מארץ מצרים זולתי לא תדע" (הושע יג, ד) — און איך בין גאָט דיין גאָט פון לאַנד מצרים אָן, קיין אַנדערן אויסער מיך זאָלסטו ניט וויסן...

דער נוצרי האָט געזאָגט: „דער פּאָטער... האָט דעם גאַנצן משפט איבערגעגעבן דעם זון, כדי אַלע זאָלן אָפּגעבן כבוד דעם זון, פונקט ווי זיי גיבן אָפּ כבוד דעם פּאָטער" (יוחנן 5, 3-22). און גאָט האָט געזאָגט:

„אני ה' הוא שמי וכבודי לאחר לא אתן" (ישעיה מב, ח) — איך בין גאָט, דאָס איז מיין נאָמען און מיין כבוד צו אַן אַנדערן וועל איך ניט געבן...

דאָס צעטל קען אַזוי געצויגן ווערן ווייטער און מיר זאָלן קיינמאָל דעם סוף ניט דערגרייכן. די אידישע לערע פון געטלעכער איינציקייט איז אין דעם תנ"ך אויסגעהאַקט מיט אַזאַ מעכטיקער קלאָרקייט און אויסגעשמידט מיט אַזאַ פעלדזיקער האַרטקייט און שאַרפקייט, אַז עס קען ניט פאַרווישט ווערן, אַזוי ווי די זון קען פון הימל ניט אַראָפּגעווישט ווערן. ניט די רייד פון דעם נוצרי אַליין און דער עוואַנגעליע, און ניט די טויזנטער יאָרן רייד פון קריסטנטום, האָבן ניט געהאָלפן צו רירן דאָס אידנטום פון דערדאָזיקער דעה כחוט השערה. די אידישע חכמים, און פילאָזאָפן פון די שפּעטערדיקע דורות, ר' סעדיה גאון, איבן גבירול, יהודה הלוי, דער רמב"ם, האָבן אומענדלעך פאַרטיפט און ווייטער געשליפן די אידישע אידייע פון אחדות הבורא, ביז ס'איז אין איר ניט געבליבן דער מינדסטער שפּור פון אַנטראָפּאָמאָרמיזם. „נעלם וגם אין סוף לאחדותו", גאָט איז פאַרבאָרגן און דאָך איז זיין איינציקייט אומענדלעך", זאָגט דער איד אין זיין תפילה.

דידאָזיקע „אומענדלעכע איינציקייט" איז דאָס קריסטנטום געקומען און האָט געוואָלט צעשפּאַלטן, און מאַכן פלאַץ פאַר אַ צווייטער רשות, פאַר אַ שותף צום כביכול. און שלום אַש איז אים געקומען העלפן שפּאַלטן די אומענדלעכקייט . . .

און אַ צווייטע זאַך, וואָס איז אומענדלעך, איז דער נוצרי געקומען מצמצם זיין, און דער איד האָט דערויף ניט געקענט מוותר זיין — די אייביקייט פון דער תורה. און שלום אַש האָט דערויף אויך מוותר געווען . . .

עס איז געווייינלעך אָנגענומען, אַז פּאָולוס איז געווען דער ערשטער וואָס האָט געבראַכט צום אַנטגילטיקן ברוך צווישן אידנטום און קריסטנטום. אין אמתן אָבער שטאַמט דער ברוך שוין פון דעם נוצרי אַליין. אמת, דער נוצרי האָט גערעדט ווערטער פון שלום וועגן דער תורה. ער האָט געזאָגט:

„מיינט ניט, אַז איך בין געקומען מבטל זיין די תורה און די נביאים. איך בין ניט געקומען מבטל זיין, נייערט צו דערפילן. וואָרום פירוואָר, איך זאָג אייך, ביז הימל און ערד וועלן פאַרגיין וועט קיין איין קוצו של יוד אָדער שטריכל פון דער תורה ניט פאַרגיין, ביז אַלץ וועט מקוים ווערן" (מתיא 5, 17, 18; לוקאס 16, 18).

אָבער גלייך דערביי גיט ער אַ זאָג: „דער וואָס גט זיין ווייב און האָט חתונה מיט אַן אַנדערער, איז מזנה; און דער וואָס האָט חתונה מיט אַ גרושה איז אַ נואף" (לוקאס 16, 17, 18). און דערמיט אסרט ער גט, וואָס די תורה איז מתיר.

ער פראָקלאַמירט פייערלעך, אַז קיין שטריכעלע פון דער תורה איז ער ניט געקומען בטל מאַכן, און תוך כדי דיבור דערקלערט ער:

„איר האָט געהערט אַז ס'איז געזאָגט געוואָרן צו די קדמונים: זאָלסט ניט שווערן פאַלש, נייערט זאָלסט מקיים זיין דיינע שבועות צו גאָט (שמות כ, יג), אָבער איך זאָג אייך שווערט ניט בכלל" (מתיא 5, 33-4).

ווידער, הייסט עס, אסרט ער וואָס די תורה איז מתיר. און אַזוי אומעטום: יעדעס מאָל וואָס ער איז מודה אין דער תורה איז ער גלייך אויפן אָרט עובר אויף איר. זיין באַליבטער נוסח גייט אַזוי:

„איר האָט געהערט אַז ס'איז געזאָגט געוואָרן... אָבער איך זאָג אייך"...

און מיט דערדאָזיקער פאָרמעל האָט ער בטל געמאַכט אַ סך זאַכן סיי מדאורייתא סיי מדרבנן. ער האָט אַזוי אָפּגעשאַפט כשר און טריף אין אידנטום, אַ סך איסורים פון שבת, גט, שבועה, נטילת ידים.

דער אמתער יסוד פון דעם נוצריס באַציאונג צו תורת משה ליגט אָפּן אין אַן אַנרעד מימרא פון אים, וואָס זאָגט:

„די תורה און די נביאים זיינען געווען ביז יוחנן (המטביל). פון דעמאָלט אָן ווערט געדרשנט די בשורה פון דעם מלכות פון גאָט" (לוקאס 16, 16).

דאָ איז אַ קלאָרע, אומצווייַדייטיקע פראָקלאַמירונג פון דעם נוצרי אַליין, אַז מיט דער בשורה דורך יוחנן המטביל וועגן זיין אָנקומען האָט זיך געענדיקט די גילטיקייט פון דער תורה און עס האָבן זיך געענדיקט, מיט זייער דערפילונג די נבואות פון די נביאים.

וואָס זשע האָט ער געמיינט מיט זיין דעקלאַראַציע, אַז די תורה וועט ניט בטל ווערן אין קיין מינדסטן שטריכעלע, „ביז אַלץ וועט מקוים ווערן"?

דער נוצרי האָט געמיינט צו זאָגן, אַז אין דער תורה גופא איז אָנגעצייכנט געוואָרן, אַז מיט זיין אָנקומען דאַרף זי אומגילטיק ווערן, און במילא מיינט עס, אַז ער איז ניט געקומען צו צעשטערן די תורה, נאָר זי צו דערפילן. זיין התגלות, הייסט עס, איז די לעצטע דערפילונג און פאַרפולקומונג פון דער תורה און די נביאים.

„וואָלט איר משהן געגלויבט — זאָגט ער איינמאָל צו זיינע געגנער — וואָלט איר מיר געגלויבט. ווייל ער האָט געשריבן וועגן מיר" (יוחנן 5, 6-45).

וואו האָט משה רבינו געשריבן וועגן דעם נוצרי? אין וועלכער פרשה, אין וועלכן פסוק? קען עס געמאָלט זיין, אַז אין אַלע וויכוחים צווישן אים און זיינע קעגנער האָט זיך ניט אָפּגערוכט קיינער, וואָס

האָט אים אַ שטעל געטאָן די פראַגע: וואו האָט משה געשריבן וועגן דיר? ווייז דאָס אָרט!

ווען שלום אַש וואָלט געהאַט דעם מינדסטן דרך ארץ פאַרן אידישן צד אין דעם אייביקן וויכוח צווישן אידנטום און קריסטנטום, וואָלט ער די דאָזיקע רייד פון דער עוואַנגעליע ניט אַריבערגעשפּרייזט אין שטילשווייגן. ווייל זיי זיינען פון דער עסענץ פון דער אידישער טענה. שטענדיק האָט דער נוצרי, אין דעם לשון פון דער עוואַנגעליע, געזעדט אויסמיידעריש, אין אַ פאַרוואָלקנטער שפּראַך, אָבער דאָ האָט ער דעם ענין אינגאַנצן געלאָזט אָן אַ מקור. ער דערמאָנט קיין וואָרט ניט וואָס משה זאָל האָבן געשריבן וועגן אים.

אָבער די שפּעטערדיקע „קירכלעכע פאָטערס" האָבן ניט געקענט לאָזן אַזאַ בלויז אין דער לערע פון זייער גואל און זיי האָבן געזוכט מיט ליכט אין תורת משה אַן אָנדייט אויפן נוצרי. און זיי האָבן זייער פינגער אַוועקגעלייגט אויף געוויסע פּסוקים אין תורת משה, (זע קאַטוילישע ביבל, יוחנן 5, באַמערקונגען צו די זאַצן 6־45).

און דאָס איז איינער פון די פּסוקים:

„ואיבה אָשית בינך ובין האשה ובין זרעך ובין זרעה הוא ישופך ראש ואתה תשופנו עקב" (בראשית ג, טו): און אַ פיינטשאַפט וועל איך טאָן צווישן דיר און צווישן דער פרוי; און צווישן דיינע קינדער און צווישן אירע קינדער, ער וועט דיר צעשטויסן דעם קאָפּ און דו וועסט אים בייסן דעם טראָט.

וואו קומט אַהער אַריין דער נוצרי?

אַ רייזע צו דער לבנה איז וויניקער פאַנטאַסטיש, ווי די סכאָלאַסטישע קלעטעריי מיט וועלכער מען וויל אַריינטייטשן אין דער דאָזיקער קללה צווישן מענטש און שלאַנג אַן אָנצוהערעניש אויפן קומען פון ישו הנוצרי.

דאָס אייגענע איז מיט די אַנדערע טייטשן פון דעם מין.

אַש האָט געמאַכט אַ גרויסן וועזן פון דעם נוצריס פאַרמעל „אָבער איך זאָג אייך" ווי אַ באַוויז, אַז דער נוצרי איז געקומען מיטן רשות אָפּצוענדערן די תורה און אַז ער איז געווען גרעסער פון משה רבינו און פון אַלע אַנדערע נביאים. אין זיין ביכל „מיין אַני מאמין" („וואַט אַי בעליוו") ברייעט ער מיט גרויס פעסטקייט און זעלבסטזיכערקייט, אַז משה רבינו האָט נאָר געהאַט רשות צוריידן אין גאָטס נאָמען, ווי אין פּסוק שטייט: און גאָט האָט גערעדט צו משהן, און גאָט האָט געזאָגט צו משהן, און גאָט האָט באַפוילן די אידן דורך משהן. דאָס אייגענע ביי די נביאים, זיי האָבן נאָר געקענט ריידן וואָס איז זיי אַריינגעלייגט געוואָרן אין מויל מפּי הגבורה.

אָבער דער נוצרי, ער האָט גערעדט אין זיין אייגענעם נאָמען: „עס איז אייך געזאָגט געוואָרן אַזוי און אַזוי, אָבער איך זאָג אייך אַנ־דערש", אָפּרוקנדיק אין אַ זייט די רייד אַפּילו פון כביכול אַליין...

דאָס האָט באַטייט פאַר אַשן, אַז דער נוצרי האָט גערעדט „מיט רשות", אָדער „אויטאָריטעט", און ער שפּילט אויף דערדאָזיקער נאָטע אין זיין „מאַן פון נצרת", אַזוי ווי אין זיין „אני מאמין".

דאָס איז גוטע קריסטלעכע טעאָלאָגיע, וועלכע שטעלט דעם נוצרי אויף איין מדרגה מיט דעם באַשעפער.

אָבער ווער עס נעמט אָן דידאָזיקע אָנשויאונג אויפן נוצרי שטייט מער ניט אויפן באָדן פון אידנטום.

און אַזוי האָט אַש געשריבן זיין ישו־בוך: מחוץ פון דעם גבול פון אידנטום. ער האָט געזינדיקט אַלס איד. ער האָט אויך גע־זינדיקט אַלס קינסטלער.

שוין פון קינסטלערישן שטאַנדפּונקט אַליין האָט ער ניט גע־טאָרט טאָן און אויסמיידן די שפּיציקע שאַרפקייט צווישן די צוויי שטאַנדפּונקטן, דעם אידישן און דעם קריסטלעכן. זיינע בלעטער האָבן געדאַרפט ברענען מיט שלאַכט, שלאַכט צווישן דעות, מימראס, פּסוקים. יאָ, פּסוק קעגן פּסוק, און זאָג קעגן זאָג: אַזוי און אַזוי: ישו האָט געזאָגט, אַז גאָט האָט געהייסן געבן אים דעמזעלבן כבוד וואָס געהער צו גאָט אַליין; וואָס זשע טוט איר מיטן פּסוק: און מיין כבוד וועל איך מיט קיין אַנדערן ניט טיילן?

די עוואַנגעליע מיידט אויס דידאָזיקע שלאַכט פון גייסט מיטן אידנטום, די „שלאַכט פון פּסוקים". ניט זי דערמאָנט זיי, ניט זי פאַר־ענטפערט זיי. זי באַנוגנט זיך מיט שילטן די געגנער, ניט אָפּשלאָגן זייערע טענות. אָבער שלום אַש אין זיין ווערק, געשריבן אין אידיש און געמיינט פאַר אידן, האָט עס ניט געטאָרט אַריבערגיין אין שטיל־שווייגן. עס זיינען דאָך געוויס געווען אידן דאָרט אויף די גאַסן פון ירושלים און אין די שטעט און דערפער פון ארץ ישראל, וואָס האָבן אין די וויכוחים מיט אים אַרויסגעשטעלט די דאָזיקע טענות און פּסוקים פאַרן נוצרי צו פאַרענטפערן; וואָס האָט ער געענטפערט?

די וויכוחים אין דער עוואַנגעליע זיינען זייער וואַסערדיק און זייער איינזייטיק. די בלעטער פון דער עוואַנגעליע זיינען אָנגעפּילט מיט ישוס מחלוקתן מיט די פּרושים, אָבער קיין אמתן, רעכטן, חשובן, גע־לערנטן, גייסטרייכן פּרושי זעט מען ניט. עס פיגורירט דאָרט איינער מיטן נאָמען נקדימון, וואָס זיי רופן פּרושי, און שלום אַש נוצט אים אין זיין בוך נאָך מער ווי די עוואַנגעליסטן אין דער עוואַנצעליע, אָבער ער איז אַ קנאַפּער למדן, און דערצו איז ער גאָר אַ „מיטלויפער", וואָס

איז אַליין געכאַפּט אין דער מעשה. אין די אידישע ספרים, צווישן די חכמים, איז ניט דערמאָנט קיין נקדימון. אין דער גמרא ווערט גע־בראַכט אַ נקדימון, אָבער ער איז געווען איינער פון די רייכע אידן, וואָס האָבן געשפּייזט ירושלים אין דעם הונגער פון באַלאַגערונג, ניט פון די תלמידי חכמים. דער נקדימון פון דער עוואַנגעליע פאַרטרעט מיט גאָרניט די אַנשויאונגען פון די פּרושים, די אמתע טרעגער פון אמתן אידנטום. דידאַזיקע שעפער און קעמפער פון אידנטום ווערן אין דער עוואַנגעליע נאָר באַזידלט, אָבער ניט געענטפערט.

אָבער שלום אַש האָט אין „מאַן פון נצרת" דווקא אַריינגעפירט אמתע פּרושים, פון די גרעסטע און באַרימטסטע. און די טירן זיינען געשטאַנען פאַר אים אָפן אַריינצופירן נאָך. ביי אים פיגורירט ברייט־לעך רבן גמליאל (וואָס אין נייעם טעסטאַמענט ווערט ער קורץ דער־מאָנט בלויז אין די „מעשים פון די שליחים"), און גאָר ברייט רבי יוחנן בן זכאי. אָט האָט עס אַש געקענט „אַראַנזשירן" אַ דעבאַטע צווישן דעם נוצרי און רבי יוחנן בן זכאי! אָט דאָ וואָלט געווען וואָס צו הערן!

אין פלוג איז דאָך רבי יוחנן בן זכאי געווען דער אמתער אַנטאַ־גאָניסט פון דעם נוצרי. דער נוצרי — און נאָך מער שפּעטער פּאולוס — איז געקומען אויסצורייסן די תורה פון צווישן אידן, און רבי יוחנן בן זכאי האָט געזאָרגט, אין יענער שטירמישער צייט, אַזוי צו פאַר־פלאַנצן די תורה צווישן אידן, אַז קיין שטורמווינט זאָל זי מער קיינ־מאָל ניט קענען אויסוואָרצלען. און צי כראָנאָלאָגיש ריכטיק אָדער ניט, נאָר שלום אַש פירט אַרום רבי יוחנן בן זכאי מיט דרשות איבער דער מדינה אין דער אייגענער צייט וואָס דער נוצרי וואַנדערט איבער ארץ ישראל און פּריידיקט זיין נייע לערע. און איינמאָל ווייזט ער אונדז אַפילו דעם נוצרי צווישן די, וואָס זיינען געקומען הערן רבי יוחנן בן זכאי. נאָר מיט קיין איין־איינציקן וואָרט דערמאָנען זיי ניט איינער דעם אַנדערן אין זייערע רייד. און אַ פּשיטא שוין, אַז אַש ברענגט זיי ניט צונויף אין אַ דירעקטן שמועס אָדער אָפענעם וויכוח.

און אויב ניט רבי יוחנן אַליין, האָבן עס געקענט זיין זיינע תלמידים. אַ סך גרויסע תלמידים האָט רבי יוחנן בן זכאי געהאַט. די באַרימטסטע פון זיי זיינען געווען פינף. מיר לערנען אין דער משנה:

„פינף תלמידים זיינען געווען ביי רבי יוחנן בן זכאי, און דאָס זיינען זיי: רבי אליעזר בן הורקנוס, רבי יהושע בן חנניא, רבי יוסי הכהן, רבי שמעון בן נתנאל, און רבי אלעזר בן ערך. ער פלעגט אויסרעכענען זייער שבח. רבי אליעזר בן הורקנוס — אַן אויסגע־

קאַלכטע גרוב, וואָס פאַרלירט ניט קיין טראָפּן. רבי יהושע בן חנניא — וואויל איז זיין געווינערין. רבי יוסי הכהן — אַ חסיד, וואָס טוט שטענדיק לפנים משורת דין. רבי שמעון בן נתנאל — ציטערט פאַר אַן עבירה. רבי אלעזר בן ערך — אַ קוואַל וואָס ווערט שטענדיק שטאַרקער וואָס מער מ׳שעפּט פון אים. ער (רבי יוחנן בן זכאי) פלעגט זאָגן: ווען אַלע חכמי ישראל זאָלן זיין אויף איין וואָגשאָל, און רבי אליעזר בן הורקנוס אין דער אַנדערער וואָגשאָל, וואָלט ער אַריבערגעוואויגן אַלעמען. רבי שאול פלעגט זאָגן אין זיין נאָמען: ווען אַלע חכמים פון ישראל זאָלן זיין אויף איין וואָגשאָל, און רבי אליעזר בן הורקנוס אויך מיט זיי, און רבי אלעזר בן ערך אויף דער צווייטער וואָגשאָל, וואָלט ער זיי אַלעמען אַריבערגעוואויגן״ (אָבות ב, י).

פון זיי וואָלט מען געקענט הערן דאָס אמתע וואָרט פון די פּרושים אויף דעם נוצריס קאַמף מיטן אידנטום.

אָבער זיי ווערן אַפילו ניט דערמאָנט, ניט אין דער עוואַנגעליע, און ניט ביי שלום אַשן.

ווי קומט עס? געקומען דער נוצרי איבערצוקערן די וועלט; לויט דער עוואַנגעליע און לויט אַשן, האָט ער איבערגעקערט ארץ ישראל פונם פונדאַמענט ביזן דאַך, און ביי אַלעם דעם זאָל מען פון די אמתע פאָרשטייער און גייסטיקע פירער פון פאָלק אין יענער צייט ניט הערן קיין וואָרט דעריבער?

פון דער עוואַנגעליע רעדן מיר ניט. מיט איר פירן מיר ניט קיין וויכוחים. אָבער שלום אַש, פאַרוואָס האָט ער אַזוי פאַרזיכטיק אויסגעלאָזט די דאָזיקע אַלע גדולים? אויב מ׳מעג אין אַזעלכע זאַכן לאָזן שפּילן די פאַנטאַזיע, האָט דאָ אַש געקענט פאַנאַנדערלאָזן זיין פאַנטאַזיע אויף אַלע פערדלעך נאַ־שפּיק. אָבער ניין. אויסגעלאָזט. פאַרוואָס?

דער ענטפער איז: ער האָט ניט געוואַגט. דער פּחד פון זייער גרויסקייט איז געפאַלן אויף אים. פאַר זייער תורה האָט ער גאָרנישט פאַרמאָגט די כלים. אויף יענער עברי איז ער, נעבעך, שטומפּיק. ער האָט ניט געקענט נעמען אויף זיך דאָס וואָס די עוואַנגעליע האָט ניט געקענט — די אמתע פאַרמעסטונג מיט די אמתע אידייען פון אידנטום, פאַרטראָטן פון די אמתע אידישע חכמים און גדולים.

אין לערנען האָט ישו ניט געקענט מנצח זיין. דאָס האָט געוואוסט ישו, דאָס האָט געוואוסט די עוואַנגעליע, און דאָס האָט נעבעך געוואוסט אַש. האָט ישו געוואָלט נעמען מיט איבערנאַטירלעכע וואונדער. די עוואַנגעליע איז פאַרפּלייצט מיט כלומרשטע נסים ונפלאות:

געזונט מאַכן קראַנקע, היילן בלינדע און לאָמע, אַרויסטרייבן שדים, און אַפילו לעבעדיק מאַכן טויטע. און אַש גייט אין די דאָזיקע טריט. נאָר דאָס אַלץ האָט אויף די אידן קיין רושם ניט געמאַכט, ווי די עוואַנגעליע דערציילט, ווי אַזוי דער נוצרי האָט זיך באַקלאָגט: איך ווייז זיי וואונדער, און זיי גלויבן אַלץ ניט.

און עס איז געווען ריכטיק וואָס די אידן האָבן זיך ניט געלאָזט איינגעמען פון וואונדער, אויב אַזעלכע זיינען טאַקע געווען. די תורה זאָגט אָן בפירוש:

„אַז עס וועט אויפשטיין צווישן דיר אַ נביא אָדער אַ טרוימער פון חלומות, און ער וועט דיר געבן אַ צייכן אָדער אַ וואונדער, און עס וועט קומען דער צייכן אָדער דער וואונדער, וואָס ער האָט גע־רעדט צו דיר און געזאָגט: לאָמיר גיין נאָך אַנדערע געטער וואָס דו האָסט זיי ניט געוואוסט און זיי דינען, זאָלסטו ניט הערן צו יענעם נביא אָדער צו יענעם טרוימער פון חלומות", נאָר זאָלסט געטריי בלייבן צו דיין גאָט: „נאָך גאָט אייער גאָט זאָלט איר גיין, און אים זאָלט איר פאָרכטן, און זיינע מצוות זאָלט איר היטן, און אין זיין קול זאָלט איר הערן, און אים זאָלט איר דינען, און אין אים זאָלט איר זיך באַ־העפטן" (דברים יג, ב־ו).

וואָס קען זיין קלערער ווי דאָס?

דער פּראָבעשטיין איז: וואָס איז דער אַזוי גערופענער „נביא" אויסן מיט זיינע אותות ומופתים, אויב ער איז אויסן אָפּצוקירעווען אידן אויף דער מינדסטער האָר פון תורת משה, איז ער אַ פאַל־שער נביא.

7

## אונטערצינדער פון בית המקדש!

דער בית המקדש און דער סנהדרין זיינען צוויי פון די הייליקסטע באַגריפן ביי אידן, אייביק געווען און וועלן אייביק זיין. שלום אַש, אין זיין „מאַן פון נצרת", האָט זיי ביידע מחלל געווען, נאָכגייענדיק אין די טריט פון דער עוואַנגעליע, וועלכע האָט געזוכט צו דערני־דעריקן אידן דורך משונהדיקע מעשות וועגן די דאָזיקע צוויי גרעסטע און הייליקסטע אינסטיטוציעס אין דער אידישער געשיכטע, און ווי געוויינלעך האָט עס אַש נאָך ערגער געמאַכט, נאָך גערדיכטער אָנגעלייגט און שוואַרצער אָנגעמאָלן ווי די עוואַנגעליע.

עס דערציילט זיך אין דער עוואַנגעליע אַז דער נוצרי, קומענדיק

קיין ירושלים, האָט אין בית המקדש געפונען זיצן הענדלער, וואָס האָבן פאַרקויפט אָקסן און שאָף און טויבן, און חלפנים, וואָס האָבן געהאַנדלט מיט געלט. האָט ער געמאַכט אַ קאַנטשיק פון אַ שטריק און האָט זיי אַלע אַרויסגעטריבן פון בית המקדש צוזאַמען מיט די פי, און ער האָט פאַנאַנדערגעשאָטן דאָס געלט פון די געלט־ווערקסלער און אי־בערגעקערט זייערע טישן.

די דאָזיקע מעשה האָט שטענדיק געניצט ווי שמאַלציק מאַטער־יאַל פאַר אַלע אַנטיסעמיטן און פאַרלוימדער פון אידן, ווי אַ באַווייז אויפן מאַטעריעלן און האַנדלס־גייסט פון אידן, וועלכע טראָגן אַריין גראָבן מסחר אין סאַמע הארצן אַריין פון די גרעסטע הייליקטימער.

די „געלט־ווערקסלער אין טעמפל" („מאָני טשענדזשערס אין דהי טעמפל") איז געוואָרן אַ סינאָנים פאַר „אידישע באַנקירן" און „אינ־טערנאַציאָנאַלע פינאַנסירן".

שלום אַש האָט זיך ניט פירגענומען צו פאַרריכטן די דאָזיקע פאַרלוימדונגען, וועלכע האָבן ניט קיין יסוד אין דער היסטאָרישער ווירקלעכקייט. ער האָט נאָר איינס געטאָן: דאָרט, וואו די עוואַנגעליע פטרט אָפּ די געשיכטע ווי אַן עפּיזאָד פון עטלעכע שורות, צעשמירט ער עס אויף אַ גאַנצער וואַנט.

די מחברים פון דער עוואַנגעליע זיינען געווען קנאַפּע לומדים, און ווען עס איז געקומען צום בית המקדש און זיין עבודה, אָדער צום סנהדרין און זיין פּראָצעדור, האָבן זיי געטאַפּט אין דער פינסטער. די טעותן וואָס זיי האָבן געמאַכט זיינען אַ מאָס, וואָס לייקנט אָפּ די עכטקייט פון די זאַכן, וואָס זיי גיבן אָן.

עס האָט ניט געקענט געמאָלט זיין, אַז „אין בית המקדש" זאָל מען האָבן געזעסן און פאַרקויפט אָקסן און שאָף און טויבן, אָדער געשטעלט חלפנים־טישלעך. דאָס איז ניט מעגלעך געווען על פּי דין, און עס דערלאָזט ניט די לאָגיק אַזוי אָנצונעמען. דער דין האָט גע־זאָגט: „לא יכנס אדם להר הבית במקלו ובמנעלו ובפונדתו" (ברכות נ"ד, ע"א) — מ'טאָר ניט אַרויפגיין אויפן הר הבית מיט אַ שטעקן, און אין די שיך, און מיטן געלט־גאַרטל. קיין מסחר־געלט האָט גאָרניט געטאָרט אַרויפגעבראַכט ווערן אַהין, ווי האָט געקענט זיין מקח וממכר אויפן הר הבית? הר הבית — דאָס מיינט דעם גאַנצן שטח און די בנינים פון בית המקדש. דאָס איז על פּי דין.

און על פּי פּשוטער לאָגיק איז ניט דערלאָזבאַר אָנצונעמען, אַז די כהנים זאָלן האָבן געגומען דעם געביט, וואָס איז געווען זייער מלכות, און אים פאַרוואַנדלען אין אַ פי־מאַרק. אמת, די כהונה אין יענער צייט איז געווען זייער טיף געזונקען אין קאָרופּציע. דאָס איז געשען

צוליב דער השפעה פון דער פרעמדער, דער רוימישער הערשאַפט. די כהונה גדולה איז געוואָרן אַ מסחר־זאַך, און ווער עס האָט באַצאָלט מער — דער האָט זי געקראָגן, און כמעט יעדן יאָר איז געווען אַן אַנדער כהן גדול. אָבער דאָס איז שייך נאָר די אינווייניקסטע פאַר־העלטנישן. לגבי חוץ איז קלאָר, אַז די כהנים האָבן זיך באַמיט אויפצוהאַלטן די ווירדע פון דעם בית המקדש אין די אויגן פון פאָלק. ווייל דער בית המקדש איז געווען דער מקור פון זייער חיונה און זייער כבוד. און קיין זאַך וואָלט ניט געקענט אַזוי אַרונטעררייסן דעם כבוד און די חשיבות פון דעם הייליקן הויז, ווי עפּענען דאָרט אַ מאַרק פאַר בהמות, שעפסן און טויבן.

און דאָס שטימט ריכטיק מיט די אידישע מקורים, וועלכע לערנען אונדז, אַז דער מסחר מיט די פּי פאַר קרבנות און מיטן געלט־וועקסלען האָט געהאַט פּלאַץ ניט אין בית המקדש, נאָר מחוץ פון בית המקדש.

מיר לערנען אין ירושלמי תענית הלכה ה׳:

„שני ארזים היו בהר הזיתים ומתחתיהם היו חנויות שהיו מוכרים שם תורים ובני יונה״: צוויי טענענבוימער זיינען געווען ביים הר הזיתים, און אונטער זיי זיינען געווען קראָמען, וואָס דאָרט האָט מען פאַרקויפט טירקלטויבן און טויבן. דאָ ווערט געזאָגט: הר הזיתים. דער בית המקדש איז געשטאַנען אויפן הר המוריה.

מ׳דאַרף דאָ באַמערקן, אַז אַפילו דאָ, דרויסן פונם בית המקדש, רעדט זיך אויך נאָר פון טויבן, און ניט פון שאָף און אָקסן.

דאָס אייגענע גייט אויף די חלפנים־טישלעך.

די דאָזיקע טישלעך האָבן קודם כל געדינט צו בייטן דאָס געלט פון מעשר שני, וואָס אידן פלעגן ברענגען קיין ירושלים דאָרט צו פאַרצערן.

און עס פלעגן עולה רגל זיין קיין ירושלים אידן פון חוץ לארץ, פון נאָענטע און ווייטע לענדער, און פלעגן מיטברענגען אויסלענדיש געלט, מיט אויסגעגאָסענע צורות אויף זיי. אַזאַ געלט האָט ניט גע־טאָרט אַריינקומען אין גבול פון בית המקדש. די דאָזיקע עולים פלעגן מוזן אויסטוישן אויף אידיש געלט כדי צו קענען ברענגען אין בית המקדש זייער שקל, זייערע נדבות און זייער צדקה. דערויף זיינען געזעצט געוואָרן חלפנים מיט וועקסל־טישלעך, אָבער ניט אין דעם בית המקדש, נאָר מחוץ דעם גבול פון בית המקדש.

דער נוצרי איז געווען אַ פּראָווינציאַל און ווייניק באַקאַנט מיטן בית המקדש און זיינע פירונגען. ער האָט צומאָל ניט געוואוסט וואו דער בית המקדש, מיט זיינע פיל־צאָליקע געביידעס, הויבט זיך אָן און וואו ער לאָזט זיך אויס. מיר לייענען: „און ישו איז אַרויס

פון בית המקדש און האָט געגומען אַוועקגיין; און זיינע תלמידים האָבן צו אים געגענט, אים צו ווייזן די בנינים פון בית המקדש" (מתיא 24, 1). און ווען ער האָט ערגעץ דערביי געזען די טישלעך און דאָס געלט־וועקסלען, האָט ער גאָרניט געוואוסט וואָס דאָס איז און וואו דאָס איז. ער האָט ניט געוואוסט, אַז דאָ וועקסלט מען די פרעמדע געלטער, וואָס האָבן ניט געטאָרט אַריינקומען אין בית המקדש, צוליב דעם „לא תעשה לך פסל ומסכה".

דער דאָזיקער פרינציפּ איז שטרענג רעספּעקטירט געוואָרן אַפילו פון דער רוימישער מאַכט, וועלכע איז געווען טאָלעראַנט צו די אמונות פון אירע באַהערשטע פעלקער. זי האָט ניט געוואָלט באַליידיקן די געפילן פון די אידן און גורם זיין אומזיסטע פּראָוואָקאַציעס. אַזוי למשל זיינען די רוימישע לעגיאָנען קיינמאָל נט אַריין קיין ירושלים, אָדער אַנדערע אַלטע, פאַרהייליקטע שטעט פון אידישן פאָלק, מיט אָפענע פאָנען. זיי פלעגן צוזאַמענלייגן זייערע פאָנען הינטער דער שטאָט, צו באַהאַלטן דעם רוימישן אָדלער אויף זיי. און אַזוי אויך האָט רוים געשמאָלצן באַזונדערע מטבעות פאַרן געברויך אין ארץ ישראל, אָן בילדער און אָן די געשטאַלטן פון אירע צעזאַרס, ווי עס איז געווען איר שטייגער.

די חלפנים־טישלעך, וואָס זייער צוועק איז אַלזאָ געווען צו פאַרהיטן, אַז גויאיש געלט זאָל ניט אַריין אין בית המקדש, האָבן דעריבער ניט געקענט אַליין שטיין „אין דעם בית המקדש"!

אמת, אין איין אָרט געפינען מיר: „מן כ"ה באדר היו יושבים שלחנים במקדש" (פון 25־טן אָדר אָן זיינען טישלער געזעסן אין מקדש), טייטשט דערויף דער רמב"ם, אַז דאָס מיינט ניט דער פסוק דעם בית המקדש, נאָר ירושלים, וואָס איינער פון אירע פילצאָליקע נעמען איז געווען מקדש.

עס קען זיין, אַז דער נוצרי האָט געמאַכט עפּעס אַ סקאַנדאַל ביי די דאָזיקע קרעמלעך און טישלעך, מחוץ פונם בית המקדש, און דערפון איז אַריין די לעגענדע אין דער עוואַנגעליע, גלייך ווי דאָס געשעהעניש איז פאָרגעקומען אינם בית המקדש, כדי צו וואַרפן אַ שאָטן אויפן הייליקן הויז און אויף די רעליגיעזע געפילן פון די אידן.

שלום אַש האָט גאָרניט געטאָן צו צעטרייבן די אומזיסטע באַליי־דיקונג פון דער עוואַנגעליע. פאַרקערט, ער באַאַרבעט די זאַך זייער „עפעקטפול". ער באַנוצט זיין בעסטן טאַלאַנט זי צו באַקרעפטיקן, און שפּרייטן ווייטער, צווישן אידן גופא, אומוויסנדיקע.

נאָר דאָס איז נאָך, סוף כל סוף, אַ מילדער ענין אין פאַרגלייך מיט דעם ענין סנהדרין.

דער צוויי־טויזנט־יעריקער קריזיס צווישן אידנטום און קריסטנ־טום וואָרצלט אין דער ראָלע, וואָס דער סנהדרין זאָל האָבן געשפּילט אין דער פאַראורטיילונג פון דעם נוצרי צום טויט. מ׳דאַרף דאָ געניי אונטערשיידן צווישן דער פאַראורטיילונג און דער קרייציקונג. אַלע פיר עוואַנגעליעס זיינען מודה, אַז די קרייציקונג איז דורכגעפירט געוואָרן דורך די רוימער. אויף די אידן לייגן זיי נאָר אַרויף די שולד פון דער פאַראורטיילונג צום טויט, וואָס זיי זאָלן האָבן געצוואונגען דעם רוימישן פּראָקוראַטאָר, פּאָנטיוס פּילאַטוס, דורכצופירן. דעם טי־ראַנישן פּראָקוראַטאָר שאַנעוועט די עוואַנגעליע מיט גרויס זאָרג. זי שטעלט פאָר, אַז ער האָט געוואָלט אַמנעסטירן דעם נוצרי, ווי עס איז געווען, זאָגט זי, אַ מנהג צו אַמנעסטירן אַ פאַרמשפּטן לכבוד פּסח, נאָר די אידן זיינען באַשטאַנען, אַז עס זאָל אַמנעסטירט ווערן אַ פּשוטער פאַרברעכער, און פאַר דעם נוצרי האָבן זיי געפאָדערט: „קרייציק אים! קרייציק אים!״ דאַן האָט פּאָנטיוס פּילאַטוס פאַר די אויגן פון דעם פאַרזאַמלטן פאָלק אָפּגעוואַשן זיינע הענט, ווי אַ סימבאָל, אַז ער איז אומשולדיק אין דעם טויט פון דעם נוצרי, און די אידן האָבן דערביי געשריען: „זאָל זיין בלוט זיין אויף אונדז און אונדזערע קינדער״.

אויף דעם סמך פון דעם דאָזיקן מאָמענט אין דער עוואַנגעליע זיינען עס די אידן געבראַנדמאַרקט געוואָרן אַלס „גאָט־מערדער״. פונדאַנען שטאַמט עס דער קריסטלעכער נאָמען פון „קרייסט־קילערס״ („קריסטוס־מערדער״) אויף אונדז אידן, און אין דער קללה פונם בלוט, וואָס מיר האָבן בלומרשט האָפערדיק גענומען אויף זיך אַליין, ליגט דער אויסרייד פון די קריסטן צו פאַרגיסן אונדזער בלוט און בלייבן דערביי מיט אַ ריינעם געוויסן ביי זיך אין האַרצן.

ס׳איז קלאָר, אַז דאָ ווערט געטראָטן אויף זייער ציטערדיקן באָדן, באָדן אָנגעלאָדן מיט אַ סך אידישע טרערן און בלוט. דאָ ליגט דער צענטער פון דער גאַנצער טראַגישער שפּאַנונג צווישן דער אידישער און דער קריסטלעכער געשיכטע. און יעדער ערלעכער מענטש, בפרט אַ אידישער שרייבער, האָט אַ הייליקן חוב צו האַלטן די ציטערדיקע וואָגשאָלן מיט פאָרכטיקער זאָרגפעלטיקייט. דער דאָזיקער משפּט פון דער וועלט איבער אידן איז אָנגעלאָדן מיט טיפערן גורל ווי דער משפּט פון אידן איבער דעם נוצרי — אויב ס׳איז איבערהויפּט געווען אַזאַ משפּט!

און דאָ רירן מיר גלייך אָן דעם סאַמע קערן פון דעם פּראָבלעם פון אידישן שטאַנדפּונקט. דער טראַדיציאָנעלער אידישער שטאַנד־פּונקט איז, אַז ס׳איז גאָר קיינמאָל ניט געווען קיין אידישער משפּט

איבער ישו הנוצרי. אויב ס'איז געווען אַ ישו הנוצרי (פיל געלערנטע האַלטן אַז ס'איז אין דער ווירקלעכקייט ניט געווען אַזאַ פּערזאָן, און ער איז נאָר אַ פּראָדוקט פון דער פאַנטאַזיע), איז ער אי געמשפּט געוואָרן, אי געקרייציקט געוואָרן פון די רוימער.

מיר וועלן זיך דאָ ניט אַריינלאָזן אין קיין אויספירלעכן אַנאַליז פון דער פראַגע, איבער וועלכער אַ סך געלערנטע האָבן געשריבן אַ סך אויספירלעכע ווערק. אונדזער ענין אין תוך איז ניט די פראַגע גופא, נאָר שלום אַש. וועלן מיר נאָר אָנרירן אייניקע פּונקטן, וואָס זיינען נויטיק בדי צו זען וואָס שלום אַש האָט געטאָן מיט דעם דאָזיקן פּראָבלעם.

וואָס זיינען די אידישע ראיות, אַז ס'איז ניט געווען קיין משפּט פון דעם סנהדרין איבער ישו הנוצרי?

איינע פון זיי איז דאָס עדות פון דעם גרויסן רוימישן היסטאָריקער טאַציטוס, וועלכער שרייבט:

„קריסטוס, דער באַגרינדער פון דעם נאָמען, האָט דערהאַלטן די שטראָף פון טויט, אויפן פּסק פון פּאָנטיוס פּילאַטוס" (אַנאַלן, 44, 15).

דאָס דאָזיקע עדות איז פאַר אידן אייגנטלעך גענוג: דער גרעסטער רוימישער היסטאָריקער לייגט די אחריות פון דעם ישו־משפּט ערגעץ אַנדערש, ניט אויף אידן. נאָר מיר נעמען נאָך אַנדערע ראיות.

ערשטנס, מיר האָבן אַ קיימא לן, אַז פערציק יאָר פאַרן חורבן בית שני האָט די רוימישע מאַכט צוגענומען פונם סנהדרין דאָס רעכט צו משפּטן אין דיני נפשות און אַרויסצוגעבן טויט־אורטייל (שבת דף טו ע"א). דאָס איז אַן ערך דריי אָדער פינף יאָר איידער ישו איז געקרייציקט געוואָרן. צו האַלטן משפּטים אין דיני נפשות האָט דער סנהדרין נאָר געמעגט אין דער לשכת הגזית אין בית המקדש, און פערציק יאָר פאַרן חורבן בית המקדש איז דער סנהדרין פאַרטריבן געוואָרן פון הר הבית און איז געזעסן אין אַן אָרט חנויות (דאָרט).

אַ צווייטע ראיה האָט צו טאָן מיט די אידישע דיני נפשות.

די פּרטים פון דעם משפּט איבער דעם נוצרי, ווי זיי ווערן איבערגעגעבן אין דער עוואַנגעליע, זיינען אַזוי ווייט אַנדערש און סתירהדיק פון די דינים און דער פּראָצעדור, וואָס זיינען געווען גילטיק פאַרן סנהדרין, אַז צווישן די צוויי האָט ניט געקענט זיין קיין שייכות און צונויפטרעף; אין אַנדערע ווערטער: אַזאַ משפּט ווי די עוואַנגעליע באַשרייבט האָט פּשוט ניט געקענט פאָרקומען ביי אידן אונטער דעם סנהדרין.

ס'איז געווען קעגן אידישן דין צו אַרעסטירן און משפּטן אַ

מענטשן אין דיני נפשות ביינאַכט: ישו הנוצרי איז אַרעסטירט און געמשפּט געוואָרן ביינאַכט.

ס'איז געווען קעגן אידישן דין אַרויסצוגעבן דעם פּסק דעם זעלביקן טאָג פון דעם משפּט. נאָכן שלוס פון דעם משפּט, ערשט אויפן אַנדערן טאָג, און נאָענט צו זונפאַרגאַנג, איז דער סנהדרין זיך צונויפגעקומען און אַרויסגעגעבן דעם פּסק: דער פּסק אויף ישון איז אַרויסגעגעבן געוואָרן די זעלבע נאַכט.

ביי דיני נפשות האָט דער סנהדרין געמוזט זיצן נאָר אין דעם „לשכת הגזית": ישוס משפּט איז פאָרגעקומען ביים כהן גדול אין פּאַלאַץ.

שבת און יום טוב האָט דער סנהדרין ניט געטאָרט זיצן און משפּטן: ישוס משפּט איז פאָרגעקומען די ערשטע נאַכט פּסח — לויט דריי פון די פיר עוואַנגעליעס (מתיא, מאַרקוס און לוקאַס), און ערב פּסח — לויט דער פערטער גאָספּעל (יוחנן).

די אויסגערעכנטע פּונקטן זיינען ווייט ניט די איינציקע, אויף וועלכע די אידישע טראַדיציע שטעלט זיך און טענהט, אַז לא היה ולא נברא: אַזאַ משפּט ווי די עוואַנגעליע באַריכט און באַשרייבט בנוגע ישון, האָט ניט געקענט פאָרקומען אין דער אַמאָליקער אידישער מדינה אויף די הענט פון דעם סנהדרין.

און אויב אַזוי, איז די געשיכטע פון אידישער שולד אין ישוס טויט ניט מער ווי אַ בלבול אויף אידן.

נאָר ס'איז אויפגעשטאַנען אַ שול פון געלערנטע, וועלכע האָבן געזוכט אַ פּשרה צווישן דעם אידישן שטאַנדפּונקט און דעם באַריכט פון דער עוואַנגעליע, און זיי זיינען געקומען צו אַ טעאָריע, ניט אַנ־דערש, עס האָט געמוזט זיין אַ צווייטער סנהדרין, אַ פּאָליטישער, ווי אַ וועררקצייג אין די הענט פון פּאָנטיוס פּילאַטוס. אַ מין סנהדרין, וואָס איז צונויפגעקלאַפּט געוואָרן פון די רוימער און איז געווען וואָס מען וואָלט אין דער נאָך־נאַצישער עפּאָכע גערופן אַ „קוויזלינג־סנהדרין".

קיין אַנאַליז פון דעם דאָזיקן ענין גייט אויך ניט אַריין אין די גרעניצן פון דער איצטיקער שריפט. מיר ווילן נאָר זאָגן, אַז אויב די דאָזיקע טעאָריע איז אַ ריכטיקע, קומט נאָך איר אויך אויס, אַז אידן, אידן ווי אַ פאָלק און אַ מלוכה, זיינען ניט שולדיק געווען אין ישוס טויט. שולדיק בלייבן אַליין די רוימער, וועלכע האָבן גע־שאַפן פאַר זיך אַן אומלעגאַלן סנהדרין פון אומפאַראַנטוואָרטלעכע פּאָליטיקאַנטן און זיי אויסגענוצט כדי צו פאַרמשפּטן ישון, וועלכן זיי האָבן חושד געווען, אַז ער פירט אַ רעוואָלט קעגן דער רוימישער

הערשאַפט אין אידישן לאַנד און האָט זיך געוואָלט מאַכן פאַר מלך אין דער באַפרייטער מדינה.

אַ סך זייער חשובע געלערטע פון די אומות העולם האָבן דער־זען און פעסטגעשטעלט די פולע אידישע אומשולדיקייט אין משפטן און פאַרמשפטן דעם נוצרי, און במילא אין האָבן אַ חלק אין זיין טויט. צווישן זיי: פּראָפעסאָר אַדאָלף שלאַטטער, יאָאַכים יערעמיאַס, מאָרטאָן סקאָט ענסלין, ערנעסט וויליאַם באַרנס, פיער וואַן פּאַססען, שאַרל גינעבער, און אַ סך אַנדערע.

אָבער די עוואַנגעליע לייגט אַרויף די גאַנצע שולד אויף די אידן. די סיבה דערפון איז זייער גרינג צו דערקלערן. אין דער צייט ווען די עוואַנגעליעס זיינען פאַרפאַסט געוואָרן, צום סוף פון ערשטן יאָר־הונדערט, האָבן די קריסטן שוין קלאָר געזען, אַז צווישן אידן האָט זייער נייע אמונה קיין תקומה ניט, און זיי האָבן געוועגדט זייער געזיכט צו דער גויאישער וועלט, און זיי האָבן געזוכט צו געווינען פאַר זיך דעם סטאַטוס פון אַ לעגאַלער רעליגיע אין דער רוימישער אימפּעריע. האָבן זיי ניט געקענט שרייבן די געשיכטע פון דער רעליגיע אַזוי, אַז רוים זאָל פאַרגעשטעלט ווערן ווי די מערדערין פון זייער גואל און גאָט. ס'איז געווען קאַראַנטער זיך צו חנפענען צו רוים און מאַכן די אידן פאַרן שעיר לעזאזל.

נון, ווי אַזוי האָט שלום אַש באַהאַנדלט דעם דאָזיקן מאָמענט, וואָס אויף אים איז ניט איינמאָל געהאַנגען דאָס לעבן פון אידישן פאָלק אויף אַ האָר, און וואָס קיינער קען נאָך ניט פאַראויסזען זיינע קאָנסעקווענצן אין דער צוקונפט?

שלום אַש, אין זיין „מאַן פון נצרת", „פּסקנט", אַז די אידן האָבן פאַרמשפט ישון צום טויט.

און ער ווייס ניט פון קיין קוויזלינג־סנהדרין. ביים אים האָט ישון געמשפט דער ריכטיקער סנהדרין.

אויף אַן אַקט וואָס איז געווען די סיבה פון טויטלעכע ליידן פאַרן אידישן פאָלק, האָט אַש געפעלשט די חתימה פון אידישן פאָלק.

שלום אַש איז צוגעשטאַנען צו די שונאים. ער האָט אויסגע־שפּרייט זיינע הענט און געגעבן זיין ברכה איבער דעם מקור, פון־וואַנען עס שטראָמט די שנאת עולם צום עם עולם.

ער האָט נאָך אַפילו געהאַט די העזה צו גיין ווייטער ווי די עוואַנ־געליע איז געגאַנגען. ער האָט געוואַגט אַנצורופן ביים נאָמען צוויי מיטגלידער פון יענעם סנהדרין, רבן גמליאל און רבי יוחנן בן זכאי. די עוואַנגעליע דערמאָנט זיי ניט אין שייכות מיטן משפט איבערן נוצרי. וועגן ר' יוחנן בן זכאי זיינען ניטאָ קיין זיכערע מקורות, אַז

ער איז בכלל געווען אַ חבר פונם סנהדרין. אָן אַ שום גרונט, אינ־גאַנצן פון דמיון, האָט זיי אַש אַריינגעצויגן אינם שרעקלעכן ענין. לייכטזיניק האָט ער גענומען די פּריווילעגיע פון אַ בעלעטריסט און האָט זי אָנגעווענדט אויף אַ קאָנקרעטער היסטאָרישער סיטואַציע פון גורל־דיקער באַדייטונג.

וואָס האָבן געזאָגט און וואָס האָבן געטאָן די דאָזיקע צוויי גייס־טיקע ריזן, פונדאַמענט־לייגער פון אידנטום, דאָרט, אין יענער נאַכט, ביים אומלעגאַלן, אוממענטשלעכן משפט איבער ישו הנוצרי?

עס קומט אויס ריכטיקער צו פרעגן: וואָס וואָלטן זיי געווען גע־זאָגט און וואָס וואָלטן זיי געווען געטאָן. וואָרום כאָטש זיי זיינען ביי אַשן געווען מיטגלידער פון סנהדרין, האָט ער זיי פונדעסטוועגן צום ישו־משפט ניט געבראַכט. און ווידעראַמאָל אַוודאי פון פּחד פאַר זייער גרויסקייט: אַש האָט ניט געוואוסט וואָס זיי צו מאַכן צו זאָגן און צו טאָן, וועלכע רייד אַריינצולייגן זיי אין מויל און וועלכע מעשים צוצוטראַכטן פון זייערטוועגן אין יענער גוואַלדיקער סיטואַציע, ביים שיידוועג פון פעלקער און צייטן. פאַר זייער גרויסקייט איז אַפילו זיין פרוכטבאַרע פאַנטאַזיע שטום געוואָרן.

האָט ער געמאַכט אַן אומבאַהאָלפענעם בעלעטריסטישן טריק צו פאַרענטפערן זייער אָפּוועזנהייט: אַזוי ווי דער משפט איז פאָרגעקומען ביינאַכט, האָט ער זיי אַוועקגעלייגט שלאָפן!

און אַזוי איז געשען, אַז אין אַ נאַכט, ווען דער גורל פון הימל און ערד איז געלעגן אין וואָגשאָל, ווען דאָס פּנים פון דער צוקונפטי־קער וועלט איז אויסגעפורעמט געוואָרן אויף דורות אָן אַ צאָל, און דער גאַנצער ווייטערדיקער גאַנג פון דער אידישער געשיכטע איז אַריינגעקערט געוואָרן אין אַ נייער ריכטונג — אין יענער נאַכט זיינען רבן גמליאל און רבי יוחנן בן זכאי געלעגן אין די בעטן און זיך רואיק געכראָפּעט...

זעט ווי נישטיק און הילפלאָז ער מאַכט עס: נאָכדעם ווי זיינע תלמידים קומען צום באַבסקן „פּרושי", נקדימון, און ברענגען אים די שרעקלעכע נייעס, אַז ישו איז אַרעסטירט געוואָרן און איז אַוועקגע־פירט געוואָרן צו משפט, דערציילט אונדז שלום אַש:

„ער (נקדימון) האָט געוואָלט שיקן און אויפוועקן אַלע מיטגלי־דער פון סנהדרין. ער האָט געהייסן, אַז אַלע זיינע תלמידים זאָלן זיין אַרום אים. ער האָט געוואָלט שיקן אָנזאָגן רבי יוחנן בן זכאי, רבן שמעון בן גמליאל און אַנדערע מיטגלידער פון די פּרושים. אָבער באַלד האָט ער זיך באַרואיקט. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף זיין שטול און זיך מיישב געווען מיט זיך אַליין: ערשטנס, קענען זיי

אים ניט משפּטן ביינאַכט. צווייטנס, קענען זיי ניט אַרויסברענגען קיין גזר־דין ביינאַכט. דריטנס, מוזן זיי צו דיני נפשות האָבן, צום ווײ־ניקסטנס, דעם גאַנצן בייזיץ פון קליינעם סנהדרין און אָן אונדז האָבן זיי דאָך ניט קיין פולע צאָל. פערטנס, קענען זיי אים בכלל ניט משפּטן ערב יום טוב. ניין, ס'איז דאָ צייט ביז מאָרגן. איך באַדאַרף ניט באַאומרואיקן די חכמים" („מאַן פון נצרת", ז. 681).

עס וואָלט אין בעסטן פאַל געווען אַ טריק, וואָס פאַרראַט זיין הילפלאָזיקייט, ווען ער האָט באַזייטיקט רבן גמליאל און רבי יוחנן בן זכאי פון דעם סנהדרין אין יענער פאַטאַלער נאַכט, אַוועקלייגנדיק זיי שלאָפן, און צונעמענדיק ביי זיין העלד, נקדימון, דעם שכל צו שיקן זיי אויפוועקן. נאָר די רבותא איז דאָס, וואָס עס קען גאָרניט געמאָלט זיין, אַז זיי זאָלן האָבן געשלאָפן אין יענער נאַכט. וואָרום —

ס'איז געווען די ערשטע נאַכט פון פּסח, די נאַכט פון קרבן פּסח, די נאַכט פון פּסחדיקן סדר, די ליל שמורים, וואָס איז פון די עלטסטע צייטן אָן געווען, און ביז היינטיקן טאָג געבליבן, אַ נאַכט מיט אַ טראַ־דיציע פון שפּעטן אויפזיין, פון לאַנג פאַרצויגענעם, פריידיקן טיש, פון חדווהדיקן דערציילן און אויסזינגען די וואונדער פון יציאת מצרים, אַזוי ווי מיר געפינען עס בפירוש אָנגעזאָגט אין דער הגדה: „כל המרבה לספּר ביציאת מצרים הרי זה משובח", געלויבט איז דער, וואָס דער־ציילט לאַנג און אַ סך די ניסים ונפלאות פון יציאת מצרים, „אין דער דאָזיקער נאַכט פון פּסח".

אין ניו־יאָרק איז מען אויף די סדר־נאַכט ביז ליכטיקן טאָג, איז מען אין ירושלים, אין צייט פון בית המקדש, געגאַנגען שלאָפן פרי? און ווער, רבן גמליאל און רבי יוחנן בן זכאי?

נאָר אַזוי איז שוין דער דרך אין דער וועלט פון זינד: איין ליגן מוז מען אַמאָל אונטערשפּאַרן מיט אַן אַנדערן ליגן, און כדי צוצודעקן איין פאַרברעכן מוז מען אָפט אָפּטאָן אַ צווייטן. כדי צו מאַכן אָננעמ־באַר דעם שרייאיקן לאפּסוס אַז די צוויי גרויסע חכמים און חשובסטע צווישן די מיטגלידער פון דעם סנהדרין האָבן פאַרשלאָפן יענע אוי־סערגעוויינלעכע נאַכט פון פּסח, האָט אַש צוגעטראַכט נאָך אַ נאַאיווערע און נאַרישערע מעשה אַז ביי זיי איז יענע נאַכט נאָך גאָרניט געווען פּסח!

אין דעם דריטן טייל פון דעם „מאַן פון נצרת", אין צוואַנציקסטן קאַפּיטל, שילדערט אַש ווי ישו האָט געפּראַוועט דעם סדר: מיטן עסן דעם קרבן פּסח, מצה ומרור, מיט וויין און קידוש, און מיט זינגען הלל, אַלץ כדבעי. איז שוין, הייסט, געווען פּסח. דערנאָך קומען פיר קאַפּיט־לעך מיטן גאַנצן פאַרלויף פון דעם אַרעסט און דעם משפּט. אָבער

אין קאַפּיטל פינף־און־צוואַנציק, אויף מאָרגן, ווען נקדימון לויפט צו רבן גמליאל און רבי יוחנן צו זוכן רעטונג פאַרן פאַרמשפטן, איז ביי יענע נאָך ערשט ערב פסח!...

ווי אַזוי איז עס מעגלעך געווען אַז ביי איין טייל אידן, אין ירושלים, זאָל זיין פסח מיט איין טאָג פריער, און ביי אַ טייל מיט איין טאָג שפּעטער?

דערציילט אַש: די כהנים האָבן יענעם יאָר, צוליב שבת, גוזר געווען מ'זאָל שעכטן דעם קרבן פסח דעם דרייצנטן ניסן, און די חכמים האָבן געזאָגט ניין, מ'זאָל שעכטן ווי דער דין איז, דעם פערצנטן ניסן. טייל אידן זיינען געגאַנגען מיט די קאָרופּטע כהנים, טייל זיינען געגאַנגען מיט די חכמים. און ישו איז געגאַנגען מיט די כהנים...

אַ זאַך, וואָס איז ניט געהערט און ניט געזען געוואָרן; אַ זאַך, וואָס אונדזערע אָבות אבותינו האָבן דערפון ניט געוואוסט, און קיין חכם, ניט אידישער און ניט גויאישער, האָט דערפון ניט געדאַכט; אַ ליגנערישער רעיון, אַ שונדישע המצאה — דאָס האָט אַש אויסגע־שוויסט פון אַ צעכראַסטעטער פאַנטאַזיע צו פאַרדעקן אַ קינסטלערישן שווינדל, אַ פאַלשע פּראָבלעם וואָס ער האָט ניט געקענט לייזן — ווי אַזוי צו האָבן די צוויי חכמים אין זיין ראָמאַן, און זיי דאָך ניט האָבן ביים משפט. וואָס פאַראַ מוראדיקן פּרייז אין היסטאָרישער לאָגיק, אין אמת, אין אידישער ערלעכקייט ער האָט דאָ באַצאָלט! און אין קינסטלע־רישן ווערט פון זיין ווערק...

די „אינספּיראַציע" פאַר דעמדאָזיקן רעיון האָט אַש געוויס גע־קראָגן פון דער סתירה אין די ביכער פון דער עוואַנגעליע וועגן יענער נאַכט פון דעם סדר און דעם משפט. דריי פון זיי גיבן אָן די ערשטע נאַכט פון פסח, איינער די נאַכט פון ערב פסח. די דאָזיקע סתירה האָט שטענדיק געגאָלטן ווי איינער פון די באַווייזן וואָס האָבן גע־שטעלט אין ספק דעם גאַנצן משפט. פאַר אַשן האָט זי געדינט פאַר אַ נייער פאָדים אין דעם אַלטן פלאָנטער. ער האָט אפשר דערמיט געמיינט אויסצוגלייכן די סתירה אין דער עוואַנגעליע, און געווינען אַ נייעם לאָרבער קראַנץ אַלס קריסטלעכער טעאָלאָג, אַ הוספה צו „אידישער געלערטער"?

מיר גייען איצט צוריק צו דעם משפט פונם סנהדרין.

שלום אַש שילדערט זייער אויספירלעך דעם גאַנצן גאַנג פון דעם משפט, די וויכוחים, די געמיינע פאַרקרימונגען פון גערעכטיקייט דורך דעם קלוגער און דעם פאָרזיצנדיקן כהן גדול, מיט די נעבאַכ־דיקע עדות וואָס טרעטן אַרויס קעגן דעם נוצרי, ביז ענדלעכן פּסק־דין — גלייך ווי עס וואָלטן געבליבן אַלע אַקטן פון דעם משפט, אָדער

שלום אַש וואָלט אַליין געוועז דערביי — ער האָט זיך דערלויבט צו שרייבן פיקציע אין אַזאַ מוראדיק בלוטיקן ענין!

פאַרצייטיקע היסטאָריקער האָבן געהאַט אַ מאָדע אויסצוטראַכטן רעדעס, וואָס זיי האָבן זיך משער געווען, אַז זייערע העלדן האָבן גע־קענט האַלטן, אָדער געדאַרפט האַלטן ביי דער און דער געלעגנהייט. די דאָזיקע מעטאָדע איז לאַנג דיסקרעדיטירט און טויט. אָבער שלום אַש האָט זי אויפגעלעבט צוריק אין דעם „מאַן פון נצרת": ער האָט אויסגעטראַכט דעם משפט איבער ישו הנוצרי, פאָרגעשטעלט דאָס וואָס מ'ווייסט ניט, גלייך ווי דאָס וואָלט ווירקלעך פאָרגעקומען. אויב אַזאַ זאַך קען נאָך אפשר דערלויבט זיין אין אַ געוויינלעכן היסטאָרישן ראָמאַן, קען עס אָבער ניט דערלויבט זיין אין אַזאַ גוואַלדיקן ענין, וואָס שטייט העכער פון יעדן אַנדערן היסטאָרישן ענין, און וואו יעדער פאַראַנענער פאַקט, אָדער אויסדרוק, אָדער וואָרט איז שוין דורכגע־פאָרשט געוואָרן אונטער טויזנט שפּאַקטיוון, און וואו אַ ניט־פאָרזיכ־טיקע זילבע קען פאַלן מ'קען ניט וויסן וואו, און אָנצינדן אַ נייעם פייער אין אַן אַלטער שריפה, וואָס האָט שוין פאַרצערט מיליאָנען אויף מיליאָנען אידן. עס איז געזאָגט געוואָרן: חכמים הזהרו בדבריכם; עס דאַרף אויך געזאָגט ווערן: נאַראָנים, הזהרו בדבריכם!

אויב שלום אַש האָט שוין געוואָלט ניט אַנדערש ווי אונטערהאַלטן דעם בלבול, אַז דווקא די אידן האָבן פאַרמשפּט דעם נוצרי צום טויט, איז געווען זיין חוב לפחות פאָרצושטעלן דעם סנהדרין ווי ער האָט געגעבן דעם נוצרי אַ ריכטיקן, אַן ערלעכן משפט, עס זאָל אויסקומען, אַז ווייניקסטנס לויט זייער אייגענעם רעכט־שטאַנדפּונקט זיינען די אידן געווען גערעכט; עס זאָל קענען הייסן, אַז זיי האָבן אַ טעות געהאַט, ניט אַז זיי האָבן באַוואוסטזיניק געשווינדלט. געמאַכט האָט ער אָבער פון דעם סנהדרין אַ באַנדע זשוליקעס, און ניט מער, און דאָס אידישע פאָלק קומט אַרויס פון דעם משפט געמיין און געפאַלן, געזונקען און פאַרדאָרבן דאָרט וואו אַ פאָלק דאַרף זיך אַנטפּלעקן אין זיין אמתער שיינקייט און גרויסקייט — אין זיין יוסטיץ. ער האָט געבראַכט דעם אידישן פאָלק באַליידיקונג אין דעם אָרט, וואו עס רוט זיין גרעס־טער כבוד.

שלום אַש האָט געהאַט די געלעגנהייט צו שילדערן דעם סנהדרין אין זיין גאַנצער געהויבענער ווירדיקייט, און ווייזן די אידישע באַגריפן פון גערעכטיקייט אין זייער גאַנצער דורכגעלויכטענער הייליקייט. דאָס אַלץ ליגט פאַר אונדז אָפן אין דער מסכת „סנהדרין", וואָס נאָכן תנ"ך איז עס אפשר דער גוואַלדיקסטער ספר אין דער וועלט. ער וואָלט געקענט ווייזן ווי געציטערט עס האָט דער אידישער דין איבער דער

קדושה פון מענטשלעכן לעבן, און ער האָט דעם געמשפּטן אויף אַ קלאַגע פון טויט־שטראָף אַרומגעצאַמט מיט אַזוי פיל שוץ, אַז טויט־שטראָף איז פּאַקטיש געווען אָפּגעשאַפט אין דער פּראַקטיק. אַ סנהדרין, וואָס האָט איינמאָל אין זיבעציק יאָר פאַרמשפּט צום טויט, איז גערופן געוואָרן „סנהדרין קטלנית", מערדערישער סנהדרין. ווען ביי די קריסטלעכע פעלקער האָט מען נאָך הונדערטער און הונדערטער יאָרן שפּעטער געגעבן טויט־שטראָף פאַר גנב'ענען אַ פערד, איז שוין ביי אידן, מיט הונדערטער און הונדערטער יאָרן פריער, ניט געגעבן געוואָרן קיין טויט־שטראָף אַפילו פאַר מאָרד. ווען ביי די אומות העולם אונטערן קריסטנטום האָט נאָך געגאָלטן די פייער־פּראָבע און די וואַסער־פּראָבע אַלס באַווייז אין משפּט („טרייעל ביי אָרדיעל"), איז שוין אין דער מסכת „סנהדרין", און אין אַנדערע ערטער, פעסט־געשטעלט געוואָרן די אויספאָרשונג פון עדות אויף דינסטער לאָגיק און טיפסטער פּסיכאָלאָגיע.

דאָס אַלץ האָט שלום אַש געהאַט די געלעגנהייט אַרויסצופירן פאַר דער וועלט.

נאָר ער האָט ניט געהאַט די זכיה.

ער האָט זיך איינגערעדט, און האָט געוואָלט אַנדערע איינרעדן, אַז ער האָט אויפגעטאָן אַ פאָרטל דערמיט, וואָס ער האָט פאַרגעשטעלט יענעם סנהדרין באַהערשט, ניט פון די פּרושים, נאָר פון די צדוקים, פאַר די אומות העולם איז דאָך דאָס אָן אַ שום באַדייטונג. דער עיקר פאַר זיי איז, אַז אידן האָבן עס געטאָן.

פאַר רבן גמליאל און ר' יוחנן בן זכאי געפינט אַש אויף מאָרגן אַ סך אַרבעט. זיי לויפן אַרום איבער ירושלים, קלאַפּן אומע־טום טירן, ווילן אָפּשרייען די גזירה, נאָר עס העלפט ניט.

אַש פאַרענטפערט דערמיט גאָרניט. ער פאַרענטפערט ניט די גרויסע שאלה פאַרוואָס — אויב ס'איז געווען אַ ישו, און אויב דער סנהדרין האָט אים געמשפּט — פאַרוואָס טאַקע זיינען רבן גמליאל און ר' יוחנן בן זכאי ניט געווען ביים משפּט?

געהער עס ניט גיכער צו די ראיות, אַז ס'איז קיין אידישער משפּט איבער ישון ניט געווען?

דאַן גייט אַש ווידער אַרויס פון די גרענעצן פון זיינע ליטע־ראַרישע רעכט און לייגט אַריין די צוויי תנאים ווערטער אין מויל, וואָס קענען ניט געמאָלט זיין פאַר זיי, און טאָרן ניט געדאַכט ווערן אין זייער נאָמען. זיי האָבן ישון אָנגערופן „צדיק", דערציילט אונדז אַש: „צדיק" דעם, וואָס האָט בטל געמאַכט יסודות פון דער תורה? „צדיק" דעם, וואָס האָט זיך דערקלערט פאַר אַ צווייטן רשות צו

דער גאָטהייט ? צוויי שיינענדיקסטע ליבטער אינם אידנטום פון אַלע דורות מאַכט אַש פּאַר שותפים צו זיך אין עבודה זרה, און לייגט זיי אויף דער צונג הסכמה אויפן יעזוסיזם, איז עס ניט קיין חלול השם ?

פאַר דער קריסטלעכער געשיכטע איז דער אויפקום פון קריסטנ־טום סוף און ענדע פון אידנטום. ישו הנוצרי איז, לויט זיי, דער העכסטער שפּיץ, צו וועלכן דאָס אידנטום איז באַשטימט געווען פון דער השגחה צו דערגרייכן. אין דעם דאָזיקן זין איז אויפגעפאַסט די וואַנגעליע. אין דעם דאָזיקן זין איז אויך אויפגעפאַסט אַשס „מאַן פון נצרת": אידנטום ווי די אָפּגעפוילטע און אָראָפּפאַלנדיקע הילע, פון וועלכער עס קומט אַרויס די רייפע פרי פון קריסטנטום.

ווי אַזוי האָט אַ אידישער שרייבער רעכט געמאַכט ביי זיך אַנ־צונעמען אַזאַ אויפפאַסונג פון דער יידישער געשיכטע ? וואָס האָט אים געפירט צו דער קריסטלעכער טעמע, וועלכע טראָגט אין זיך אַזוי פאַרביטערט די נעגאַציע פון אידנטום און פון אידישן פאָלק ? אויב אַ אידישער שרייבער זוכט הויבע און געהויבענע טעמאַטיק, צי דען קען ער עס ניט שעפן מיט אַלע הויפּנס און אַלע אברים פון דער דירעקט און ריין־אידישער געשיכטע ? אָנהויבנדיק פון די אָבות, דורך מצרים און משה רבינו, דורך קבלת התורה, דורך די נביאים ראשונים, דורך דוד און שלמה, דורכן ערשטן בית המקדש, דורך ישעיה, ירמיה, יחזקאל, דורכן צווייטן בית המקדש, דורך דער עפּאָכע פון די תנאים, שמעיה ואבטליון, הלל ושמאי, רבן גמליאל און יוחנן בן זכאי — אַ געשיכטע ניט אויסצושעפּן אין גלאָריע, ניט צו דערגרונטעווען אין טיפעניש פון גייסט ; אין דער פּאָנאָראַמע פון מענטשלעכן גייסט אין דער וועלט.

וואָס איז דאָ שענערס דערפון ? ווי אַזוי האָט אַ אידישער שרייבער געקענט מושווה ווערן ביי זיך, צו ווייזן די דאָזיקע געשיכטע דורך די אויגן פון אַ גוי, און דער גוי איז נאָך אַ פּאָליאַק, און דער פּאָליאַק איז נאָך אַ כאָם, און דער כאָם איז נאָך אַן אַנטיסעמיט, און דער אַנטיסע־מיט איז נאָך אַן אַנטיסעמיט ביז מטורפדיקייט ?

אַזאַ אידישער שרייבער איז אַ מתחייב בנפשו. ער האָט איינגע־שטעלט זיין נשמה, און האָט זי פאַרלוירן.

דער „מאַן פון נצרת" שליסט זיך מיטן סנהדרין און מיט דער קרייציקונג פון דעם נוצרי. פונדאַנען אָן גיסט זיך דאָ ברענענדיקער פעך און שוועבל אויפן אידישן קאָפּ. שלום אַש האָט מוסיף געווען אויף דער וואַנגעליע און נאָך אויספירלעכער ווי זי געוויזן, אַז אידן האָבן בדאַי פאַרבראָכן אַלע זייערע אייגענע געזעצן אַבי אויסצוליפערן דעם מענטש־גאָט צו רוימישער הריגה. לגבי דער וואַנגעליע פאַר־שטאַרקט ער נאָך דעם בלבול.

און אויף מאָרגן, ווען פּילאַטוס פירט אַרויס ישון פאַרן פאָלק און פרעגט דעם עולם: וואָס זאָל איך מיט אים טאָן? זיינען אין עולם דאָ די כהנים, און אידן אונטערגעשטעלט פון די כהנים, וועלכע שרייען: „קרייציק אים! קרייציק אים!"

און דער איינדרוק בלייבט דאָ אַזוי ווי אין דער עוואַנגעליע, אַז ווען די אידן וואָלטן געוועז וועלן, וואָלט אַפילו דער דאָזיקער אכזר פּילאַטוס אים געמוזט באַפרייען.

און דאָס איז די „טובה", אַ בערישע, וואָס אַש זאָגט ער האָט געטאָן אידן מיט זיין יעזוס־בוך.

און די דאָזיקע גאַנצע סצענע, און נאָך איר דער ביטערער וועג צו דער קרייציקונג, און נאָכדעם די סצענע פון דער קרייציקונג גופא — אַלץ אינאיינעם אַ היבשער טייל פון דעם בוך — שילדערט אַש מיט אַזעלכע בלוטיקע פאַרבן, מיט אַזעלכע פייניקונגען פאַר ישון, מיט אַזאַ בעסטיאַלן איזדיעקעווען זיך איבער אים, אַז ווען הינט וואָלטן אַ שמעק געטאָן יענע בלעטער פונם בוך, וואָלטן זיי משוגע געוואָרן פון ווילדקייט! די שילדערונגען אין דער עוואַנגעליע גופא זיינען ממש ליבלעכע צערטלעכקייט אין פאַרגלייך מיט אַשס בלעטער.

ער ברענגט צו די קריסטן נאָכאַמאָל די „פּאַסיע", צו שאָד און שאַנד פון אידן, און ער מאַכט זי נאָך רויער און גרויזאַמער ווי די עוואַנגעליע אַליין.

מיט אָט אַזעלכע שילדערונגען פון דער „פּאַסיע" האָט מען דאָך אייביק געמאַכט פּאָגראָמען אויף אונדז.

אַפילו אידן מוזן אויפשטיין פון יענע בלעטער מיט אַ געפיל פון ביטערקייט צו אידן, מיט דער ביטערער טענה: וואָס האָבן אידן גע־האָט צו ישון? פאַרוואָס האָבן זיי אַזוי גרויזאַם פאַרפּייניקט גאָטס לעצטן און גרעסטן שליח צו דער מענטשהייט?

עס איז אַ געפערלעך בוך, עס איז אַ זינדיק בוך, עס איז אַ פאַר־ברעכעריש בוך קעגן אידן, וואָס אַש האָט אָנגעשריבן און האָט פאַר־פּלייצט אַמעריקע דערמיט.

אַש האָט אָנגעשריבן אַן עבודה־זרה בוך, וואָס קען פאַרפירן אומ־ווויסנדיקע אידישע קינדער צו עבודה־זרה. זאָלן די קריסטן אים קרוינען פאַר אַ נייעם אַפּאָסטאָל: ס'איז אָפן געבליבן דער פּלאַץ פון דעם אַפּאָסטאָל־פאַררעטער. פאַר אונדז קען ער נאָר גילטן ווי אַ פאַר־פירער, אַ מסית ומדיח, אַ פאַררעטער פון אונדזער הייליקסטן און טייַ־ערסטן, אַ פאַרדאַרבער פון אידישן הויז, אַן אונטערצינדער פון בית־המקדש.

# דער אַפּאָסטאָל

1

נאָך זיין יעזוס־ראָמאַן, „דער מאַן פון נצרת", האָט שלום אַש אָנגעשריבן: „דער אַפּאָסטאָל", אַ ווערק וועגן ישוס גרעסטן פּריידיקער און „שליח צו די גויים", וואָס זיין אידישער נאָמען איז געווען שאול, און וואָס איז אין קריסטנטום געוואָרן — דער הייליקער פּאָולוס, אָדער „סעינט פּאָול".

עס איז פון שטענדיק אָן געווען אַ מנהג ביי פרומע אידישע שרייבער, צום סוף פון זייערע ספרים, צוצושרייבן אַ שבח והודאה צום אויבערשטן פאַר דעם כוח, וואָס ער האָט זיי געגעבן, און דעם זכות, אָנצושרייבן זייער פרום ווערק. דעם דאָזיקן אַלטן, פרום־כשרן אידישן מנהג האָט שלום אַש איבערגענומען פאַר זיין געשמדטן בוך איבער פּאָולוסן. נאָכן אָפּשלוס פון דעם ווערק, קומט ביי אים פּאָלגנ־דיקע „הוספה פון דעם שרייבער":

„איך דאַנק דיר און לויב דיך, האַר פון דער וועלט, וואָס דו האָסט מיר געגעבן דעם כוח בייצושטיין אַלע נסיונות און גובר זיין אַלע שטערונגען, סיי די וואָס איך האָב אַליין גורם געווען און סיי די וואָס אַנדערע האָבן גורם געווען, און צו פאַרענדיקן די צוויי ווערק, „דער מאַן פון נצרת" און „דער אַפּאָסטאָל", וועלכע זיינען איין ווערק, כדי איך זאָל קענען פאַרשטעלן אין זיי דעם זכות פון ישראל, וואָס דו האָסט אים אויסדערוויילט צו ברענגען דאָס ליכט פון דער אמונה צו די פעלקער פון דער וועלט, פון וועגן דיין רום און דיין ליבע צו דער מענטשהייט".

דאָס דערמאָנט אין אַ מעשה. צוויי אידענעס טרעפן זיך, און איינע פרעגט דער אַנדערער:

— וואָס מאַכט עפּעס דיין קדיש?

— ביטער — ענטפערט די צווייטע — ער איז דאָך געוואָרן אַ שרייבער!...

— נו איז וואָס? — פרעגט די ערשטע — וואָס איז שלעכט אַ שרייבער?

— קיינער וויל זיין שרייבעריי אין האַנט ניט נעמען — ענטפערט די אַנדערע.

— פאַרוואָס ? — פרעגט ווידער די ערשטע.

— ער שרייבט קעגן גאָט ! . . .

— ניש־קשה, ניט געזאָרגט — טרייסט זי די ערשטע — גאָט וועט העלפן . . .

מיט שלום אַשן האָט עס ריכטיק אַזוי געטראָפן. געשריבן קעגן גאָט, און „גאָט האָט אים געהאָלפן" . . .

נאָר אַשס הימלישער געבעט צום סוף פון זיין בוך וואָלט געהאַט מער זין, ווען ער וואָלט ניט אָנגעשריבן אַ גאַנץ ערדישן געבעט אין אָנהויב בוך. ער באַשטייט נאָר פון איין שורה:

„קאָפּיראַיט ביי שלום אַש . . . אַלע רעכט באַהאַלטן . . . מ'טאָר גאָרנישט נעמען".

מ'וועט מוזן באַצאָלן . . .

און דאָס דערמאָנט אויך אין אַ מעשה. מ'האָט אַמאָל געפרעגט ביי אַ כהן וואָס טראַכט ער בשעת ער שטייט ביי דער הייליקער עבודה פון דוכנען.

— איך טראַכט מ'זאָל מיר ניט אַוועקגנבענען די שיך — האָט ער געענטפערט . . .

און לאָמיר אָנהאַלטן די הומאָריסטישע שטימונג נאָך אַ ווײַלע. איינמאָל גייט בערל פאַרביי אַ שול און זעט ווי שמערל שטייט און בעט נדבות. אויף מאָרגן גייט ער פאַרביי אַ קלויסטער און זעט ווי שמערל שטייט דאָ אויך און בעט נדבות.

— ס'טייטש ? — פרעגט ער שמערלען מיט גרויס חידוש.

— פאַרשטייסטו מיך — ענטפערט אים שמערל — היינטיקע צייטן קען מען פון איין גאָט קיין לעבן ניט מאַכן . . .

ער האָט געשריבן זיין ווערק וועגן פּאָולוסן, זאָגט שלום אַש אין זיין תפילה, כדי פאַרצושטעלן דעם זכות פון ישראל און זיין אויס־דערוויילטקייט, בשעת פּאָולוס איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט צוגענומען די אויסדערוויילטקייט ביי די אידן און זי אָפּגעגעבן די גויים. ער האָט מבזה געווען און בטל געמאַכט גאָטס תורה. ער האָט אַפילו גאָט אַליין אָפּגעשאַפט און אים אויפגעלייזט אין ישוע. און דאָס אידישע פאָלק האָט ער פאַרשאָלטן . . .

שוין אין זיין ערשטן „בריוו צו די טעסאַלאָניקער", וואָס איז אָנגע־נומען בכלל אַלס דער ערשטער בריוו אין זיין טעטיקייט אַלס אַפּאָס־טאָל, איז ער אַרויסגעטראָטן מיט מסירות אויף אידן און מיט קללות

און חרמות, און מיט גאָטס פאַראורטיילונג אויף אייביק. דאָרט שרייבט ער וועגן די אידן און זאָגט:

„זיי האָבן געהרגעט דעם האַר יעזוס, און די נביאים, און האָבן גערודפט אונדז (קריסטן), און זיי זיינען ניט ליב פאַר גאָט, און זיי זיינען שונאים צו דער גאַנצער מענטשהייט". „זיי פאַרווערן אונדז צו רעדן צו די גויים וועגן זייער אויסלייזונג, כדי זייערע זינד זאָלן שטענדיק שטייגן, און דער צאָרן פון גאָט איז געקומען אויף זיי ביזן סוף" (1־טע טעסאַלאָניקער, קאַפּ. 16־15).

שלום אַש האָט צוגעטוליעט צו זיין האַרצן פאָולוסן, וועלכער איז געווען דער ערשטער שונא ישראל צווישן די קריסטן, דער ערשטער אידישער מסור ביי די גויים, דער ערשטער פאַרפעלשער פון אידנטום פאַר דער גויאישער וועלט, אַ צורר היהודים און אַ צורר התורה. ווען איר הערט און לייענט ביי די קריסטן איבער דער גאַרער וועלט, אַז אידן זיינען אַ מאַטעריאַליסטיש פאָלק אָן גייסט, אַ פּראַקטיש פאָלק אָן נשמה, שטאַמט עס פון פאָולוסן. אויב קריסטן, אין בייזע צייטן, שלעפּן אַרויס אונדזערע ספרי תורה, שענדן זיי, פליקן זיי און ברענען זיי, איז עס דערפאַר וואָס ניט קיין אַנדערער, נאָר פאָולוס, האָט זיי געלערנט, אַז אין דער תורה איז די זינד, אין דער תורה איז דער טויט.

שלום אַש איז געקומען און דורך אַן ענגלישער הינטער־טיר זיך פאַרנומען אַריינצופירן פאָולוסן אין אידישן הויז אַריין. ווען? בשעת אין די מער פאַרגעשריטענע, אין די איידעלערע קריסטלעכע שיכטן, טרייבט מען אים שוין לאַנג מיט שטעקנס פון זייער הויז, פון זייער קירכע און פון זייער אמונה. ס'איז איינס פון די מערקוויר־דיקסטע פּאַראַדאָקסן אין דער גאַנצער געשיכטע, וואָס אין איין זין איז פאָולוס דאָס גאַנצע קריסטנטום, און אין אַ צווייטן זין איז ער דער מלאך־המות פון קריסטנטום, און מ'וויל אים אַראָפּזעצן פון דעם הויכן טראָן, פון וועלכן ער האָט באַהערשט די קריסטלעכע קירך און אמונה אין משך פון הונדערטער יאָרן. אַ באַוועגונג איז שוין לאַנג אויפגעשטאַנען, וואָס זעגלט אונטער דער פאָן: „אַוועק פון פאָולוסן, צוריק צו יעזוסן".

אין וואָס באַשטייט דאָס פאָולוס־פּראָבלעם אין קריסטנטום?

עס באַשטייט אין דעם, וואָס פאָולוס האָט גענומען און האָט פאַר־דרענגט אין טיפן הינטערגרונט די עטישע לערן פון ישוע און זיינע ערשטע אַפּאָסטאָלן, און האָט אַרויסגערוקט צום פאָדערגרונט טעאָלאָ־גישע לערן, וואָס האָבן זייער מקור אין גריכישן געצנדינסט און וואָס קיין קלאָרער קאָפּ קען זיי ניט באַנעמען. דאָס ביסל וואַרימקייט וואָס קריסטנטום האָט געקענט געבן דעם האַרצן, אַ ירושה פון אידנ־

טום, איז אויסגעלאָשן געוואָרן און די קריסטלעכע אמונה איז געוואָרן איין שטיק ליידיקע קאָפּ־דרייעניש וועגן טרוקענער דאָגמאַטיק.

אין אַ ווערק וועגן פּאָולוסן שרייבט דער גרויסער פראַנצויזישער היסטאָריקער ערנסט רענאַן:

„פּאָולוסעס שריפטן זיינען געוואָרן אַ סכנה און אַ באַהאַלטענער פעלדז. זיי זיינען די סיבה פון די וויכטיקסטע חסרונות פון דער קריסטלעכער טעאָלאָגיע. וואָס עס גיט דעם קריסטנטום לעבן, איז דאָס ביסל וואָס מיר וויסן פון די רייד און פון דער פּערזאָן פון יעזוסן".

וועגן פּאָולוסעס טעאָלאָגיע זאָגט ער אין זעלביקן ווערק, אַז זי איז „דער שפּיץ פון טראַנסצענדענטאַלן אומזין".

און רענאַן זאָגט נביאות, אַז „פּאָולוסעס הערשאַפט אין קריסטנטום דערנענטערט זיך צו אַ סוף".

זייער פיל אין קריסטנטום האָבן פיינט פּאָולוסן מיט אַ ברענענדיקער פיינטשאַפט. זיי האָבן אים פיינט דערפאַר וואָס ער האָט גענומען, לויט זייער מיינונג, אַ רעליגיע פון תמימותדיקער עטיק און האָט זי פאַרוואַנדלט אין אַ טרוקענער, קאָפּ־פאַרשווינדלדיקער טעאָלאָגיע.

מיט אַ פייערדיקער שנאה און אַ גרענעצלאָזער פאַראַכטונג רעדט פון אים טאָמאַס דזשעפערסאָן, פאַרפאַסער פון דער אַמעריקאַנער „דעקלערעישאָן אָוו אינדעפּענדענס". ער רופט אים אָן: „דער ערשטער פאַרדאַרבער פון יעזוסעס לערע". ער רופט אים נאָך ערגערס: שוטה („דיופּ"), שווינדלער, באַטריגער („אימפּאָסטאָר"). אין איין אָרט שרייבט ער:

„עס זיינען געווען נאָך אַנדערע שווינדלערייען, אומזיניקייטן און ניט־אמתן, וואָס זיינען אָפּגעטאָן געוואָרן איבער די לערן פון ישוע דורך אַ גרויסער באַנדע נאַראָנים און שווינדלער, אָנגעפירט פון פּאָולוסן, דעם הויפּט פירער און דעם ערשטן פאַרדאַרבער פון ישוס לערן."

אין אַ צווייטן אָרט האָט ער געשריבן: „פון דער דאָזיקער באַנדע נאַראָנים און שווינדלער איז פּאָולוס געווען דער הויפּט פירער און דער ערשטער פאַרדאַרבער פון ישוס לערעס".*)

---

* The Mississippi Valley Historical Review, Vol. XXX, No. 2, Sept. 1943, "Jefferson Number" . . . In the article, "The Religious Ideas of Thomas Jefferson" by George H. Knoles, page 195. See also "The Writings of Thomas Jefferson" edited by Andrew A. Lipscomb, 1904.

טאָמאַס דזשעפערסאָן איז אַ פיגור פון אַכצנטן יאָרהונדערט. ערנסט רענאַן איז אַ פיגור פון מיטן נײַנצנטן יאָרהונדערט. מיר שפּרינגען אַריבער אַ האַלבן יאָרהונדערט, צום אָנהויב צוואַנציקסטן, און נעמען צופעליק אַ בוך וועגן „סט. פּאָול", פון אַן ענגלישן טעאָלאָג, דזש. ר. קאָהו, אַ גלח, דערשינען אין יאָר 1911. רעוו. קאָהו איז געקומען גראָד צו פאַרטיידיקן פּאָולוסן אין דעם גרויסן וויכוח „צוריק צו יעזוסן". פונדעסטוועגן, אַפילו ער שרייבט, אַז פּאָולוסעס קריטיקער זײַנען שטאַרק גערעכט, און אַז „ווען פּאָולוס וואָלט הײַנט געלעבט, וואָלט ער געוועזן דער ערשטער צו פאָדערן אַ רעוויזיע פון זײַן אייגענער טעאָלאָגיע... פאַר דער טובה וועגן פון רעליגיע". ער ברענגט די מיינונגען פון אַנדערע קריסטלעכע דענקער, וועלכע האַלטן, אַז ווען ניט פּאָולוס וואָלט דאָס קריסטנטום שוין לאַנג געווען פאַרשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט. גלח קאָהו ברענגט די מיינונג פון אַן אַנדער טעאָלאָג, דזשאָוועט, וואָס זאָגט וועגן פּאָולוסן אַזוי:

„אַ מענטש, וואָס זײַן אויסזען און זײַן געשפּרעך האָבן געמאַכט אַן אײַנדרוק פון שלאַפקייט, אַ דיסהאַרמאָניע מיטן לעבן און מיט יעדער נאַטור. אַ צעטומלטער דענקער, וואָס רעדט אין צעבראָכענע ווערטער, אָן שום שיינקייט פון סטיל, און אַזוי אומזיכער, אַז פערצן יאָר האָט ער געפּריידיקט אַ לערע, וואָס ער האָט שפּעטער מודה געווען, אַז זי איז געווען אַ זינדיקע" (קאַרנאַל").

מיר מאַכן נאָך אַ שפּרונג איבער אַ האַלבן יאָרהונדערט און נעמען אַ בוך פון אַן אַמעריקאַנער טעאָלאָג, ערנעסט פ. סקאָט, „ווערײַעטיס אָוו ניו טעסטאַמענט רעלידזשיאָן", דערשינען אין 1944. און אָט וואָס ער זאָגט וועגן פּאָולוסן:

„אָן אַ שיעור פּראָבעס זײַנען געמאַכט געוואָרן צו געפינען אַ שטיקל לאָגישן צוזאַמענהאַנג אין זײַן לערע, אָבער הײַנט איז שוין בײַ אַלעמען אַן אָנגענומענע זאַך, אַז דאָס איז אוממעגלעך. פּאָולוסעס געדאַנקען האַלטן אין איין איבערהאַקן איינע די אַנדערע, און אָפט זײַנען זיי סותר איינע די אַנדערע. ער כאַפּט זיך אָן אין יעדן געדאַנק, וואָס דינט זײַן צוועק אין דער רגע, און אים אַרט ניט ווי אַזוי דאָס שטימט מיט דעם, וואָס ער האָט געזאָגט אויף אַן אַנדער אָרט. אָט חקירהט ער ווי אַ אידישער רב, און אָט ווי אַ העלעניסטישער (גריכישער) דענקער..."

דערדאָזיקער פאַרניכטנדיקער ביטול פון פּאָלוסן און זײַן דאָגמאַטיק איז ניט דער קנין פון געקליבענע יחידים אַליין, נאָר ער איז אויך אַרײַן אין דעם יסוד פון גאַנצע שטרעמונגען אין דעם קריסטנטום. מיר געפינען עס, למשל, אין די אָנשויאונגען פון „דשעהאָ—ס

וויטנעסעס״. אַ פאָרשער פון דער־דאָזיקער פאַרשפרייטער סעקטע גיט איבער איר לערע וועגן פּאָולוסן אַזוי:

„ביי די וויטנעסעס איז אָנגענומען, אַז דאָס קריסטנטום האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ נאָבעלן, געטלעכן פירער. אין זיינע ערשטע שטאַדיען האָט עס באמת אויסגעדריקט דעם ווילן פון גאָט, און ווען זיין אָריגינעלע ריינקייט וואָלט אויפגעהיט געוואָרן אין משך פון די יאָרהונדערטן, וואָלט גאָט נאָך היינט אויך געווירקט דורך אים. נאָר די פריע לערן פון יעזוסן זיינען גאַנץ פרי אין דער געשיכטע פון דער רעליגיע פאַראומרייניקט געוואָרן דורך פּאָלוסן, וועלכער האָט ניט געאַכט דעם ווילן פון גאָט און האָט אָפּגעשוואַכט דאָס קריסטנטום. ער האָט עס סיסטעמאַטיזירט און „פאַרקירכלעכט״, און די פאָרם וואָס האָט זיך באַקומען דערפון האָט ניט דערהאַלטן גאָטס רצון און איז גע־ווען קעגן די טיפסטע אינטערעסן פון דעם מענטשן. לויט דער מיי־נונג פון די „וויטנעסעס״ איז ניט מעגלעך אַז די רוימיש־קאַטוילישע קירכע איז געגרינדעט געוואָרן פון יעזוסן און פּעטרוסן, נאָר גאַנץ זיכער פון דעם שטן און פּאָולוסן״ (זע: הערבערט היואיט סטראוט, „דשעהאָ—ס וויטנעסעס״, ז. 3־132).

און מ׳קען נאָך אָנווייזן, אַז נאָך ווייט־ווייט צוריק, ביים סאַמע אָנהויב פון קריסטנטום, איז פּאולוס באַטראַכט געוואָרן ווי די שוואַרצע שאָף פון דער נייער רעליגיע. די עלף אַפּאָסטאָלן, יעזוסעס ערשטע תלמידים, האָבן אים ניט ליב געהאַט. ווען פּאולוס איז פון אַ פאַר־פאָלגער געוואָרן אַ באַקערטער צום קריסטנטום, און איז געקומען צו די אָריגינעלע אַפּאָסטאָלן, האָבן זיי אים לכתחילה ניט געוואָלט אָננעמען פאַר אַ זייעריקן. זיי האָבן אים ניט געגלויבט וואָס ער האָט דערציילט, אַז יעזוס האָט זיך באַוויזן צו אים. און ווען זיי האָבן אים לסוף אָנגענומען, איז עס געווען ניט גערן. און ווען ער איז אַריין צו זיי און איז געוואָרן איינער פון זיי, האָבן זיי געהאַט ביטערע מחלוקות. נאָר פּאו־לוס האָט מנצח געווען. ווייל די אַלע אַפּאָסטאָלן זיינען געווען ביטערע עם־הארצים, ווי די עוואַנגעליע אַליין זאָגט עדות, און פּאולוס האָט גע־האַט אַ ביסל גריכישע און אידישע בילדונג.

זיינע צייט־חברים האָבן אים ניט ליב געהאַט, שרייבט דער דער־מאָנטער אַמעריקאַנער טעאָלאָג, ע. פּ. סקאָט: „זיי האָבן געקוקט אויף אים ווי אויף איינעם, וואָס איז אַלץ פאַר אַלעמען, וואָס האָט ניט קיין געזעצטע מיינונגען, נאָר וואָס האָט זיך געוואַקלט פון איין זייט צו דער אַנדערער, אַבי צו דערגרייכן זיין ציל״.

דער אויסדרוק „אַלץ פאַר אַלעמען״ פאַרדינט באַזונדערע אויפ־מערקזאַמקייט. אין דער אַמעריקאַנער פּאָליטיק איז עס אָנגענומען ווי אַ

באַצייכענונג פאַר אַ פרינציפּנלאָזן פּאָליטיקאַנט, וואָס שטעלט אָן אַן אַנדער פּנים צו יעדן אַנדערן פּובליקום. „אָלל טהינגס טו אָלל מען", גייט דער אויסדרוק (אַלע זאַכן פאַר אַלע מענטשן), און איז אַ בייסנ־דיקער פאָרוואורף.

ווי מאָדנע עס איז, דעריבער, ווען מען באַרעכנט, אַז דער אויס־דרוק שטאַמט פון פּאולוסן. ער האָט אים אויסגעשמידט צו באַצייכענען זיך אַליין און זיין אַרבעט פאַר דער פאַרשפּרייטונג פון דער נייער אמונה. אין איינעם פון זיינע בריוו צו די ערשטע קריסטלעכע געמיינ־דעס שרייבט ער:

„הגם איך בין פריי פון אַלעמען, האָב איך מיך פאַריאָכט צו אַלעמען, כדי איך זאָל געווינען וואָס מערער. און אַזוי בין איך פאַר די אידן געוועזן ווי אַ איד, כדי צו געווינען די יידן. פאַר די אונטער דער תורה, אַזוי ווי אונטער דער תורה, הגם אַליין בין איך ניט געווען אונ־טער דער תורה, כדי צו געווינען די וואָס זיינען אונטער דער תורה. פאַר די אָן דער תורה (בין איך געווען) ווי אָן דער תורה, הגם איך בין ניט אָן גאָטס תורה, נייערט אונטער משיחס (ישוס) תורה, כדי צו געווינען די וואָס זיינען אָן דער תורה. פאַר די שוואַכע בין איך געווען שוואַך, כדי צו געווינען די שוואַכע. איך בין געוואָרן אַלץ צו אַלעמען, כדי בכל אופן צו ראַטעווען אַ ביסל" (קאָרינטער 1, קאַפּיטל 9, 23־19).

און אָט אַזוי איז דאָס פּנים פון דעם וויכטיקסטן אַפּאָסטאָל פון קריסטנטום אין די אויגן פון אַ גרויסן סעקטאָר פון דער קריסטלעכער וועלט גופא. ווי אַזוי זעט שוין אויס דאָס דאָזיקע פּנים אין שפּיגל פון אידנטום?

איז געקומען שלום אַש און האָט אַרויסגעשטעלט די דאָזיקע האַלב־אויסגעשפּילטע פיגור אַלס דעם גרעסטן ווייסער פון גאָט.

דידאָזיקע באַצייכענונג גיט שלום אַש אין דעם לעצטן סך־הכל פון זיין פּאָולוס־בוך. ער שילדערט אַ סצענע, קורץ פאַר דער הינריכ־טונג פון פּאולוסן און פּעטערן אין רוים, ווי די צוויי אַפּאָסטאָלן באַ־געגענען זיך, און פּעטער זאָגט צו פּאולוסן:

„איך האָב געזען דעם האַר גאָט, ברודער פּאָולוס. אָ, פּאָולוס, דו ווייסט דעם ווילן פון גאָט בעסער ווי איך".

אַזוי האָט שלום אַש פאַרגעשטעלט פּאולוסן פאַר דער וועלט בכלל.

און פאַר די אידן בפרט האָט ער אים, דעם גרעסטן ברעכער פון אידנטום, פאָרגעשטעלט פאַר אַן ערלעכן, פרומען אידן...

אין דעם קאַפּיטל צען פון דריטן טייל פון זיין פּאולוס־בוך, רעדט אַש וועגן פּאולוסעס „בריוו צו די אידן", וואָס איז אפשר די לעס־טערנדיקסטע זאַך, וואָס דער „שליח צו די גויים" האָט געשריבן וועגן אידנטום, און ער זאָגט:

„דאָס האָט געקענט זיין געשריבן פון אַ פרומען אידן, וואָס האָט קיינמאָל אין קיין שום פרט ניט אָפּגעטראָטן פון די עיקרים פון דער טראַדיציאָנעלער אמונה"...

וכדי בזיון וקצף...

2

## „דעם טייוולס מייסטערווערק"

פּאולוס איז ניט געווען פון די ערשטע אַפּאָסטאָלן, פון די דירעקטע תלמידים פון יעזוסן. ער איז ערשט רעכט נאָך דער קרייציקונג צוגעשטאַנען צו דער נייער סעקטע, יאָרן נאָך ישוס טויט. לכתחילה איז ער גאָר געווען אַ ביטערער קעגנער פון דער נייער כת און אַן אַקטיווער פאַרפאָלגער פון איר. אָבער פּלוצלינג האָט ער זיך איבערגעקערט. און ווי עס טרעפט אָפט מיט איבערגעקערטע, איז ער געוואָרן אַ פלאַמיקערער קריסט ווי די אָריגינעלע אַפּאָסטאָלן. און ער האָט זיך געהאַלטן גרעסער פון זיי אויך. פּעטערן האָט ער אין פנים אָנגערופן „היפּאָקריט".

פּאולוס איז געווען געשייטער פון זיי אַלע און ער האָט גאַנץ פרי באַגריפן, אַז צווישן אידן האָט קריסטנטום קיין שום תקומה ניט, און ער האָט באַשלאָסן צו גיין דערמיט אין דער וועלט, צו די גויים. און ער האָט זיך פּראָקלאַמירט פאַרן „אַפּאָסטאָל צו די גויים".

ער האָט זיך גוט געפּאַסט פאַר אַזאַ מיסיע. וואָרום געקומען איז ער לכתחילה פון דער גויאישער וועלט. ער האָט געשטאַמט, ניט פון ארץ ישראל, נאָר פון דער העלעניסטישער שטאָט תרשיש. ער איז געווען אַ גריכישער איד און אַ רוימישער בירגער. ער איז געווען דורכגעזאַפּט מיט דער העלעניסטישער קולטור פון יענער צייט. אידישקייט האָט ער גאַנץ ווייניק געקענט, כאָטש די קריסטלעכע ספרים ווילן האָבן, אַז ער איז געווען אַ תלמיד פון רבן גמליאל. ס'איז ניטאָ קיין שום יסוד פאַר אַזאַ תביעה. אַלע סימנים ווייזן, אַז אַפילו דעם תנ"ך האָט ער ניט געקענט אין העברעאיש, נאָר אין גריכישע איבערזעצונגען.

צווישן די גויים פון יענער צייט איז געווען אַ גרייטקייט זיך צוצוהערן צו אידישע רייד. זייערע אייגענע אמונות זיינען געווען אָפּגעלעבט, זייערע געצן אומגעפאַלן, און זיי האָבן געדורשט נאָך אַ נייעם גלויבן. אין די העכערע געבילדעטע שיכטן איז געווען אַ גרויסער אינטערעס צום אידנטום. געווען פונדאַנען אַ סך גרים.

דער באַרימטסטער פון אַלע איז געווען אונקלוס הגר, דער איבער־

זעצער פון דער תורה אויף אַראַמיש, דער גאון און צדיק פון תרגום אונקלוס, וואָס האָט זוכה געווען, אַז זיין איבערזעצונג זאָל געדרוקט זיין אין חומש זייט ביי זייט מיט דער תורה, און וואָס ס'איז איינגעשטעלט געוואָרן, אַז יעדן שבת, ווען דער איד איז מעביר די סדרה, זאָל ער לייענען „שנים מקרא ואחד תרגום": צוויי מאָל די סדרה, און איין מאָל דעם תרגום פון אונקלוס. ער איז געווען אַ תלמיד פון רבן גמליאל, וואָס פּאָלוס האָט געזאָגט אַז ער איז געווען ביי אים אַ תלמיד. און ער איז געווען נאָך אָפּגעהיטענער אין אידישקייט ווי זיין גרויסער רבי אַליין. ער איז געווען אַ גרויסער מחמיר אויף זיך אין עסן על טהרת הקודש, און אין טבילה, און ער האָט מחמיר געווען אויף זיך אויך ווען ס'איז געקומען צו ירושה. כאָטש לויטן דין מעג אַ גר נעמען זיין חלק ירושה פון אַ פאָטער אַ גוי, וואָס האָט איבערגעלאָזט געצקעס און כלים, פונדעסטוועגן האָט אונקלוס ניט געוואָלט הנאה האָבן פון אַזאַ ירושה, און ער האָט זיין חלק אַריינגעוואָרפן אין ים המלח.

געווען אויך איין יענער עפּאָכע אַ צווייטער באַרימטער גר, עקילס. ער האָט זיך מגייר געווען און האָט איבערגעזעצט דעם תנ"ך אויף גריכיש, נאָר פון זיין איבערזעצונג זיינען אַריבערגעקומען צו אונדז בלויז אָפּגעריסענע שטיקלעך. ער איז געווען אַ גריכישער גוי, און לכתחילה איז ער געווען אַ פּריסטער אין אַ געצנדינערישן טעמפּל. עקילס איז געווען אַ קרוב פון אַדריונוס קיסר, דורך הייראַט מיט זיין שוועסטער, און דער קיסר האָט אים געמאַכט פאַר בוי־אויפזעער אין ירושלים. דאָ האָט ער זיך באַקענט מיט די ערשטע קריסטן און איז גע־וואָרן אַ קריסט, אָבער אין אַ קורצער צייט אַרום האָט ער פאַרלאָזן דאָס קריסטנטום און איז אַריין אין אידנטום. אין מדרש ווערט דערציילט, אַז איינמאָל האָט עקילס געזאָגט צו אַדריונוס קיסר: איך וויל זיך מגייר זיין און ווערן אַ איד. האָט אים דער קיסר געזאָגט: צו דערדאָזיקער אומה ווילסטו? זע ווי דערנידעריקט איך האָב זי, וויפיל איך האָב פון איר אויסגעהרגעט, מיט דער געפאַלנסטער פון אַלע אומות ווילסטו זיך אויס־מישן? וואָס אַזוינס האָסטו דערזען אין זיי וואָס דו ווילסט זיך מגייר זיין?

האָט אים עקילס געענטפערט: דער קלענסטער צווישן זיי ווייס ווי אַזוי גאָט האָט באַשאַפן די וועלט...

זאָגט צו אים דער קיסר: גיי און לערן זייער תורה, אָבער זיך מל'ען זאָלסטו ניט.

האָט אים עקילס געענטפערט: אַפילו דער גרעסטער חכם אין דיין מלוכה, ווען ער זאָל לעבן הונדערט יאָר, וועט ניט קענען פאַר־שטיין זייער תורה אויב ער איז ניט געמלט...

פאַר אַ קינסטלער מיט אַן עכט אידישן געפיל און צוגאַנג, איז אונקלוס הגר און עקליס הגר, וועלכע זיינען געקומען פון די מעכטיקע גוים צו די שוואַכע אידן, אַ רייכערע טעמע ווי שאול דער מומר, וואָס איז אַוועק פון די שוואַכע צו די מעכטיקע. און דער גאַנג פון היידנישן גייסט צום אידישן איז דער היסטאָרישער גאַנג פון דער מענטשהייט און איז אַ העכערער גאַנג, און דערלאַנגט צו העכערע שפּיצן, ווי דער גאַנג פון אידנטום צום היידנישן גייסט, ווי פּאָולוס איז געגאַנגען. נאָר אַש איז אַוועק דעם וועג פון פּאָולוסן. ער האָט אויסגעקליבן די טעמאַטיק פון אַנטי־אידנטום.

ווען פּאָולוס איז אַרויס צו וואַנדערן און פּריידיקן איבער דער וועלט איז זיין לערע נאָך ניט געווען אַזוי להיפּכדיק אַנטי־אידיש ווי מיר קענען זי היינט. ער איז נאָך געשטאַנען גאַנץ נאָענט צו די אַנשויאונגען פון די אַנדערע עלף אַפּאָסטאָלן, וועלכע האָבן געהאַלטן, אַז דער נוצרי איז געקומען דער עיקר פון די אידנסוועגן, און אַז אַ גוי, וואָס וויל צושטיין צו דער קריסטלעכער באַוועגונג און ווערן אַ חבר אין דער כת, מוז פריער ווערן אַ איד. דעם ערשטן גוי, וואָס פּאָולוס האָט באַקערט צום קריסטנטום, האָט ער געלאָזט מל זיין. ווען ער פלעגט אָנקומען אין אַ גויאישער שטאָט, איז די ערשטע זאַך וואָס ער פלעגט טאָן, געווען, אויפצוזוכן די אידן פון שטאָט, און אויב זיי האָבן געהאַט אַ שול, דרשענען אין שול. ער האָט ניט אויפגעהערט צו טענהן, אַז דער נוצרי איז געקומען צו די אידן צוערשט, און נאָר דערפאַר וואָס די אידן האָבן אים ניט אויפגענומען איז מען געצוואונגען צו גיין צו די גוים.

דער אידישער פאַרלוסט איז דער גויאישער געווינס, פלעגט ער זאָגן.

נאָר קלערער ווי די אַנדערע האָט פּאָולוס געזען, אַז צווישן אידן, דער עיקר צווישן די אידן אין ארץ ישראל, האָט דאָס קריסטנטום קיין וואָרצלען ניט געשלאָגן. און האָט ניט געקענט שלאָגן. וואָרום דער נוצרי איז ניט געקומען נאָר ווי אַ משיח, נאָר אויך ווי אַ בן־אלקים, און אַ שותף צו גאָט, פאַרוואָרפנדיק דעם גאַנצן מהות פון אידישן געדאַנק פון אחדות הבורא. ער האָט אויך אָנגערירט און צעוואָרפן אייניקע יסודות פון דער תורה, אָנרירנדיק דעם געדאַנק פון איר נצחיות. און אַפילו ווי דער „משיח" איז ער געווען אַ דורכפאַל. וואָרום משיח דאַרף ברענגען ישועה פאַר אידן, און באַפרייאונג, און ישו האָט די אידן ניט באַפרייט פון רוימישן יאָך.

האָט פּאָולוס אַוועקגעטראָגן די נוצרישע לערע צו די גוים, און אין איין וועג האָט ער געפּרואווט מזל צווישן די אידן אין חוץ לארץ.

צווישן די אידן אין דער דיאַספּאָרא האָט ער באַגעגנט דיזעלבע אָפּאָ־זיציע וואָס ביי די אידן אין ארץ ישראל, און אויך צווישן די היידנישע גויים האָט ער באַגעגנט גרויסע שטיינער אין וועג.

אין איין הינזיכט איז צווישן די היידן אין יענער צייט געווען גרינג צו געפינען רעקרוטן פאַר אַ נייער אמונה בכלל, און פאַרן קריסטנטום בפרט. די גאַנצע באַקאַנטע וועלט פון יענער צייט איז געווען גוואַלטיק צערודערט. אין גרעסטן טייל איז דידאָזיקע וועלט געווען באַהערשט פון רוים. אָבער די רוימישע אימפּעריע איז שוין דעמאָלט געווען היפּש פאַרגאַנגען אויפן וועג פון ירידה. זי איז געווען צעפרעסן פון קאָרופּציע, צעטרייסלט פון אויפשטאַנדן און באַרבאַרישע אינוואַזיעס, דעקאַדענט אין איר קונסט און ליטעראַטור, אין איר רעליגיע און מאָראַל. די מענטשן האָבן געהאַט אַ פאָרגעפיל, אַז זייער וועלט שטייט פאַר אַ קאַטאַסטראָפאַלן פאַנאַנדערפאַל. צו דעמדאָזיקן געפיל האָט דאָס דעמאָלדיקע קריסטנטום געהאַט דאָס ריכטיקע שליסל. מ׳דאַרף נאָר געדענקען וואָס דאָס קריסטנטום איז נאָך דעמאָלט געווען און וואָס עס האָט געפּריידיקט: די קריסטן האָבן אָנגעהויבן מיט אַ טרעוואָגע, אַז די וועלט האַלט ביים אונטערגיין: אָט־אָט, היינט־מאָרגן, גיכער היינט ווי מאָרגן, איז „עק וועלט". און דער געקרייציקטער משיח וועט באַלד זיך באַווייזן צום צווייטן מאָל און וועט משפּטן אַלע מענטשן. די זינדיקע וועלן אייביק אַריינגעשליידערט ווערן אין גיהנום, און נאָר די רעכטפאַרטיקע וועלן ניצול ווערן און וועלן אַריינ־גיין צום אייביקן לעבן אין „קעניגרייך פון גאָט", וואָס וועט אויפגע־שטעלט ווערן אין הימל. און ווער איז אַ רעכטפאַרטיקער? נאָר דער וואָס גלויבט אין ישו הנוצרי.

אויף אַזעלכע פאַנטאַסטישע און גרינגע גליקן זיינען געווען אַ סך בעלנים. ערנעסט רענאַן האַלט, אַז אָן דעם אָנגעיאָגטן שרעק פון „עק וועלט", און אָן דעם צוגעזאָגטן גרויסן שכר פאַר אַזאַ גרינגער פאַ־דערונג ווי בלויז גלויבן, וואָלט דאָס קריסטנטום זיך ניט געווען אָנגע־נומען ביי די היידן.

דאָס איז אָבער געווען נאָר איין זייט פון דער מטבע. דאָס בילד אויף דער אַנדערער זייט מטבע האָט זיך שוין ניט געלייענט אַזוי גרינג. עס האָט נאָך דעמאָלט געגאָלטן די לערע פון די אַפּאָסטאָלן, אַז דער וועג צום קריסטנטום ליגט דורכן אידנטום: מ׳מוז פריער זיך מגייר זיין. און דאָס האָט געמיינט קודם כל געמלט ווערן. און דערויף האָבן זיך שוין ניט געפונען אַזוי גרינג קיין בעלנים.

נאָר ניט די מצווה פון מילה אַליין איז געווען שווער פאַר די גויים אָנצונעמען, נאָר די מערסטע מצוות פון דער תורה, ווי, למשל, די

דינים פון קנעכטשאַפט און שקלאַפעריי: די היידנישע וועלט איז גע־ווען איינגאַנצן געשטעלט אויף שקלאַפעריי, און לויט דער תורה איז שקלאַפעריי פאַר אידן צווישן אידן אוממעגלעך. אַנדערע מצוות פון דער תורה זיינען צו טיף אידיש־נאַציאָנאַל. למשל דער יום טוב פסח. פסח איז געשטעלט אויף יציאת מצרים: צי האָט דען דער רוימער געקענט מאַכן פסח פאַר זיין יום טוב, דערפאַר וואָס די אידן זיינען אַרויס פון קנעכטשאַפט פון מצרים? אַפילו שבת, וואָס זיין גרונט־פרינציפ איז אַן אוניווערזאַלער, דער יום טוב פון בריאת העולם, טראָגט אויך אין זיך אַ ריין נאַציאָנאַלן מאָמענט: ער איז אויך אַ „זכר ליציאת מצרים".

נאָר פאָולוס איז ניט געווען פון יענע נאַטורן, וואָס שטעלן זיך אָפּ פאַר מניעות. מיט דער בויגעוודיקייט פון זיינע פרינציפן, און מיט זיין טאַלאַנט צו זיין „אַלע זאַכן פאַר אַלע מענטשן", האָט ער גיך געפונען אַן אויסוועג: אויב פאַר די גויים איז שווער אָנצונעמען דעם געבאָט פון ברית מילה, טאָ זאָל זיין אַן ברית מילה...

מיט די שווערע דערפאַרונגען פון זיין נסיעה אין די היידנישע לענ־דער, איז פאָולוס געקומען צוריק צו די אַפּאָסטאָלן אין ירושלים און האָט דרייסט געשטעלט אויפן סדר היום די פראַגע: צי מוז עס זיין אַ חוב פאַר אַ גוי זיך מל צו זיין איידער ער קען ווערן אַן אָנהענגער פון דעם נוצרי? די אַפּאָסטאָלן פון ירושלים האָבן געהאַלטן, אַז ס'איז אַ מוז; פאָולוס האָט געהאַלטן, אַז ניין. עס איז געוואָרן אַ גרויסע מחלוקת. די ערשטע מחלוקת אין קריסטנטום.

געוואונען לסוף האָט פאָולוס. און געוואונען האָט ער מיט אַ „ראיה", וואָס איז אַן ממשות, אַזוי ווי אַ צעפוילטע פאָדים, וואָס צע־קריכט, ווי נאָר איר נעמט זי אָן מיט די פינגער: גאָט — האָט ער גע־טענהט — האָט זיך באַוויזן צו אברהמען איידער ער איז געווען געמלט, בלויז אין זכות פון זיין אמונה אַליין. איז דאָך אַ סימן, אַז מילה איז לאו דווקא, דער עיקר איז אמונה...

דידאָזיקע טענה לאָזט זיך גרינג אָפּשלאָגן ווען מ'זאָגט זי איבער פאַרקערט: גאָט האָט זיך באַוויזן צו אברהמען איידער ער איז געווען געמלט, בלויז אין זכות פון אמונה אַליין, דאָך האָט אים כביכול שפּעטער געבאָטן דעם געבאָט פון ברית מילה...

ס'איז דאָ ניט מיין כוונה צו האַלטן אַ וויכוח איבער דער באַדיי־טונג פון ברית מילה אין אידנטום. איך האָב נאָר געוואָלט ווייזן אויף וועלכן אוממשותדיקן יסוד עס איז באַגרינדעט געוואָרן דער לעצטער און אַבסאָלוטער ברוך פון דעם קריסטנטום מיטן אידנטום. וואָרום דאָ, ביי דעם מאָמענט, שטייען מיר ביים קריטישן פונקט. דאָס איז דער

צענטער פון דעם שיידוועג. פון דאַנען הויבט זיך אָן דער „פּאָליניזם". אין דעמדאָזיקן אַקט זיינען איינגעזעצט אַלע וואָרצלען פון פּאָלוסעס טעאָלאָגיע, וואָס איז גיך געוואָרן דאָס גאַנצע קריסטנטום, מיט אַלע זיינע קאָנסעקווענצן פאַרן אידנטום.

די אָפּשאַפונג פון מצות מילה איז געווען נאָר אַן אָנהויב. לויט דערזעלבער נויטווענדיקייט, און אויפן זעלבן פּרינציפּ, האָט פּאָלוס שוין געקענט בטל מאַכן אַנדערע מצוות פון דער תורה אויך, ביז ער איז לסוף דערגאַנגען צו דער מדרגה פון דערקלערן די גאַנצע תורה פאַר בטל.

דערביי איז ער געשטאַנען פאַר דער דילעמע פון צעברעכן די פּאַס און אויפהיטן דעם וויין. צעברעכנדיק די תורה האָט ער דאָך געמוזט מודה זיין אין איר געטלעכקייט און הייליקייט. וואָרום אין דער תורה און די נביאים האָבן די נוצרים געלייגט דעם יסוד פון זייער אייגענער אמונה.

„משה רבינו האָט געשריבן וועגן מיר", האָט דער נוצרי געזאָגט וועגן זיך.

נאָר אויב די תורה איז געטלעך געגעבן געוואָרן, ווי אַזוי האָט פאולוס געמעגט און געקענט זי דערקלערן פאַר בטל? דאָס האָט גע־פאָדערט אַ דערקלערונג. און די מצוות, אויב מ'קען זיך באַגיין אָן זיי, צו וואָס זיינען זיי געגעבן געוואָרן? דאָס האָט אויך געפאָדערט אַ דערקלערונג און אויסטייטשונג.

פּאָלוס האָט דידאָזיקע דערקלערונגען און אויסטייטשונגען געגעבן. דאָס איז דער אַזוי גערופענער „פּאָליניזם", פּאָלוסעס טעאָלאָגיע. מיר וועלן שפּעטער באַטראַכטן זיינע דערקלערונגען אַביסל גענויער. דאָ וועלן מיר נאָר זאָגן, אַז אין דער גאַנצער געשיכטע פון מענטשלעכן דענקען איז ניט געווען נאָך אַזאַ אָנגריף אויפן כבוד פון מענטשלעכן פאַרשטאַנד, אַזאַ פאַרגוואַלטיקונג פון דעם מענטשלעכן שכל ווי עס איז דער געדאַנקענגאַנג, מיט וועלכן פּאָלוס האָט געזוכט אומצעוואַרפן די תורה און אירע מצוות.

אָפּשאַפנדיק די תורה ווי בינדיק פאַרן קריסטנטום, איז פאַר פּאָ־לוסן געשטאַנען נאָך אַ צווייטע אויפגאַבע: שאַפן אַנדערע עלעמענטן פון רעליגיע אויפן אָרט פון די עלעמענטן פון דער תורה און אירע מצוות, וואָס ער האָט פאַרוואָרפן. דאָס האָט ער אויך געטאָן, און דאָס איז די צווייטע העלפט פון פּאָלוסעס טעאָלאָגיע.

אויך דאָס וועלן מיר שפּעטער אַרומריידן אויספירלעכער. דער־ווייל וועלן מיר זיך אָפּשטעלן אויף אַ רגע און פרעגן: און וואָס איז מכוח שלום אַשס „אַפּאָסטאַל", ווי אַזוי ווערט דאָרט באַהאַנדלט פּאָ־

לוסעס אָטענטאַט אויף דער תורה און אירע מצוות? און וואָס מכוח דעם גרויסן עיקר צווישן אידנטום און קריסטנטום, דעם עיקר פון ברית מילה, וועגן וועלכן די אַפּאָסטאָלן אַליין האָבן געשטריטן? ווי אַזוי שטעלט אַש פאַר דידאָזיקע גרויסע מחלוקת, סיי צווישן די ערשטע קריסטן אַליין, סיי צווישן אידנטום און קריסטנטום?

עס איז אין זיין ווערק ניטאָ קיין שפּור פון דער דערפאַרונג, וואָס ניינצן הונדערט יאָר אידישע געשיכטע, פון פּאָולוסן ביז שלום אַשס שריפט, האָבן געלערנט וועגן דעמדאָזיקן מיסטישן ריטואַל פון דער אידישער אמונה. קיין זאַך האָט ניט געהאַט דעם כוח אָפּצורייסן אידן פון דעמדאָזיקן ריטואַל, ניט די פּריידיקטן פון פּאָולוסן, ניט די רדיפות פון די שפּעטערדיקע קריסטן, און פאַר זיי די היידן. ניט איין מאָל האָבן די אידישע אונטערדריקער גוזר געווען טויט פאַר אָפּהיטן די מצווה פון מילה, און ניט איין איד האָט באַצאָלט מיטן לעבן דערפאַר, אָנהויבנדיק פון אַנטיוכוס הרשע אין די גריכישע צייטן, דורך אַדרינוס קיסר אין דער עפּאָכע פון רוימישער אויבערערשאַפט, דורך דער אינקוויזיציע פון דער קריסטלעכער הערשאַפט, ביז דער קאָמוניסטי־שער דיקטאַטור אין סאָוועטן־פאַרבאַנד. די מצווה פון ברית מילה איז אָפּגעהיט געוואָרן מיט אַן אויסגעהאַלטנקייט, וואָס שטייגט אַריבער יע־דער אַנדער מצווה, צערעמאָניע אָדער ריטואַל ביי אידן. אַפילו פריי־געזינטע אידן האָבן זיך ניט געקענט אַרויסרייסן פון איר מיסטישער קראַפט. דער אָפּגעפרעמדטער, אין חרם־געלייגטער כופר בעיקר ברוך שפּינאָזאַ האָט געשריבן: „אין דעם צייכן פון דעם ברית זע איך אַזאַ גרויסע באַדייטונג, אַז איך בין איבערצייגט, אַז דידאָזיקע מצווה אַליין איז געגנוג אויפצוהאַלטן אויף אייביק דעם קיום פון אידן ווי אַ באַ־זונדער פאָלק". אָנהויב צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, ווען דער ראַדי־קאַליזם אויף דער אידישער גאַס האָט דערגרייכט זיין העכסטן שפּיץ, זיינען געווען ראַדיקאַלע אידן וואָס האָבן פאַרמיטן מל צו זיין זייערע קינדער, אָבער די קאָנסעקווענצן זיינען אָפט געווען טראַגיש: מען האָט חרטה געהאַט אין שפּעטערע יאָרן, און מען האָט אָפט פאַרריכט דעם טעות ווען דאָס קינד איז שוין געווען אונטערגעוואַקסן. אַמאָל פלעגן די קינדער אַליין, ווען זיי זיינען שוין געווען דערוואַקסענע מענטשן, תשובה געטאָן אויף די זינד פון די עלטערן. געווען אַ פאַל, ווען אַ דערוואַקסענער בחור האָט אַרויסגעשטעלט אַ מערקווירדיקע טענה צו זיין ראַדיקאַלן פאָטער: מיט וואָס פאַראַ רעכט — האָט דער זון געפרעגט דעם טאַטן — האָסטו מיך באַרויבט פון מיין זכות צו זיין געמלט? פאַראַן פאָטערלעכע רעכט, מיט וועלכע ער מעג זיך נוהג זיין לויט זיין געפעלן, אָבער די ברית מילה פון זיין קינד איז ניט אַזאַ

רעכט. ס׳איז אַ זכות וואָס דאָס קינד דערהאַלט ניט פון דעם פאָטער, נאָר פון דער אומה...

עפּעס דערפון האָט שלום אַש געדאַרפט לאָזן שפּירן אין זיין פּאָ־לוס־ווערק, כדי צו געבן דעם ווערק כאָטש אַ שמץ פון היסטאָרישן אמת, און דערמיט אויך אַ גרעסערן קינסטלערישן אמת. ניינצן הונ־דערט יאָר געשיכטע האָבן ניט געקענט איגנאָרירט ווערן, און דאָס ליכט וואָס זיי וואַרפן היינט אויפן סכסוך צווישן פּאָולוסן און די אידן אין דעם ווייטן אַמאָל. נאָר אַש האָט עס ניט געטאָן. ער האָט עס אין אמתן ניט געקענט טאָן. ווארום ער איז אַליין אויך קעגן ברית מילה. אַמאָל, אין זיינע יונגע קינסטלער־יאָרן, איז ער אַרויסגעטראָטן קעגן דערדאָזיקער פונדאַמענטאַלער מצווה אין יודנטום און האָט עס אָנגע־רופן אַ „באַרבאַריזם״.

מיר קומען אַצינד צוריק צו דער באַטראַכטונג פון פּאָולוסעס טעאָלאָגיע. וועלכן פּאָזיטיוון אינהאַלט האָט ער אַריינגעלייגט אין קריסטנטום, נאָכדעם ווי ער האָט עס אָפּגעריסן פון דער תורה?

מיר לערנען אין דער גמרא, אַז אַמאָל איז אַ גוי געקומען צו רבי הלל הזקן און פאַרלאַנגט ער זאָל אים דערקלערן די תורה אויף איין פוס. און דער גרויסער אידישער לערער האָט אים געענטפערט: „וואָס דיר איז ניט באַליבט, טו ניט צו קיין אַנדערן, דאָס איז די גאַנצע תורה, און דאָס איבעריקע איז נאָר אַ פירוש, גיי און לערן״.

אַ נאָכאַמונג דערפון געפינען מיר אויך אין קריסטנטום. ניט „אויף איין פוס״, נאָר אינמיטן פון אַן ערדציטערניש. איינמאָל, אינמיטן פון אַן ערדציטערניש, האָט מען פּאָולוסן געפרעגט וואָס איז דער עיקר פון זיין לערע. האָט ער געענטפערט:

„גלויב אין דעם האַר ישו המשיח, און דו וועסט זיין אויסגע־לייזט״ („מעשים פון די שליחים״ 16, 13).

קיין תורה און מצוות, בלויז גלויבן.

מיר האָבן שוין געזען אויבן ווי פּאָולוס האָט געלערנט פּשט פון אברהם אבינו, אַז דער עיקר איז דער גלויבן און דאָס האָט ער געמאַכט פאַר דעם גאַנצן יסוד פון זיין אמונה. ער האָט נאָר אַריבערגעטראָגן אברהם אבינוס גלויבן אין גאָט אויף אַ גלויבן אין ישון.

אויף טריט און שריט וועלן מיר געפינען, אַז וואו עס קומט צו אַן עיקר, וועט אידנטום פאָרשטעלן אַן אַבסאָלוטן היפּך צו קריסטנטום. מיר זעען עס גלייך דאָ ביים ערשטן עיקר פון פּאָוליסטישן קריסטנטום.

אוודאי איז גלויבן אַן עיקר אין אמונה. אין יעדער אמונה. און אין אידנטום אויך. פונדעסטוועגן געפינען מיר ביי די אידישע חכמים אַ מערקווירדיקע מימרא. אויפן פסוק: „אותי עזבו ואת תורתי לא

שמרו״ (ירמיהו טז, יא) מאַכן די חז״ל דעם פּירוש: הלוואי שאותי עזבו ואת תורתי שמרו, — בדאי זאָלן זיי מיך פאַרלאָזן אַבי די תורה זאָלן זיי אָפּהיטן.

אין אַנדערע ווערטער: גרויס איז דאָס גלויבן, נאָר גרעסער דער־פון זיינען די תורה און אירע מצוות און מעשים טובים — דער פּראַק־טישער גלויבן. דער כוח פון דער גלויביקער טאַט איז דערלייזנדיקער ווי דער כוח פון דער גלויביקער אַבסטראַקציע.

נאָר וואָס מיינט פּאָולוס מיט זיין „גלויבן אין ישו המשיח״? וואָס זאָל דער קריסט גלויבן וועגן ישון? וועלכן אינהאַלט האָט פּאָולוס אַריינגעלייגט אין דעמדאָזיקן גלויבן?

פאַרוואַרפנדיק די אידישע תורה, האָט ער געהאַט פאַרטיק צו דער האַנט אַ גריכישע.

געוועזן ביי די גריכן קולטן פון געטער, וואָס שטאַרבן און ווערן צוריק לעבעדיק (ווינטער און זומער). און זיי האָבן געגלויבט, אַז די מענטשן וואָס גייען אַריין אין די מיסטעריען פון יענע געטער ווערן באַזעסן פון זייערע אייגנשאַפטן, זייערע כוחות און זייער אייביק לעבן.

און דאָס איז דער תוך וואָס פּאָולוס האָט אַריינגעלייגט אין דעם „גלויבן אין ישו המשיח״.

אַנשטאָט דער תורה, האָט ער אין דעם יסוד פון קריסטנטום אַריינ־געלייגט די הויפּט עלעמענטן פון דער גריכיש־רוימישער געצנדינעריי. ער האָט פּאַקטיש גענומען די הויפּט מאָטיוון פון די גריכישע מיס־טעריע־קולטן און האָט זיי נאָר אָנגעטאָן אַ נייעם אידיש־קריסטלעכן לבוש. און ערשט דאָס האָט פריי און גרינג געמאַכט דעם וועג פאַר דער פאַרשפּרייטונג פון קריסטנטום צווישן די געצנדינער. די געצנ־דינער האָבן זיך געפילט היימיש אין פּאָולוסעס רעליגיע. וואָרום ס׳איז אין תוך געוועזן זייער אַלטע היים, בלויז ניי דעקאָרירט.

אין יענע מיסטישע קולטן זיינען געוועזן געטער־מענטשן, וואָס זיי־נען געקומען אויף דער ערד, געליטן, דורך דיליידן געפונען דעם וועג צוריק צום הימל, זיינען געשטאָרבן און לעבעדיק געוואָרן, און געפונען זייער פּלאַץ צוריק צווישן די געטער, און האָבן איבערגעלאָזן זייער סוד צו די מענטשן, וואָס אויב זיי וועלן אָפּהיטן געוויסע ריטואַלן, וועלן זיי אויך דערגרייכן דעמזעלבן ציל אינאיינעם מיט אים. גענוי דידאָזיקע לערע האָט פּאָולוס אָנגעהאַנגען אויפן נוצרי. צו ווערן אַ קריסט איז דער ריטואַל געוואָרן — טבילה אין וואַסער. דאָס דאַרף האָבן די באַדייטונג, אַז דער מענטש איז אַראָפּ אין קבר מיט קריסטוסן און איז צוריק געבאָרן געוואָרן אינגאַנצן אַ נייער מענטש. דאָס איז דער אָנהויב, פון וועלכן דער קולט ציט זיך ווייטער און ווייטער אין

דער אייגענער ריכטונג. וואָס ווייטער האָט דאָס קריסטנטום אויף זיין וועג אָנגענומען אַלץ מער און מער פון די הײדנישע רעליגיעס.

פון די פריסטע צייטן אָן האָבן קריסטלעכע אַפּאָלאָגעטן זיך געמאַטערט צו דערקלערן, און פאַרענטפערן, דידאַקטישע ענלעכקייטן פון דעם קריסטנטום אויף די אַלטע געצנדינערייען, אָבער אָן דערפאָלג. דער מאַרטירער יוסטין האָט עס דערקלערט ווי אַ שפּיצל פון די שדים. די בייזע שדים, שרייבט ער, האָבן געלייענט דעם תנ״ך און זיי האָבן דערשנאַפּט אין די הייליקע שריפטן דאָס, וואָס האָט געדאַרפט קומען, די קריסטלעכע אמונה. איז אָנגעפאַלן אויף זיי אַ פּחד, וויסנדיק אַז דאָס מיינט דער סוף פון זייער מאַכט. איז כדי צו צעטומלען די מענטשן, האָבן זיי גענומען און צוגעטראַכט ריטואַלן און צערעמאָניעס ענלעכע אויף די, וואָס זיי האָבן פאַראויסגעזען אין קריסטנטום. און אַזוי האָבן זיי געהאָפט, אַז ווען דער נוצרי וועט קומען און וועט איינשטעלן זיין דינסט, וועלן מענטשן מיינען, אַז דאָס האָבן די קריסטן געבאָרגט פון די אַלטע געצנדינערייען...

נאָך יוסטינען האָט טערטוליאַן אויך אַזוי געשריבן און פאַרענטפערט, אַז „מיר זעען ווי פליסיק דער טייוול טוט נאָך די מעשים פון גאָט, און פראַוועט אויך טויפע"; און אַזוי ווייטער (זע: מאַרטאָן סקאָט ענסלין, „קריסטשיען בעגינינגס", ז. 4-190).

יוסטין און טערטוליאַן האָבן אַזוי גערעדט אין צווייטן יאָרהונדערט, אָבער דיזעלבע תירוצים, בלויז אין אַביסל אַנדערן סטיל, זיינען געגעבן געוואָרן אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט אויך. דר. גאָר, בישאָף פון וואוסטער, ענגלאַנד, אין אָנהויב פון דעם יאָרהונדערט, האָט געשריבן:

„איר זאָגט, אַז מיר געפינען אין קריסטנטום די רעשטלעך פון הײדנטום. ס'איז גאָר פאַרקערט: מיר געפינען אין הײדנטום, אינאיינעם מיט אַ סך וואָס איז פאַלש, אַבערגלויביש און שרעקלעך, די פּאַראַנונגען פון קריסטנטום" („אַנטיסיפּיישאָנס אָוו קריסטיאַניטי". זע: וויוויען פעליפס, „דהי טשוירטשעס ענד מאָדערן טהאָוט", ז. 111).

די פאַרשפּרייטע, קרעפטיקע קריסטלעכע סעקטע „גאָטס עדות" („דשעהאָ־ס וויטנעסעס"), ביז היינטיקן טאָג, פריידיקט דעם שטאַנדפונקט, אַז דער קאַטוילּיציזם איז נאָר אַ צונויפזאַץ פון קריסטנטום און אַלטן הײדנטום, און אַז דאָס איז געווען די אַרבעט פון דעם טייוול, און זיין גרעסטע דערגרייכונג. זי רופט דעם קאַטוילּיציזם: „דעם טייוולס מייסטערווערק".

און ווען מען באַקענט זיך מיט די טענות ומענות, מיט וועלכע פּאָולוס פּראָקלאַמירט די אָפּשאַפונג פון דער תורה, גייט איר אַריין

אין אַ געדאַנקענגאַנג וואָס איז אַזוי קינדיש־אומזיניק, אַז איר בלייבט שטיין אַ דערשטוינטער: אָט דאָס איז דער יסוד אויף וועלכן עס רוט אַ וועלט־רעליגיע, אַ וועלט־קירכע, אַ וועלט־ציוויליזאַציע? ס׳איז דאָך ממש שומו שמים! עס ווערט אומהיימלעך פאַרן מענטשלעכן געדאַנק.

און לגבי דעם, אַז איר פאַרגלייכט אין געדאַנק, בלייבט איר שטיין נבהל ונשתומם פאַר דער פאַרכטיקער מאַיעסטעטישקייט און דורכגעלויכטענער גאונות פון היסטאָרישן אידנטום.

און שלום אַש, ניינצן הונדערט יאָר שפּעטער, נעמט אויף פּאָר־לוסעס אומזיניקייטן, און מאַכט זיי נאָך אומזיניקער, און טראָגט זיי פאַנאַנדער און שפּרייט זיי ווייטער און ברענגט זיי צו אידן און זאָגט:

די געטלעכע חכמה...

ס׳איז שומו שמים וארץ!

3

## פּאָולוסעס טעאָלאָגיע

מיר דאַרפן אַריינדרינגען אַביסל טיפער אין דער צעדולטער טונקלקייט פון פּאולוסעס געדאַנק כדי צו באַגרייפן די פולע מאָס פון שלום אַשס לעסטערונג לגבי אידן און זייערע הייליקטימער מיט זיין בוך „דער אַפּאָסטאָל״.

נאָר עס רעדט זיך אַרויס גרינג: „אַריינדרינגען אין פּאָולוסעס געדאַנק״, אָבער עס טוט זיך שווער. ס׳איז ניטאָ קיין מוטער־מענטש צווישן די געלערטע, וואָס האָט זיך ניט מיאש געווען צו געפינען אַ לאָגישן צוזאַמענהאַנג אין פּאָולוסעס געדאַנקען. מ׳דאַרף אויף קיין איין רגע ניט פאַרגעסן, אַז אין זייער ביבל אַליין ווערט ער אין איין אָרט אָנגערופן „משוגע״. אין אַ צווייטער שטעל, אַ מער פריינטלעכער, ווערט געזאָגט, אַז עס זיינען ביי פּאָולוסן דאָ זאַכן, וואָס זיינען „שווער צו פאַרשטיין און מענטשן ווערן צעבראָכן זיך גריבלנדיק אין זיי״ (2־טער פּעטער 3, 16).

זיין גאַנצער געדאַנקענגאַנג באַשטייט פון איין קרומקייט פאַר־פלאָנטערט מיט אַ צווייטער קרומקייט, און אָנגעהאַנגען אויף אַ פּסוק פון דער תורה אָדער נביאים, קרום געטייטשט.

מ׳קען זאָגן מיט אַ פולן מויל, אַז די קריסטן גלויבן און וויסן ניט אין וואָס זיי גלויבן. ווער פאַרשטייט וואָס פּאָולוס מיינט מיט „רעכטפאַרטיקונג״ — פרעגט ערנעסט רענאַן — אָדער מיט „אויס־לייזונג״? „עס נוצט ניט צו לייקענען — שרייבט גלח קאָהו — אַז פּאָר־

לוסעס טעאָלאָגיע, קרוב צו צוויי טויזנט יאָר אַלט, איז אַלט־מאָדיש און אָפּט זייער פאַרפלאָנטערט, אַפילו פאַרן פּראָפעסיאָנעלן טעאָלאָג". היינט אויב ס'איז אַזוי מיט די „פּראָפעסיאָנעלע טעאָלאָגן", ווי זשע שוין מיטן פּשוטן מענטשן פון פּשוטן פאָלק? פּאָולוס איז אַזוי פול מיט סתירות, אַז געלערטע זיינען געוועזן געצוואונגען צו קומען צו דער מסקנה, אַז ניט אַלע דרייצן „בריוו" וואָס שטייען פאַרשריבן אויף זיין נאָמען, זיינען טאַקע זיינע, אָדער אינגאַנצן זיינע. דער לעצטער סך הכל איז, ווי עס שרייבט גלח ערנעסט פ. סקאָט, אַז „פּאָולוסעס קריסטנטום איז קיינמאָל ניט אָנגענומען געוואָרן פון דער גאַנצער קירך, און קען דאָרט נאָטירלעכערווייז קיינמאָל ניט אָנגענומען ווערן" („וואַרייעטיס אָוו ניו טעסטאַמענט רעלידזשאָן", ז. 7־116).

אָבער שלום אַש האָט אים יאָ אָנגענומען אינגאַנצן, מיט די האָר און מיט די שטיוול, און האָט אים געבראַכט צו די אידן און אים פאַר־געשטעלט: אלה אלהיך ישראל...

נון, קומען מיר צו פּאָולוסעס געדאַנקען וועגן דער תורה. אין קאָנצענטרירטסטער און געלייטערטסטער פאָרם קען דער תמצית פון זיינע געדאַנקען אויסגעדריקט ווערן אַזוי:

א. די אידן מיינען, אַז די תורה איז געגעבן געוואָרן צו גילטן אויף אייביק: ניין, זאָגט פּאָולוס, זי איז געגעבן געוואָרן נאָר אויף אַ צייט, ביז דער התגלות פון ישוּן.

ב. די אידן מיינען, אַז די תורה איז געגעבן געוואָרן צו מאַכן דעם מענטשן גוט און פרום און הייליק: ניין, זאָגט פּאָולוס, ס'איז גאָר פונקט דער היפּוך: זי איז געגעבן געוואָרן צו מאַכן דעם מענטשן זינדיק.

ג. די אידן מיינען אַז די תורה ברענגט לעבן: ניין, זאָגט פּאָו־לוס, זי ברענגט טויט.

קורץ און שאַרף און משוגע!

נאָר אפשר וועט עמעצער מיינען, אַז איך, ווי אַ „בייזער" איד, גיב איבער פּאָולוסעס געדאַנק מיט פניות, ווייל איך דאָ נוצן דאָס לשון פון אַ קריסט, אַ פּאָולוס־געלערטן און פּאָולוס־אָנהענגער און אַפּאָ־לאָגעט, רעווערענד דזש. ר. קאָהו, וואָס איז שוין פריער דערמאָנט גע־וואָרן. און אָט אַזוי איז ער מבאר פּאָולוסעס לערע וועגן דער הייליקער תורה:

„פּאָולוס וויל בטל מאַכן די גאַנצע תורה, און ער געפינט אַ מאָדנע מעטאָדע ווי אַזוי עס צו מאַכן. ער ברייטערט אויס, אַז זי האָט קיין שום מאָראַלישן אָדער גייסטיקן ווערט ניט אין דער רעליגיעזער אויסביל־דונג פון דער מענטשהייט, חוץ אויף צו פאַרמשפּטן מענטשן אין זינד און זיי ווייזן ווי שלעכט זיי זיינען. דאָס איז איר איינציקער צוועק.

דעריבער, זאָגט ער, האָט זי גאָט באַצוועקט נאָר אויף אַ צייט, ווי אַן איבערקומעניש ביז קריסטוס איז געקומען"...

און ווייטער שרייבט רעוורענד קאָהו:

„פּאָולוס באַנוגנט זיך ניט דערמיט וואָס ער באַצייכנט די תורה אַלס ווערטלאָז פאַר רעכטפאַרטיקייט, נאָר ער איז נאָך מוסיף בפירוש, אַז די תורה איז געגעבן געוואָרן „פאַר זינד וועגן", דאָס הייסט, צו פאַר־משפּטן דעם מענטשן אין זיינע אייגענע אויגן און אַרויסצורופן די איינ־געשלאָפענע קראַפט פון זינד זי זאָל אַרויסגעבן איר גאַנצן כוח. אין אַנדערע ווערטער: פּאָולוסעס גאַנצע טענה איז: די תורה איז אַנט־פּלעקט געוואָרן פון גאָט מיט אַ גוטן ציל, נאָר ס'איז פּונקט דער היפּוך ווי די אידן מיינען. זי איז ניט געגעבן געוואָרן כדי צו מאַכן אונדז גוט — דאָס איז לחלוטין אויסער אירע כוחות — זי איז געגעבן געוואָרן נאָר כדי אונדז צו ווייזן ווי שלעכט מיר זיינען... צו ברענגען אונדז ביז פאַרצווייפלונג און מיר זאָלן אָנהויבן שרייען: גאָט, האָב רחמנות אויף מיר". (קאָהו: „סט. פּאָול", קאַפּיטלען 4, 5 און 21).

רעוורענד קאָהו גיט איבער ריכטיק פּאָולוסעס האַלטונג צו דער תורה. דאָס נעמלעכע וועט מען געפינען אין יעדן בוך אָדער ביכל אי־בער דעם „אַפּאָסטאָל צו די גויים". און דער עיקר, פאַרשטייט זיך, אין פּאָולוסעס אייגענע רייד.

אָט ווי אַזוי עס גיט איבער דיזעלבע פּאָולוסעס לערע דער באַ־רימטער קאַטוילישער פילאָזאָף, זשאַק מאַריטעין:

„די תורה איז הייליק, ווארים זי איז דער באַשאַפענער אויסדרוק פון דער חכמה פון גאָט. אָבער בשעת די תורה מאַכט אונדז וויסן וואָס בייז איז, גיט זי אונדז ניט דעם כוח צו פאַרמיידן בייז. און דורכדעם וואָס די תורה באַקענט אונדז מיט שלעכטס, איז זי אַן אינסטרומענט צו רייצן אונדז צו שלעכטס. און דער לוין פון שלעכטס איז טויט" (זשאַק מאַריטעין, „סט. פּאָול", ז. 70).

ווי פּאָולוס אַליין זאָגט עס, אויף זיין צעפלאָשעטן אופן: „דער ביס פון טויט איז די זינד, און די מאַכט פון זינד איז די תורה" (1טע קאָרינטער 15, 7־56).

די תורה איז גאָר די שולדיקע אין אַלע זינד! וואָרים איידער ס'איז געווען די תורה, זאָגט פּאָולוס, האָט מען ניט געוואוסט וואָס זינד איז, און אַז מ'האָט ניט געוואוסט פון זינד איז ניט געווען קיין זינד...

„די תורה איז גורם צאָרן — שרייבט ער — דאָרט וואו ס'איז ניטאָ קיין תורה, דאָרט איז ניטאָ קיין זינד" (רוימער 4, 15). „איך ווייס פון זינד נאָר דורך דער תורה. פירוואָר, איך וואָלט ניט געוואוסט

פון קיין גלוסטונג, ווען די תורה וואָלט ניט אָנגעזאָגט: לא תחמוד. אָבער די זינד, אָנגרייפנדיק מיך צוליב דעם געבאָט, דערוועקט אין מיר אַלערליי גלוסטונגען. אָן דער תורה איז די זינד טויט. די זינד וואָס גרייפט מיך אָן דורך דעם געבאָט, האָט מיך אַריינגענאַרט און האָט מיך געטויט" (רוימער 7).

דער איד מוז פרעגן: זיינען עס רייד פון אַ בר־דעת?

אַפילו די עשרת הדברות זיינען פאַרדאַרבונג אין פּאָולוסעס אויגן, און אָנשטאָט דערציאונג פון דער מענטשהייט צום גוטן און מאָראַלישן, זעט ער אין זיי ערשט דעם אמתן מקור פון פאַרברעכן און פאַרדאָרבנ־קייט. כאָטש דער נוצרי אַליין האָט אויסגערופן די עשרת הדברות ווי דעם יסוד היסודות פון זיין שליחות.

דידאָזיקע טעמע — די תורה אַלס מקור פון זינד — ווערט ביי פּאָולוסן געזאָגט און איבערגעזאָגט אין הונדערטערליי וואַריאַציעס, אַזוי ווי די מוזיקאַלישע טעמע אין אַ סימפאָניע. די געבראַכטע פסוקים זיי־נען ניט עפּעס אויסטערלישעס אין זיינע שריפטן: דאָס איז די גרונט־טעמע פון זיין שיטה, כאָטש דערווייל שטייען מיר נאָר אין פאָדערהויז פון זיין לערע. אָבער מיר קענען זיך שוין מאַכן אַ השגה וואָס עס טוט זיך אינעווייניק אין הויז. ס'איז אַ הויז מיט קרומע שפּיגלען אויף אַלע ווענט, וואו דער שכל ווערט איבערגעקערט, און דער גראַדער פאַר־שטאַנד קומט אַרויס און קוקט אויף דיר מיט אַ צעקרימטן פּנים. ס'איז זייער אַ מאָדנע וועלט, דידאָזיקע וועלט, אין וועלכער פּאָולוס פירט אונדז אַריין. עס איז אין תוך אַ פּאַטאָלאָגישע וועלט. אין דער־דאָזיקער וועלט איז ניט די פאַרדאָרבענע גלוסטונג פון לייב דאָס שעד־לעכע: שעדלעך איז דער געטלעכער געבאָט „זאָלסט ניט גלוסטן". ניט דאָס גנבענען איז דער וואָרים, וואָס צעפרעסט די סאָציאַלע סטרוק־טור, נאָר דער געבאָט קעגן גנבענען. מענטשן וואָלטן זיך גאַנץ לוסטיק געקענט אַרומגיין און שניידן די העלדזער איינער דעם אַנדערן, און גאָרניט פילן קיין בייז דערין, ווען ניט דאָס אומגליק פון דער תורה, וואָס איז געקומען און האָט אַריינגעשריען דעם מענטשן אין פּנים אַריין: לא תרצח!

לויט דעמדאָזיקן געדאַנקענגאַנג קומט אויס, אַז ביז דער תורה האָט די מענטשהייט געלעבט אין גליקזעליקער אומשולד. זיי האָבן ניט געוואוסט פון קיין זינד און קיין פאַרברעכנס, פון קיין שלעכטע תאוות און קיין בייזע מחשבות. ביז די תורה איז געגעבן געוואָרן צו די אידן, און דורך די אידן צו דער וועלט. און די תורה האָט אַרויסגערופן אַלע בייזע רוחות. די תורה איז געווען אין דער בחינה פון דער שלאַנג, רחמנא ליצלן, וואָס האָט צעשטערט דאָס גליק אין דעם אומשולדיקן

גן עדן. אָדער דער אמתער עץ הדעת, וואָס האָט געבראַכט דעם טויט...

אַזוי זאָגט דאָך פּאָולוס בפירוש: „די זינד וואָס גרייפט מיך אָן דורך דעם געבאָט האָט מיך אַריינגענאַרט און מיך געטויט"...

און ווידער שטעלט זיך די אַלטע פראַגע:

טראַכט די וועלט אַזוי? גייט די וועלט מיט פּאָולוסעס געדאַנק וועגן זינד און געזעץ בכלל און וועגן דער תורה און די צען געבאָט בפרט? פירט זיך די מענטשהייט לויט דעם באַגריף, אַז אָן געזעצן וואָלטן ניט געווען קיין פאַרברעכן, און ערשט ווען אַ פּאַרלאַמענט אָדער אַ געזעצ־געבערישע קערפּערשאַפט שטעלט איין געזעצן זיינען זיי גורם פאַר־ברעכן און זינד? און איז עס ניט אַ גרונט־געדאַנק אין דער גאַנצער קריסטלעכער וועלט, אַז די תורה מיט אירע צען געבאָט זיינען דער יסוד פון דער קריסטלעכער מאָראַל און ציוויליזאַציע?

מיר געפינען ווידער, אַזוי ווי מיר האָבן געזען ביים נוצרי אַליין, אַז די קריסטלעכע דאָגמעס זיינען איין זאַך, און דער גאַנג פון דער קריסטלעכער וועלט איז אַן אַנדער זאַך.

ניט קיין באַלייכטונג פון דער תורה גיט פּאָולוס, און אַפילו ניט קיין קריטיק. ס'איז עפּעס אַ פערוועזע שנאה פון אַן איבערגעקערטער מענטאַליטעט, וואָס האָט פיינט געקראָגן מיט אַ פאַנאַטישער פיינטשאַפט דאָס וואָס זי האָט פריער פאַרגעטערט מיט אַ פאַנאַטישער ליבשאַפט.

און זיין שנאה צו דער גאַנצער תורה גיי אויס צו יעדער מצוה באַזונדער. ער איז מבטל די מצוות און זאָגט, אַז זיי האָבן ניט קיין ווירקונג צו מאַכן דעם מענטשן ערלעך און רעכטפאַרטיק. אין אַלע זיינע „בריוו" שטורעמט ער קעגן די מעשים, וואָס די תורה זאָגט אָן צו טאָן. די מצוות און מעשים, זאָגט ער, זיינען נאָר אויסערלעכע זאַכן און רירן ניט אָן דאָס האַרץ. זיי זיינען פון דעם „לייב", און ניט פון דעם גייסט. זיי זיינען „אות", בוכשטאַב, מאַטעריאַליסטיש.

„פון די מעשים פון דער תורה וועט קיין לייב ניט גערעכטפאַר־טיקט ווערן — שרייבט ער — וואָרום דורך דער תורה איז די פאַר־ווירקלעכונג פון זינד" (רוימער 3, 20־19). די מצוות פון דער תורה זיי־נען, נאָך אים נאָך, אַ לאַסט וואָס דער מענטש קען ניט דערטראָגן, זיי זיינען צו שווער מקיים צו זיין, און ווען מ'איז זיי ניט מקיים ווערט מען געשטראָפט, און מ'קומט צו „טויט". „די וואָס זיינען אונטער די מעשים פון דער תורה זיינען אונטער אַ קללה", שרייבט ער אין איין אָרט (גאַ־לאַטיער 3, 10), וואָרים עס שטייט געשריבן: „פאַרשאָלטן זאָל זיין דער וואָס וועט ניט מקיים זיין די רייד פון דער דאָזיקער תורה זיי צו היטן" (דברים כו כז).

די דאָזיקע מימרא זיינע איז אַ גוטער ביישפּיל פון דעם באַר־

באַרישן אופן ווי אַזוי פּאָולוס צערייסט די תורה און טראָמפּלט אויף אירע שטיקער. ער איז דער דערפינדער פון דער געמיינער מעטאָדע פון אויסנוצן די תורה קעגן דער תורה. און דער דרך איז אַ פּשוטער: ברענגען איין זאַך און אויסלאָזן אַ צווייטע. גיבער פון אַלץ — אויס־לאָזן די צווייטע העלפט פון איין זאַך. וואָרים גלייך דאָרט ביי די קללות, אין אַ לאַנגן קאַפּיטל, גייען אויסגערעכנט און אויסגעצײילט די ברכות, וואָס וועלן קומען, ווען מ'וועט יאָ אָפּהיטן די מצוות: „געבענטשט וועסטו זיין אין שטאָט, און געבענטשט וועסטו זיין אין פעלד, גע־בענטשט די פרוכט פון דיין בויך, און די פרוכט פון דיין ערד" וכו'.

דער טונקעלער אָפּגרונט פון פּאָולוסעס גודאַנקענגאַנג ווערט נאָך טונקעלער און אָפּשרעקנדיקער ווען מען קוקט אַריין אין יענעם אָרט אין דער תורה און מ'זעט וואָס עס זיינען יענע שווערע מצוות, וואָס פּאָולוס שרעקט אָפּ די מענטשהייט אַז ס'איז ניט מעגלעך זיי גאָר מקיים צו זיין און מ'פאַלט אַרונטער אונטער דער קללה פון דער תורה. דאָרט שטייט:

פאַרשאָלטן דער מענטש, וואָס וועט מאַכן אַ געצנבילד. פאַר־שאָלטן דער וואָס טוט גרינגשעצן טאַטע־מאַמע. פאַרשאָלטן דער וואָס איז משיג גבול זיין חבר. פאַרשאָלטן דער וואָס פאַרפירט אַ בלינדן אין וועג. פאַרשאָלטן דער וואָס פאַרקרימט דעם משפט פון אַ גר, אַ יתום און אלמנה. פאַרשאָלטן דער וואָס ליגט מיט זיין פאָטערס ווייב. פאַר־שאָלטן דער וואָס ליגט מיט אַ בהמה. פאַרשאָלטן דער וואָס ליגט מיט זיין שוועסטער. פאַרשאָלטן דער וואָס שלאָגט זיין חבר אין פאַרבאָר־געניש. פאַרשאָלטן דער וואָס לאָזט זיך אונטערקויפן צו דערמאָרדן אַן אומשולדיקן נפש — אָט דידאָזיקע זאַכן פון ערשטער גערעכטיקייט און פונדאַמענטאַלער מאָראַל זיינען אויך ניט מעגלעך פאַרן מענטשן מקיים צו זיין? מיט אַזעלכע מצוות האָט עס די תורה גורם געווען „די פאַר־ווירקלעכונג פון זינד"? פון דידאָזיקע מעשים הייסט עס פּאָולוס ווייכן, און פון זיי שרעקט ער אָפּ די מענטשן מיט דעם פחד פון טויט?

ווירקלעך, קיין מער זונדערבאַרע מענטאַליטעט איז קיינמאָל ניט געווען צו מאַכן פון ליכט פינצטערניש...

און אויף דעם אַלעמען וויל אונדז שלום אַש איינריידן, אַז ווען פּאָולוס האָט געדרשנט צו די אידן איז געווען:

„פלאַמען פון האָפענונג האָבן געשיינט ביי די אידן פון די אויגן, קוואַלן פון פרייד האָבן זיך געעפנט אין זייערע הערצער" („אַפּאָסטאָל", ז. 446).

אין קיין איין אָרט הויבט ניט אַש אויף זיין קול קעגן די אַלע פאַרקרימונגען פון דער תורה, און אויך קיין איינעם פון די אידן לאָזט

ער אין זיין בוך ניט איינוועגדן קיין וואָרט פון קריטיק קעגן פּאָולוסעס מיסטייטשונגען פון תורת משה. איז דען פּאולוס טאַקע גערעכט?

אָפּגעהיט זאָל איך ווערן פון שטעלן אַזאַ פראַגע! זי טאָר גאָר אויף די ליפּן פון אַ אידן ניט אַרויפקומען. די פראַגע ווערט געשטעלט פון דעם גלח ר. דזש. קאָהו, אין דעמזעלבן בוך און אויפן זעלבן אָרט פונוואַנען מיר האָבן אויבן ציטירט. ער פרעגט אָפּ פּאָולוסן. ער איז זיך מתווכח מיט אים. ער באַווייזט אַז פּאָולוס איז ניט גערעכט וועגן דער תורה, און ניט וועגן דער ווירקזאַמקייט פון די דינים און מצוות פון דער תורה. מיר ווייסן דאָך, שרייבט ער, אַז פון אונטער דער השפּעה פון דער תורה זיינען אַרויסגעקומען וואונדערלעכע אידן, יעזוס און די אַפּאָסטאָלן אַליין, זאָגט ער, זיינען געווען פּראָדוקטן פון דער תורה.

רעוורענד קאָהו טענהט זיך אויס קעגן פּאולוסן. אַ גלח, אַ קריסט מבטן ומלידה, נעמט זיך אָן פאַרן כבוד התורה קעגן דעם אַפּאָסטאָל צו די גוים. אָבער ניט שלום אַש. שלום אַש גייט דורך אַ גאַנץ ווערק מיט דעם „אַפּאָסטאָל צו די גוים", באַגלייט אים דורך זיין גאַנץ לעבן, אויף אַלע זיינע נסיעות און דורך אַלע זיינע זעלישע וואַנדלונגען, ער ברענגט זיינע רייד, פון די פאַרשריבענע און אַליין אויסגעטראַכטע, און מיט קיין איין וואָרט ווענדט ער ניט איין קעגן פּאָולוסן ווען יענער איז מזלזל די תורה און ברענגט איר כבוד אַרונטער ביזן שטויב.

פרעגט זיך, אויף פּאָולוסן: אויב אַזוי; אויב די תורה מיט אירע מצוות פאַרמאָגט ניט דעם כוח צו פירן דעם מענטשן אויפן וועג צו גאָט, צו וואָס זשע איז זי געגעבן געוואָרן?

דעם ענטפער געפינען מיר אויפגעשריבן אויף די קרומע ווענט פון אַן אַנדער טונקעלער קאַמער אין דעם פאַנטאַסטישן בנין פון פּאָולוסעס געדאַנקענגאַנג. עס איז פאַרוואָרצלט אין זיין בליק אויפן מהות פון דעם מענטשן.

פּאָולוסעס לערע וועגן דעם מענטשן איז, אַז דער מענטש איז בטבע זינדיק, באַפלעקט, אומריין און פאַרדאָרבן. ער טראָגט אין זיך אַ געירשנטע זינד, די ערשטע זינד פון אָדם הראשון. די זינד פון אָדם הראשון אין זיין ווידערשפּעניקייט צו גאָט, איז געוואָרן אַ מין „יש", וואָס גייט אַריבער צו יעדן קינד פון אָדם הראשון, פון דור צו דור, פון ערשטן דור, עד סוף כל הדורות, און פאַראומווירדיקט זיין נשמה. יעדער מענטש איז פאַרדאָרבן פון זיין געבאָרן, יעדער נשמה איז באַזעסן פון בייז אין איר סאַמע מקור. און ס'איז ניטאָ קיין זאַך אין דער וועלט, וואָס דער מענטש זאָל קענען אונטערנעמען זיך צו העלפן. עס ליגט ניט אין זיין אייגענער מאַכט און אין זיינע כוחות זיך אויסצולייזן פון זיין פינצטערער ירושה. קיין תשובה, קיין תפילה, קיין צדקה קענען ניט

ווירקן. ער קען ניט אַרויסנעמען דעם פלעק פון זיין נשמה, אַזוי ווי דער לעמפּערט קען ניט אַרויסנעמען די פלעקן פון זיין פעל. וואָס ער זאָל ניט טאָן, ווי גוט און פרום ער זאָל ניט זיין, קיין סכום פון מצוות און מעשים טובים קען אים ניט באַפרייען פון דער פגימה פון יענער אור־זינד („אָרידזשינעל סין"), פון דעם חטא הקדמון פון אָדם הראשון. אַזאַ מין באַזונדערע זינד איז עס. און די שטראָף פאַר יענער זינד איז אייביקער טויט.

נאָר איין גאָט האָט געקענט העלפן. און ער האָט עס געטאָן, לערנט פּאָולוס, אין אַ דאָגמע, וואָס דאָס גאַנצע קריסטנטום אין אַלע זיינע שאַטירונגען, אָפּצווייגונגען און סעקטעס האָט אָנגענומען. ס'איז דער עיקר יסוד פון קריסטנטום. און אַזוי גייט דער נוסח פון דערדאָזיקער דאָגמע:

היות דער מענטש האָט ניט געהאַט די קראַפט, אָדער אַפילו דעם ווילן צו ראַטעווען זיך אַליין פון יענער אורזינד, האָט גאָט, פון זיין אומענדלעכער רחמנות און ליבשאַפט, זיך מרחם געווען אויפן מענטשן און האָט אַליין אויסגעלייגט דעם וועג צו דער פאַרגעבונג פון יענער שרעקלעכער ערשטער עבירה פון אָדם הראשון.

יענע עבירה האָט געקענט פאַרגעבן ווערן נאָר דורך אַ קרבן. אָבער דער מענטש האָט גאָרניט פאַרמאָגט אַזאַ קרבן, וואָס זאָל קענען מפייס זיין גאָט פאַר יענער זינד. האָט גאָט אַליין געשענקט דעם קרבן.

ער האָט אַראָפּגעשיקט זיין זון אויף דער ערד, און דאָס איז געווען דער נוצרי. און דער זון האָט געליטן, און איז געפייניקט געוואָרן, און לסוף איז ער געקרייציקט געוואָרן. און דאָס איז געווען דער קרבן, וואָס איז מרוצה געווען פאַר גאָט. און גאָט האָט אָפּגעווישט אָדם הראשונס זינד. און גאָט האָט עס געטאָן, ניט דערפאַר וואָס דער מענטש האָט עס פאַרדינט, ווי שכר פאַר מעשים טובים, נאָר ווי אַן אומזיסטע גאָב, אַ געשאַנק, אַ חסד („גרעיס"). אָבער דערדאָזיקער חסד ווערט געשענקט נאָר יענע, וואָס גלויבן אין ישוע און טויפן זיך אין זיין נאָמען. אין וואָס באַשטייט דער חסד? אין אייביק לעבן נאָכן טויט. אין חיי עולם הבא. אַלע די, וואָס נעמען ניט אָן דעם גלויבן אין ישו, בלייבן פאַרפאַלן נאָך ישוס קומען אַזוי ווי ס'איז געווען פאַר ישוס קומען.

און אָט אין דערדאָזיקער סכעמע געפינט פּאָולוס אַן אָרט פאַר דער תורה. זי איז געגעבן געוואָרן, האָט ער געדרשנט, כדי דורך איר צו ווייזן, אַז מצוות און מעשים טובים העלפן ניט; אַז דער מענטש קען ניט מיט זיין אייגענעם כוח ווערן רעכטפאַרטיק אין די אויגן פון

גאָט און זיך אויסלייזן פון זיין זינדיקער טבע און זוכה זיין צו חיי עולם הבא.

ווער איר פרעגן: וואו איז די ראיה?

ענטפערט פּאָולוס: אויב יאָ, טאָ צו וואָס האָט ישו געדאַרפט אַראָפּקומען פון הימל און שטאַרבן אַ קרבן פאַר דער מענטשהייט?

אויב די תורה און מצוות האָבן אַ האַפט, זאָגט ער אין איין אָרט, דאַן איז ישו געשטאָרבן אומזיסט...

און דאָס איז אינגאַנצן די „לאָגיק", מיט וועלכער פּאָולוס האָט „בטל געמאַכט" די תורה און מצוות!...

ביי דעמדאָזיקן פּונקט שטייען מיר ביים סאַמע צענטער פונם קריסטנטום. מיר לערנען פונדאַנען פאַרוואָס דער קריסטלעכער גאָט איז ביי זיי אַ „גאָט פון ליבע", און דער אידישער גאָט איז ביי זיי אַ „גאָט פון רעכנשאַפט". וואָרים דעם „חסד" פון קריסטנטום קען מען ניט פאַרדינען. דאָס קען מען נאָר דערהאַלטן ווי אַ מתנה, אַן אומזיסטן געשאַנק פון גאָט, געגעבן פון ליבשאַפט. אַלץ וואָס פאָדערט זיך פון דעם קריסט איז גלויבן. וויטער קריגט ער אַלץ אומזיסט. בשעת דער איד דאַרף האָרעווען אויף זיין עולם הבא. ער דאַרף מקיים זיין תרי"ג מצוות און טאָן מעשים טובים. דעריבער זאָגן די קריסטן, אַז אידנטום איז אַ „לעגאַליסטישע" אמונה, אַפילו אַ מקח־וממכר רעליגיע: אָן פאַרדינסט איז ניטאָ קיין שכר...

און אַזוי איז, בקיצור, די שיטה וועגן דער תורה אין דער פּאָולינישער טעאָלאָגיע:

זי איז געגעבן געוואָרן די אידן, ניט כדי זיי זאָלן דורך איר זיך דערהויבן צו שלימות און ווייזן דער מענטשהייט דעם וועג צו שלימות: זי איז גאָרנישט מסוגל דערצו. אויך איז דעם מענטשנס אייגענער ווילן ניט מסוגל דערצו. און די געטלעכע כוונה מיט מתן תורה איז טאַקע געווען נאָר כדי צו באַווייזן דידאָזיקע אוממעגלעכקייט, און די מענטשהייט זאָל צוגעגרייט ווערן צו פאַרשטיין און מקבל צו זיין די מדרגה פון געטלעכער גענאָד.

נאָר ווען ישו איז אַראָפּ אויף דער ערד צו רעאַליזירן דידאָזיקע מדרגה, איז מיט די אידן געשען אַן „אומגליק": זיי האָבן זי ניט באַגריפן און ניט פאַרשטאַנען. זיי האָבן דעם גואל ניט אָנערקענט. און אַזוי זיינען זיי געבליבן שטעקן האַלב וועג. זיי האָבן דערפילט נאָר די נעגאַטיווע זייט פון דער גאולה, און האָבן זיך אַליין אויסגעשלאָסן פון דער אמתער און פולער גאולה דורך ישו. און געשען איז עס דורכדעם, וואָס די אידן האָבן זיך פאַרעקשנט אויף דער תורה. גאָט האָט ניט געמיינט די תורה אויף אייביק, אָבער די אידן האָבן

עס יאָ געמיינט. דורכדעם זיינען די אידן, וועלכע זיינען אויסדער־וויילט געוואָרן נאָר צו ווייזן אַז די תורה העלפט ניט, געוואָרן קרבנות פון זייער אויסדערוויילטקייט. „זיי זיינען געבליבן געבונדן אין זייער תורה — שרייבט זשאַק מאַריטעין — גלייך ווי אין גאָטס פּאָסטקע" („סט. פּאָול", ז. 71).

פּראָסט און וואולגאַר געזאָגט מיינט עס אַזוי: גאָט האָט גע־מיינט מיט דער תורה אויף קאַטאָוועס, און די אידן האָבן עס אָנגע־נומען אויף אַן אמת.

און עס הייסט, אַז ווען גאָט האָט געזאָגט אין דער תורה: „היינ־טיקן טאָג זאָגט דיר אָן גאָט דיין גאָט צו טאָן דידאָזיקע חוקים און משפּטים, און דו זאָלסט זיי היטן און טאָן מיט דיין גאַנצן האַרצן און מיט דיין גאַנצער נשמה" (דברים כו יז), האָט ער עס געזאָגט נאָר אויף צופּלייסן, אין שפּאָס, און איז געווען אַ לועג לרש, רחמנא ליצלן, וואָרום ער האָט געוואוסט, אַז דאָס איז ניט מעגלעך. ער האָט זיי, הייסט עס, לכתחילה געשטעלט צו אַן אויפגאַבע, וואָס איז איבער מענטשלעכע כוחות, וויסנדיק פאָראויס אַז זיי זיינען פאַרמשפּט אויף אַ דורכפאַל...

און אַזוי ווערט, אין פּאָולוסעס טעאָלאָגיע, די גאַנצע תורה מיטן געטלעך געפירטן אידישן גורל וואָס אין איר, פאַרוואַנדלט אין אַ מין געטלעכן קרומען שפּיגל, עפּעס אין אַ מין געטלעכן פּאַרס, וואו הימל און ערד זיינען די סצענע, און די אַקטיאָרן — גאָט און דאָס אידישע פאָלק... און דאָס אידישע פאָלק איז „דער ליץ וואָס קריגט די פּעטש"...

אָבער דער פּאַרס איז אַוודאי ניט דאָס: דער פּאַרס איז דידאָזיקע פּאָוליניסטישע טעאָלאָגיע...

דאָס איז די טעאָלאָגיע וואָס טהאָמאַס דזשעפערסאָן האָט אָנגע־רופן: די פאַרדאַרבונג פון קריסטנטום.

און רענאַן: דער שפּיץ פון טראַנסצענדענטאַלן אומזין.

און שלום אַש?

געפינט שלום אַש אַ געלעגנהייט אין זיין 800־זייטיקן ווערק וועגן דעם „אַפּאָסטאָל" צו פאַרוואַרפן כאָטש איין גוט וואָרט פאַר דער אי־דישער תורה און מצוות, פאַר אידישע מעשים טובים און זייער זין? טוט ער ערגעצוואו כאָטש נייטראַל פאָרשטעלן דעם אידישן שטאַנד־פּונקט לגבי דעם פּאָוליסטישן, ווי עס איז געווען זיין חוב, אויב ניט ווי אַ איד, איז ווי אַ קינסטלער?

ניין, קיין איין אידיש וואָרט איז ניטאָ אין דעם גאַנצן ווערק. פון דעם ווערק קען מען אַפילו ניט אַנען, אַז ס'איז גאָר דאָ אַ אידישער שטאַנדפּונקט, קעגנצושטעלן דעם פּאָוליסטיש־קריסטלעכן. אין אַשס

בוך קומט אויס, אַז פּאָולוס גייט אום צווישן די אידישע קהילות אין דער דיאַספּאָראַ און זיי פאַלן פאַר אים אַזוי ווי זאַנגען פאַר דעם שני־טער. דאָס אידנטום „צעפאַלט" ממש פאַר דעם אָטעם פון פּאָולוסעס מויל...

אָבער אַזוי פּשוט ווי אַש מאַכט עס איז עס דאָך ניט...

ניט פון סתם עקשנות, ניט פון בלינדקייט, און ניט פון פאַר־פלאָנטערט זיין אין „גאָטס פאַסטקע" האָבן אידן זיך קעגנגעשטעלט דעם קריסטנטום, נאָר צוליב תהומיק־טיפע יסודות.

נעמען מיר, למשל, דעם ענין מענטש און זינד, וואָס מיר באַ־טראַכטן דאָ.

אַנטקעגן דער פּאָליסטישער קאָנצעפּציע וועגן דעם מענטשלעכן מהות, שטעלט אַרויס דאָס אידנטום אַ גאַנץ אַנדערע, מעכטיקע לערע.

פּאָולוסעס באַגריף וועגן דעם מענטשן איז אַ פּעסימיסטיש־פּאַטאַ־ליסטישער. דער מענטש איז אונטערגעוואָרפן אונטער אַ פאַטאַליזם פון זינד, און ער קען גאָרניט טאָן זיך אַליין אויסצולייזן פון דעם פאַטאַ־ליזם. דאָס איז אַ געדאַנק, וואָס איז פרעמד דעם אידנטום. צוזאַמען מיט אַנדערע געדאַנקען, האָט פּאָולוס אויך דאָסדאָזיקע געבראַכט פון דער גריכיש־רוימישער סביבה, פון וועלכער ער איז געקומען. פאַטום איז גריכיש. דאָרט איז דער מענטש אינגאַנצן אַ שפּיל ביי די געטער און ער קען מיט גאָרניט משפּיע זיין אויף זיין אייגענעם גורל. אין זיך אַליין איז דער מענטש פון געבורט אַ בייזע חיה. איינער פון די סאַמע עלטסטע גריכישע חכמים, ביאַס פון פּירענע, האָט שוין אַזוי פּראָ־קלאַמירט. און אין רוים האָט אויך געהערשט דער באַגריף, אַז דער מענטש איז אַ וואָלף.

דאָס אידנטום וואַרפט אָפּ מיט דער גרעסטער העפטיקייט פּאָו־לוסעס גרונט־דאָגמע פון דער „אורזינד". אָדער פון דער אַבסאָלוטער שלעכטסקייט פון דעם מענטשן. אידנטום שטייט אינגאַנצן אויפן גע־דאַנק פון פרייער בחירה.

זינד איז אַ זאַך פון דער וועלט וואָס נאָכן געבוירן, ניט פון דער וועלט וואָס פאַרן געבוירן.

די מענטשלעכע נשמה איז ריין, לערנט דאָס אידנטום. „זיי וויסן, זאָגט די גמרא, אַז הקדוש ברוך הוא איז ריין, און זיינע משרתים זיינען ריינע, און די נשמה וואָס ער האָט אַריינגעטאָן אין דיר איז אַ ריינע" (נדה ל ע"ב).

יעדן טאָג אין דאַווענען דערקלערט פייערלעך דער איד: „אלקים, נשמה שנתת בי", אָ, גאָט, די נשמה וואָס דו האָסט אין מיר געגעבן, „טהורה היא", איז אַ ריינע, דו האָסט זי באַשאַפן וכו'.

„אַזוי ווי גאָט איז ריין, אַזוי איז די נשמה ריין", זאָגט די גמרא אין איין אָרט (ברכות יא). וואָס קאָן זיין אַ העכערע השגה?

„ביאתך לעולם בלא חטא", דיין קומען אויף דער וועלט איז אָן זינד, זאָגן די חז"ל אין אַן אַנדער אָרט (בבא מציעא קז ע"א).

„גאָט האָט באַשאַפן דעם מענטשן גראַד (ישר) — זאָגט קהלת — נאָר זיי (די מענטשן) האָבן געזוכט אַ סך חשבונות" (קהלת ז, כט).

און אין משלי לערנען מיר: „דעם מענטשנס נאַרישקייט פאַר־דרייט זיין וועג, און אויף גאָט צאָרנט זיין האַרץ" (משלי יט, ג).

אין מיטלאַלטער האָט ר' סעדיה גאון געשריבן: „מיר זאָגן, אין דעם גאַנצן קערפּער פון דעם מענטשלעכן ווען איז ניטאָ גאָרניט, וואָס איז מאָראַליש אומריין; ער איז ריין" (אמונות ודעות, ו, יז).

און אַ מאָדערנער אידישער דענקער שרייבט: „די מענטשלעכע פּערזענלעכקייט איז, לויט דעם אידישן באַגריף, און דעמזעלבן מצב פון אינערלעכער פריי־הייט, ווי אָדם הראשון" (מאַרטין בובער).

אידנטום, בדרך כלל, האָט ניט ליב קיין אבסטראַקטע טעאָלאָגיע. דאָרט וואו אַנדערע אמונות דריקן זיך אויס דורך טעאָלאָגישע ספּעקו־לאַציעס, רעדט אידנטום דורך סימבאָליק. און אַזוי געפינען מיר דעם ענין נשמה און זינד, אויסגעדריקט אין פאָלגנדיקן מדרש:

„לעתיד לבוא הנפש והגוף עומדין בדין" — אויף יענער וועלט ווערט די נשמה און דער גוף געשטעלט צום משפט. אָבער גאָט לאָזט פריי דעם גוף און משפט די נשמה. טענהט די נשמה פאָרן רבונו של עולם: מיר האָבן דאָך ביידע אינאיינעם געזינדיקט, פאַרוואָס לאָזסטו פריי דעם גוף און משפטסט די נשמה? ענטפערט איר גאָט: דער גוף קומט פון די אונטערשטע, פון דאָרט וואו מ'זינדיקט, אָבער דו קומסט פון די אויבערשטע, פון דאָרט וואו מ'זינדיקט ניט, דעריבער לאָז איך פריי דעם גוף און לאָד מיך מיט דיר (ויק"ר ד').

דאָס אידנטום ווייס גאָרניט, און וויל ניט וויסן, פון דעם באַגריף פון אַ פּאַטאָליסטיש געבאָרענעם זינדיקן מענטשן. דער איד, ווען ער האָט אין זיינע תפילות שוין אויסגעשעפּט אַלע זכיותן, שטעלט זיין געבעט אויפן לעצטן און גרעסטן זכות, „למען תינוקות של בית רבן", פון די קליינע קינדערסוועגן, וואָס האָבן נאָך ניט טועם געווען דעם טעם פון זינד. ישו אַליין ווייס נאָך ניט פון פּאולוסעס געדאַנק פון פּאַטאָלער זינדיקייט, און ער רעדט וועגן די אומשולדיקע קינדער.

ניט מיט דער אורזינד און ניט מיט קיין אַנדער זינד קומט דער מענטש אויף דער וועלט, נאָר מיט גאָט. מבטן אמי אלי אתה, זאָגט דער בעל תהלים, (כב, יא), פון מיין מאַמעס בויך אויס ביסטו מיין גאָט.

און דאָס וואָס אין תהלים (נא, ז) שטייט: „אין זינד בין איך גע־

באַרן געוואָרן, און אין חטא האָט מיך מיין מאַמע אויסגעוואַרימט", וואָס אויף דעמדאָזיקן פסוק שפּאַרן זיך אָן די קריסטלעכע טעאָלאָגן, גייט עס אויפן אופן און פּראָצעס פון געבאָרן ווערן, אָבער ניט אויף דער באַשאַפנהייט פון דער נשמה (ויקרא רבה, יד, ה).

זינד איז ניט קיין געגעבענע זאַך, דער מענטש נעמט זיך אַליין די זינד. דאָס אידנטום ווייס פון מענטשלעכער שוואַכקייט, פון זיין צו־געניש צו זינד, פון דעם כוח פון דעם יצר הרע איבער אים. אָבער דערויף איז ער מענטש, און דערין איז ער מענטש ער זאָל גובר זיין דעם יצר הרע און אים איבערבויגן צו דער זייט פונעם יצר טוב. און אויב ער האָט געזינדיקט, דאַרף ער ניט אָנקומען צו אַ פאַרמיטלער, וואָס זאָל מיט זיין קרבן אויסוויירקן פאַר אים פאַרגעבונג. אין אידנטום קען יעדער איינער פאַר זיך אַליין געווינען סליחה און מחילה, דורך תשובה. ביי פּאָולוסן, און פון אים אין דעם גאַנצן קריסטנטום, איז אַ מענטש וואָס גלויבט ניט אין ישו אַלס פאַרמיטלער, אינגאַנצן אָפּגע־שניטן פון גאָט און איז פאַרמשפּט צו אייביקער פאַרפאַלנקייט. אין אידנטום ווערט דער בונד צווישן גאָט און מענטש, סיי איד סיי גוי, קיינ־מאָל אינגאַנצן ניט איבערגעריסן. דער וועג צווישן גאָט און מענטש שטייט שטענדיק אָפן. דער וועג אין תשובה. „ווי גרויס איז די מעלה פון תשובה! — רופט אויס דער רמב"ם מיט אַנטציקונג — נעכטן איז ער געווען פאַרמיאוסט און פאַרעקלט פאַר גאָט, און היינט איז ער באַליבט און באַפריינדעט פאַר גאָט" (הלכות תשובה). און די חכמים האָבן געזאָגט: „אויף דעם אָרט וואו בעלי תשובה שטייען, קענען גאַנצע צדיקים ניט שטיין"...

פונדאַנען זעען מיר, אַז אידנטום האָט אַ העכערע מיינונג וועגן דעם מענטשן ווי פּאָולוס האָט אַריינגעפירט אין דעם קריסטנטום. מען קען אַפילו זאָגן, אַז דאָס איז איינע פון די מערקווירדיקע דערשיינונ־גען אין דער געשיכטע, אַז דווקא די אידן, וואָס האָבן מער פון אַלע־מען געליטן פון דער שלעכטס פון דעם מענטשן, גלויבן מער אין זיין גוטסקייט און ריינקייט, איידער די קריסטן, די מעכטיקע פון דער וועלט.

פונדאַנען וואַקסט שוין אַרויס במילא, אַז וויבאַלד אידן האָבן ניט געגלויבט אין דער אורזינד, האָבן זיי אויך ניט געקענט גלויבן אין דער מעשה, אַז נאָר דורך אַ קרבן פון גאָטס אייגענעם זון האָט דידאָ־זיקע זינד געקענט פאַרגעבן ווערן, און דער מענטש אויסגעלייזט ווערן.

די מעשה מיט ישוס קומען צו זיין אַ קרבן וועקט אויף מער קשיות פאַרן אידן ווי זי פאַרענטפערט פאַרן קריסט. דער איד פרעגט:

אויב גאָט האָט אַרונטערגעשיקט זיין זון מיט דער אויסדריקלע־כער כוונה ער זאָל ליידן אַ מאַרטירערישן טויט, זיינען דאָך די אידן —

אויב די אידן זיינען געווען די, וואָס האָבן גורם געווען זיין טויט — געווען בלויז די שליחים פון גאָט, וואָס האָבן אויסגעפירט זיין רצון. זיי זיינען געווען דער אינסטרומענט, דורך וועלכן די קריסטלעכע מענטשהייט איז געבענטשט געוואָרן מיט דער העכסטער ברכה. די וואַנגעליע איז פול מיט פאַרוואורפן צו אידן למאַי זיי זיינען אַזוי אָפט געווען ווידערשפעניקע קעגן גאָט. ווען זיי וואָלטן אויך דאָס מאָל ניט געבליבן געטריי זייער „טראַדיציע", וואָלט גאָטס פּלאַן צעשטערט געוואָרן און די קריסטלעכע מענטשהייט וואָלט געבליבן שטעקן אַ ניט־אויסגעלייזטע. וואָלטן דאָך די אידן על פּי יושר געדאַרפט דער־האַלטן דעם בעסטן דאַנק מצד די קריסטן. און זיי דערהאַלטן זייערע בעסטע שטיינער...

אַלאַ וואָס דען, דאָס וואָס די אידן האָבן געטאָן צו ישון — אויב זיי האָבן עס געטאָן — איז געווען אַ פאַרברעכן ; אין אמתן דער גרעס־טער פאַרברעכן וואָס איז דענקבאַר : גאָט־מאָרד, דאַן קען מען ניט אַנטרינען די מסקנה, אַז די מענטשהייט איז אויסגעלייזט געוואָרן דורך אַ פאַרברעכן. נאָר צי איז דען דאָס אַ געהויבענע השגה פון דער גאולה? איוב האָט שוין געפרעגט : צי קען דאָס ריינע אַרויסקומען פון דאָס אומריינע ?

גאָט איז געקומען מכפּר זיין אויף אַלע זינד, און האָט ניט געקענט אַנדערש אויספירן זיין אייגענעם רצון סיידן דורך גורם זיין אַ נייע זינד, די גרעסטע פון אַלע !

איז עס ניט, טעאָלאָגיש גערעדט, אַ סתירה איינעווייניק אין דער גאָטהייט גופא ?

דאָס זיינען אידישע פראַגן, וואָס שלום אַש האָט געקענט פרעגן אויף פּאָולוסן, ווען ער וואָלט ביים שרייבן ניט געווען פאַרגעסן, אַז ער איז אַ איד. פאַראַן אויך אַלגעמיינע פראַגן.

איינע פון זיי, זייער אַן ערנסטע, כאָטש זייער אַ פשוטע : צו ווע־מען איז גאָטס זון געבראַכט געוואָרן פאַר אַ קרבן ?

מיר ווייסן, אַז אַ קרבן ווערט געבראַכט צו גאָט. קומט אויס, אַז גאָט האָט פאַרלאַנגט, אַז זיין אייגענער זון זאָל געבראַכט ווערן פאַר אַ קרבן צו אים אַליין, דעם טאַטן ! האָט ער דען ניט, דורך עקידת יצחק, לאַנג פריער אַנטפּלעקט זיין ווילן, אַז ער באַגערט דאָס ריינע האַרץ, די ערלעכע געהאַרכזאַמקייט, ניט קיין מענטשלעכע קרבנות ?

ווייטער : וואָס איז דער זין פון קרבן ? אַ קרבן ווערט געבראַכט ווי אַ גוטמאַכונג, אַ קאָמפּענסאַציע, אַ קנס אָדער פּדיון פאַר זינד, כדי צו באַפרידיקן גאָטס גערעכטיקייט און שטילן זיין צאָרן. קומט אויס לויט פּאָולוסעס טעאָלאָגיע, אַז גאָט האָט געזאָגט אין זיין האַרצן אַזוי :

איך וועל אַראָפּשיקן מיין זון צו די מענטשן זיי זאָלן אים פּייניקן און לסוף טויטן. דורכדעם וועט געשטילט ווערן מיין צאָרן און עס וועט באַפרידיקט ווערן מיין גערעכטיקייט. און איך וועל דערפאַר מוחל זיין די מענטשן אַלע זייערע זינד און איך וועל זיי אויסלייזן פון טויט.

פרעגט זיך: וואָס איז עס פאַר אַ געטלעכע באַלעבאַטישקייט? האָט ניט גאָט געקענט באַצווינגען און איינשטילן זיין אייגענעם צאָרן אָן דעם טויט פון זיין זון? האָט ער, פאַר פאַרגעבן די מענטשן זייערע זינד, געדאַרפט זיך אַליין באַצאָלן מיטן טויט פון זיין איינציק קינד? ס׳איז גאָטס זון און גאָטס מאָראַלישע אָרדענונג: באַפרידיקן זיינע אייגענע קריוודעס דורך מקריב זיין זיין אייגענעם זון, איז עס ניט גלייך ווי גענומען פון איין קעשענע און אַריינגעלייגט אין דער אַנדערער קע־שענע פון גאָטס הויזן?

שלום אַש האָבן דידאָזיקע פראַגן געדאַרפט גאָר שטאַרק אַרן ווי אַ איד. וואָרום אַפילו קריסטן האָבן זיי שטאַרק געמאַטערט. און זיי האָבן געזוכט און געפּרואווט צוטראַכטן אַלערליי ענטפערס, נאָר ביז היינטיקן טאָג האָבן זיי ניט צוגעטראַכט אַזאַ, וואָס זאָל באַפרידיקן זייער מענטשלעכע לאָגיק און זייער רעליגיעזן געוויסן.

די טעאָלאָגן פון די ערשטע קריסטלעכע יאָרהונדערטן האָבן גע־האַלטן, אַז דער מאַרטירער־טויט פון ישו איז געווען אַ פדיון אָדער קנס, וואָס איז באַצאָלט געוואָרן צום טייוול. עס האָט געהייסן, אַז די מענטשהייט איז געווען אין דער ממשלה פון דעם שטן, און גאָט האָט זי אַנדערש ניט געקענט געווינען פאַר זיך, סיידן ער זאָל זי אויס־קויפן דורכן גרעסטן דענקבאַרן קרבן, דעם קרבן פון גאָטס אייגענעם, איינציקן זון. די הויפּט באַגרינדער פון דערדאָזיקער לערע אין קריסטנטום זיינען געווען דריי פון די גרעסטע „פאָטערס פון דער קירכע": אירענעאוס, אָריגען און אויגוסטין.

ס׳איז קלאָר, אַז אַזאַ דאָקטרינע האָט ניט געקענט בלייבן ניט אָפּגעפרעגט, ניט געקוקט אויף אירע הויכגעשטעלטע טרעגער. די־דאָזיקע טעאָריע האָט אויסגעמיטן די שווערע פּראָבלעם פון אַ גאָט, וואָס קען זיך ניט אַנדערש באַפרידיקן סיידן מיט בלוט פון זיין אייגן קינד, אָבער זי האָט געשטעלט דעם טייוול אויף אַ גלייכער מדרגה מיט גאָט: גאָט האָט זיך געדאַרפט אויסקויפן ביים שטן...

דידאָזיקע לערע האָט געגאָלטן ביזן עלפטן יאָרהונדערט, ווען עס איז געקומען אנסעלם פון קענטערבורי און האָט פאָרגעלייגט אַן אַנדער לייזונג. ער האָט געלערנט, אַז דער טויט פון ישו דאַרף פאַרשטאַ־נען ווערן ווי שאָדנערזאַץ אָדער סאַטיספאַקציע וואָס איז געצאָלט געוואָרן צו גאָט פאַר זיין באַליידיקטן כבוד דורך די זינד פון דער

מענטשהייט. די מענטשהייט אַליין האָט ניט פאַרמאָגט אַזאַ געניגנדיקן קרבן. איז אין ישון גאָט אַליין געוואָרן מענטש, כדי צו מאַכן מעגלעך דידאָזיקע צאָלונג, דורכן טויט וואָס ער האָט פרייוויליק גענומען אויף זיך, צו שטאַרבן אויפן אָרט פון דער מענטשהייט.

דאָ ווערט מען פטור פון דעם טייוול, אָבער דאָ קומט אויס, אַז גאָט האָט זיך אַליין געבראַכט פאַר אַ קרבן צו זיך אַליין...

און די טונקעלע דאָקטרין איז נאָך טונקעלער געוואָרן.

עס זיינען שפּעטער געקומען נאָך אַנדערע לערעס, און זיי זיינען גרויס אין צאָל. עס קען דאָ ניט זיין מיין אויפגאַבע זיי דאָ צו באַ־האַנדלען. איך וועל נאָר נאָך דערמאָנען איינע, אַ העכסט אָריגינעלע:

ישו איז ניט געווען אַ קרבן צו גאָט, נאָר אַ קרבן פון גאָט צו דער מענטשהייט: גאָט האָט מקריב געווען זיין זון אַ קרבן צו דער מענטש־הייט, פאַר די זינד וואָס ער, גאָט, האָט געזינדיקט קעגן איר, דער־מיט וואָס ער האָט זי לכתחילה באַשאַפן זינדיק!

מיט דעמדאָזיקן פינסטערן געפלעכט פון געדאַנק און געפלאָנטער פון האַרץ, פאַרגלייכט די געניאַלע פשטות, מיט וועלכער דאָס אידנטום לייזט דאָס גאָט־מענטש פּראָבלעם:

אויפן פסוק פון תהילים, „השמים שמים לה' והאָרץ נתן לבני אָדם", דער הימל איז פאַר גאָט און די ערד האָט ער אָפּגעגעבן דעם מענטשן, זאָגן די חז"ל:

„עד שלא נתנה תורה השמים שמים לה' והאָרץ נתן לבני אָדם — איידער די תורה איז געגעבן געוואָרן, זיינען די הימלען געווען פאַר גאָט און די ערד איז אָפּגעגעבן געוואָרן פאַרן מענטשן; ומשנתנה תורה עלה משה אל האלקים וירד ה' על הר סיני" — אָבער ווען די תורה איז געגעבן געוואָרן, איז משה אַרויף צו גאָט, און גאָט איז אַראָפּ אויפן באַרג סיני (ילקוט שמעוני רע"ג). און אַזוי איז געשאַפן געוואָרן די לעבעדיקע שייכות צווישן הימל און ערד. גאָט און מענטש באַגעגענען זיך אין דער תורה.

נאָך פריער האָבן זיי זיך באַגעגנט אין דעם צלם אלקים.

מענטש און גאָט האָבן זיך באַגעגנט אין דעם צלם אלקים. זיי האָבן זיך באַגעגנט ביים באַרג סיני. זיי זיינען שטענדיק פּנים אל פּנים.

„אָמר הקב"ה לאָדם, נרך בידי ונרי בידך. אם הארת נרי הריני מאיר נרך" (ויק"ר לא), אַ מדרש נפלא, וואו בביכול מאַכט זיך אָפּ־הענגיק אָן דעם מענטשן! גאָט זאָגט צו דעם מענטשן, דיין ליכט איז אין מיין האַנט, און מיין ליכט איז אין דיין האַנט. אויב דו וועסט לייכטן מיין ליכט, וועל איך לייכטן דיין ליכט...

דעמזעלבן געדאַנק, וואָס איז דאָ אויסגעדריקט סימבאָליש, גיט

אונדז דער רמב"ם אין פילאָזאָפישן סטיל:

„דער געדאַנק איז דער אינטעלעקט, וועמעס שפע פאַרשפּרייט זיך אויף אונדז און וועלכער איז די פאַרבינדונג צווישן מענטש און גאָט. און פונקט אַזוי ווי מיר זיינען תופס די געטלעכקייט דורך דעם ליכט פון דעם אינטעלעקט, פונקט אַזוי ווערן מיר געזען פון גאָט דורך דעם זעלבן ליכט און דורך דעם דאָזיקן שיין איז ער תמיד מיט אונדז און טוט אונדז איינהילן מיט זיין בליק".

פרעמד און דערווידער איז דעם אידן דער געדאַנק פון אַ פאַר־מיטלער צווישן גאָט און מענטש. די אמתע פאַרמיטלונג איז: תשובה, תפילה און צדקה. זאָגט דער זוהר:

„אַזוי ווי די פלאַם קליידט אָן די שוואַרצע קייל אין אַ לבוש פון פייער און באַפרייט די היץ וואָס איז איינגעשלאָסן אינעווייניק, אַזוי טוט תפילה אָנקליידן אַ מענטשן אין אַ לבוש פון קדושה און רופט אַרויס דאָס ליכט און דעם פייער, וואָס דער בורא האָט אַריינגעגעבן אין אים, און עס באַלייכט זיין גאַנץ וועזן, און פאַראייניקט די אונטער־שטע און אויבערשטע וועלטן".

אָט מיט אַזעלכע פּראָבלעמען איז אָנגעפילט דער פּאָוליניזם, פּראָבלעמען, וואָס האָבן ניט איינמאָל אויפגעטרייסלט די קריסטלעכע קירכע און זיינען דער שרעק פון יעדן דענקנדיקן קריסט, וואָס לעכצט נאָך קלאָרקייט און וואַרימקייט אין זיין גלויבן. נאָך מיט גרעסערער שאַרפקייט שטעלן זיי זיך פאַרן אידישן מענטשן.

נאָר שלום אַש אין זיין פּאָולוס־בוך האָט זיי אַפילו ניט אָנגערירט.

4

## תורה און מצוות

ווען שלום אַש האָט געשריבן זיין „אַפּאָסטאָל" און האָט איבער־געפּריידיקט די מטורפע לערע פון פּאָולוסן, אַז די תורה מיט אירע מצוות איז נאָר בכוח צו שאַפן זינדער און רשעים, אָבער ניט קיין רעכטפאַרטיקע, ווי אַזוי האָט ער זיך ניט געשעמט פאַר אידן, פאַר דער אידישער געשיכטע, פאַר די העלדן פון זיינע אייגענע ווערק?

די תורה־אידן אין זיין „שטעטל", אין זיין „קידוש השם", אין זיין „תהלים־איד"; די צדיקים, חסידים, די לערנער און די דאַוונער, די כשרע אידן און אידענעס ניט נאָר פון זיינע אייגענע שריפטן, נאָר פון די שריפטן פון אַלע אידישע שרייבער, זיי אַלע האָט ער מקריב געווען פאַר עפעס אַ צעדרייטן אויסקוועטש פון אַ צעדולטן מוח, אַז

„פון די מעשים פון דער תורה וועט קיין לייב ניט זיין גערעכטפאַר־טיקט פאַר אים, וואָרום דורך דער תורה איז די רעאַליזירונג פון זינד" (רוימער 3, 20־19).

פערציק יאָרהונדערטן אידישע געשיכטע קוקן אַראָפּ אויף שלום אַשן און שרייען אים אַריין אין פּנים: ליגנער!

און צוואַנציק יאָרהונדערטן קריסטלעכע געשיכטע שרייען אים אויך אין פּנים אַריין: ליגנער!

וואָס איז דער פּסק־דין פון דער געשיכטע?

לויט די פּרוכט משפּט מען דעם בוים — דאָס איז דאָך אַ כלל וואָס דאָס קריסטנטום אַליין האָט אָנגעשטעלט. דאָס דייטשישע פאָלק מיט אוישוויץ און מאַידאַנעק איז אַ פּרי פון דעם קריסטלעכן בוים צוואַנציק הונדערט יאָר שפּעטער...

און וואָס איז געווען דער אידישער ענטפער אויף דער קריסטלעכער לערע, אַז אין דער תורה איז דער טויט?

דער ענטפער איז אין דעם אויסגעשריי וואָס שאַלט פון אידישע מיילער היינט ווי שטענדיק: עם ישראל חי! דאָס אידישע פאָלק לעבט.

עס איז ניט געווען און ס'איז ניטאָ קיין גרעסערע מוטיקייט אין דער גאַנצער וועלט, און קיין גרעסערער שטאָלץ אין דער גאַנצער וועלט, ווי די מוטיקייט און דער שטאָלץ פון די אידן, וואָס אין פּנים אַריין פון דערדאָזיקער גוואַלטיקער פאַרמשפּטונג פון דער תורה, וואָס פּאָולוס האָט פאַרפלאַנצט צווישן די פעלקער, האָבן זיי עקזאַלטירט די תורה איבער אַלץ אין דער וועלט און זי געטראָגן אין פּנים אַריין פון אַלע פעלקער. עס איז ניטאָ אין קיין אמונה און טעמפּל אונטער דער זון קיין הערלעכערע צערעמאָניע אָדער ריטואַל, ווי די צערעמאָניע פון קריאת התורה אין שול, פון דעם מאָמענט ווען די תורה ווערט אַרויס־גענומען פון אָרון קודש, ביז הגבה, ווען זי ווערט אָפענערהייט אויפגע־הויבן איבער די קעפּ פון קהל און ווערט געוויזן:

„אָט דאָס איז די תורה וואָס משה האָט געטאָן לייגן פאַר די קינ־דער פון ישראל, אויף גאָטס באַפעל דורך משהן".

איינע פון די זיסטע תפילות אין אידישן געבעט־בוך, וואָס גיסט זיך צונויף מיט דער זיסקייט פון די ערשטע פרימאָרגן־שעהן, ווען דער שלאָף ליגט נאָך אויף די ברעמען און דער טוי אויף די פעלדער, זאָגט:

„און מאַך זיס, אָ, גאָט, די רייד פון דיין תורה אין אונדזער מויל, און אין מויל פון דיין פאָלק ישראל, און מיר און אונדזערע קינדער, און אונדזערע קינדס־קינדער, זאָלן אַלע וויסן דיין נאָמען און לערנען דיין תורה לשמה, געבענטשט ביסטו, גאָט, המלמד תורה לעמו ישראל, וואָס לערנט תורה זיין פאָלק ישראל.

גאָט איז אַ מלמד! דער מלמד פון תורה ביי זיין פאָלק ישראל...

אַ קללה איז די תורה, זאָגט פּאָולוס? וואָס גייט עס אונדז אָן וואָס פּאָולוס זאָגט? מיר הערן וואָס חנניא בן עקשיא זאָגט! מיר לערנען:

„רבי חנניא בן עקשיא אומר”, רבי חנניא בן עקשיא זאָגט: גאָט האָט געוואָלט מזכה זיין דאָס פאָלק ישראל, דעריבער האָט ער זיי געגעבן אַ סך תורה און מצוות. אַ סך! וואָס מער! וואָס מער תורה און מצוות, אַלץ גרעסער דער זכות פון פאָלק ישראל.

די תרי”ג מצוות איז זיי גאָר ניט גענוג געווען, און זיי האָבן זיך געמיט אין דער תורה אַרויסצוטייטשן מער און מער, און דער ווילנער גאון האָט געלערנט: די תרי”ג מצוות זיינען נאָר די וואָרצלען, אָבער זיי צעשפּרייטן זיך אין אַ סך צווייגן. און אין אמתן איז פאַרבאָרגן פון אונדז וועלכע פון זיי זיינען די וואָרצלען און וועלכע די צווייגן. און דאָס איז גאָרניט בויטיק צו וויסן. וואָרים אין יעדער מצווה און אין יעדן וואָרט פון דער תורה איז אַנטהאַלטן די גאַנצע תורה און אַלע אירע מצוות, מיט אַלע זייערע פּרטים און דקדוקים. און דעריבער איז די תורה געגליכן צו אַ בוים. אַזוי ווי ביי אַ בוים איז איין וואָרצל צעשפּרייט זיך אין וויפיל צווייגן, און יעדער צווייג אין וויפיל ריטלעך, און יעדער ריטל אין וויפיל פּירות, און יעדער פּרי האָט וויפיל און וויפיל קערנדלעך, און יעדער קערנדל האָט דעם כוח אַרויסצוברענגען אַ גאַנצן בוים מיט די וואָרצלען און צווייגן און ריטלעך און פּרוכט און קערנדלעך, מיטן כוח אַרויסצוגעבן נאָך בוימער, גאָר אָן אַ סוף, אַזוי איז מיט דער תורה און אירע מצוות („מעלות התורה”, פון דעם גאונס ברודער).

„ותלמוד תורה כנגד כלם”, און לערנען תורה איז שקול קעגן אַלע מצוות.

שלום אַש'ס אַפּאָסטאָל האָט ניט קיין אַנדער באַצייכענונג פאַר דער תורה, ווי „טויט”, און אונדזערע חכמים האָבן ניט קיין אַנדער נאָמען פאַר איר ווי „תורת חיים”, די תורה פון לעבן. ניט פאַרן אידן אַליין איז זי „דיין לעבן און די לענגקייט פון דיינע טעג”, נאָר פאַר דער גאַנצער וועלט. די וועלט קען האָבן אַ קיום נאָר דורך דער תורה, ווי דער מדרש זאָגט, אַז ביי מעשה בראשית האָט גאָט אויסגענומען אַ תנאי מיטן גאַנצן באַשאַף: וועלן אידן אָננעמען די תורה, איז גוט; און אויב ניט וועט אַלץ זיך אומקערן צוריק צו תהו ובהו.

שלום אַש'ס אַפּאָסטאָל פּריידיקט, אַז די מצוות פון דער תורה באַשאַפן די זינד און די זינדער, אָבער אונדזערע הייליקע חכמים לערנען אונדז, אַז דורך לערנען תורה באַהעפט זיך דער מענטש מיט הקדוש ברוך הוא, און קיין זאַך איז ניט אַזוי בכוח צו ברעכן דעם יצר

הרע ווי לערנען תורה, אַזוי ווי די חז"ל זאָגן: „איך האָב באַשאַפן דעם יצר הרע, און איך האָב באַשאַפן די תורה וואָס זי איז געווירצן פאַר אים". און נאָך האָבן געזאָגט די חכמים: אויב ס'איז דיך באַפאַלן יענער מנוול, דער יצר הרע, פאַרשלעפּ אים אין בית־המדרש. די תורה רייסט אָפּ פון זינד, רייניקט פון זינד, היילט פון זינד. מיר לערנען ביי די חז"ל: דער וואָס איז עוסק אין תורה דאַרף ניט, ניט קיין קרבן עולה, ניט קיין קרבן מנחה, ניט קיין קרבן אשם. די תורה איז געגליכן גע־וואָרן צו וואַסער און צו פייער: אַזוי ווי וואַסער רייניקט פון טומאה, אַזוי רייניקט די תורה. אַזוי ווי פייער ברענט דערנער, אַזוי ברענט די תורה זינד, וואָס ווערן גערופן דערנער. די תורה האָט אַפילו דעם כוח פון פיזישער היילונג. אויב דיר טוט ווי דער קאָפּ, זאָגט די גמרא, לערן תורה. אויב דו זעסט, אַז יסורים קומען (ממשמשין ובאין) אויף דיר, לויף צו דער תורה און באַלד וועלן די יסורים אַנטלויפן פון דיר.

דאָס לעבן פון גאַנץ פאָלק ישראל הענגט נאָר אויף דער תורה. ווען — פרעגט דער זוהר — איז מלכות גוזר א גזירה אויף אידן און זי ווערט פאַרווירקלעכט? ווען זיי וואַרפן אַוועק די דברי תורה. שלום אַשס הייליקער, פאָולוס, האָט געפּריידיקט, אַז דערפאַר וואָס אידן האַלטן זיך ביי דער תורה און מצוות, און האָבן פאַרשטויסן דעם נוצרי, האָט זיי גאָט פאַרשטויסן פון זיך, ענטפערט דערויף דער מדרש (מדרש רבה, איכה): „דרש בן עזאי", בן עזאי האָט געדרשנט, און שיין גע־דרשנט, „לא גלו ישראל", די אידן זיינען פאַרטריבן געוואָרן אין גלות ניט פאַר קיין אַנדער זאַך ווי נאָר דערפאַר וואָס זיי האָבן געלייקנט אין דעם איינציקן גאָט פון דער וועלט, און אין דער מצווה פון מילה, און אין די עשרת הדברות, און אין די פינף חומשים פון דער תורה — ריכטיק ווי ער וואָלט געצילט להיפך אַלץ וואָס פאָולוס האָט געפּריידיקט.

אויפן „זאת התורה אדם" (במדבר י"ט, י"ד) האָבן די חז"ל גע־דרשנט: ער ווערט ניט גערופן מענטש נאָר דורך דער תורה. אויפן „זה ספר תולדות אדם" (בראשית ה', א') זאָג: דאָס איז דער ספר אין וועלכן דער מענטש ווערט געבאָרן. דער נביא חבקוק האָט געזאָגט: „און דו האָסט געמאַכט דעם מענטשן ווי די פיש פון ים", פרעגן די חכמים: וואָס הייסט? און זיי ענטפערן: אַזוי ווי די פיש פון ים, ווען זיי ווערן אָפּגעשיידט פונם וואַסער, אַזוי באַלד שטאַרבן זיי, אַזוי איז אויך מיט די מענטשן, וויבאַלד זיי שיידן זיך אָפּ פון דער תורה, אַזוי באַלד זיינען זיי טויט.

אַ מענטש אָן תורה, האָבן די חכמים געזאָגט, איז אַ בעל מום, אַפילו ווען ער איז גאַנץ אויף אַלע איברים; אַן אָרימאַן, אַפילו ווען ער איז רייך ווי קורח.

דעריבער האָבן אידן געשטעלט דאָס לערנען תורה ווי דעם העכסטן ציל אין לעבן. די קענטעניש פון דער תורה איז געוואָרן דער גרעס־טער אידישער יחוס. דעם קינד אין וויג איז שוין אַריינגעזונגען גע־וואָרן אין די אויערן, אַז תורה איז די בעסטע סחורה. דער העכסטער באַרוף איז געוואָרן צו לערנען יומם ולילה. און געווען אידן, אויף וועלכע ס'איז געזאָגט געוואָרן, אַז זיי האָבן געלערנט אַפילו אין שלאָף, און אַפילו בשעת מיתה, אין דער גסיסה.

„תורה איז די בעסטע סחורה" איז נישט געווען קיין לוידיקע פראַזע. מען האָט געמישט עסקים מיט תורה. מען האָט מיטן קונה געערדט מיקח און געערדט תורה. מען האָט אַוועקגעוואָרפן עסקים, אָדער זיי איבערגעלאָזט צום ווייב, און מען האָט עוסק געווען אין תורה. אויף יאַרידן איז מען געפאָרן מיט די גרויסע גמרא'ס.

עס ווערט דערציילט, אַז איינמאָל, אין מינסק, ימים נוראים, איז אַ איד צוגעגאַנגען צום אָרון קודש און האָט געזאָגט:

„רבונו של עולם, אויב דו האָסט מיר אָנגעשריבן הצלחה אין מיינע געשעפטן אויפן נייעם יאָר, בין איך עס דיר מוחל, נעם עס צו און גיב עס מיר אַריין אין תורה"...

און דאָס אידישע תורה־לערנען איז אַנדערש פון יעדן אַרט לערנען אין דער גאַנצער וועלט. די שייכות צווישן קינד און מלמד אין חדר אָדער תלמוד־תורה איז אַן אַנדערע ווי די שייכות צווישן קינד און לערער אין די שולעס פון די פעלקער. די שייכות פון ישיבה־בחור צום ראש ישיבה איבער דער גמרא איז ניט דאָס וואָס די שייכות צווישן דעם סטודענט און זיין פראָפעסאָר איבערן בוך. קיין פרעמדער קען גאָרנישט וויסן דעם טעם. תורה לערנט מען ניט פאַר ניצלעכקייט, נאָר פאַר שלימות פון דער נשמה. דער איד לערנט ניט קיין תורה כדי צו זיין צוגעגרייט צו דער וועלט, נאָר כדי מתקן צו זיין די וועלט. מיט זיין לערנען תורה שפּאַרט ער אונטער איר קיום. זיין לערנען גיט איר זכות הקיום. עס טוט פאַרריכטן די פּגימות אין דעם אוניווערז. עס ברענגט נענטער דעם מלכות שדי אויף דער ערד. דער איד לערנט תורה כדי צו האָבן די הנאה פון יענער וועלט שוין אויף דער וועלט. ער לערנט כדי צו גרויסן גאָטס נאָמען. מיט זיין לערנען טוט דער איד אָן קרוינען אויף גאָטס קאָפּ. דער איד לערנט ניט בלויז צו קענען: ער לערנט איבער הונדערט מאָל דאָס וואָס ער האָט שוין לאַנג געקענט. ער דערגרונטעוועט נייע אָפּגרונטן. ער לערנט תורה ווייל דאָ פאַרנעמט ער די סודות פון דער בריאה. דאָ שטייען פאַר אים די הימלען אָפן. דאָ רעדט ער מיט גאָט און גאָט מיט אים.

עס ווערט דערציילט פון אַ רבין, אַז ער פלעגט אָפּכאַפּן דאָס

דאַוונען און שנעל אַריבערגיין צוריק צום לערנען. בשעת דער עולם אַרום אים פלעגט נאָך מתפלל זיין, פלעגט ער שוין ווידער זיצן איבער די ספרים. איינמאָל האָבן חסידים מיט ערגערניש אים געפרעגט וועגן דעם. האָט ער געענטפערט:

— ווען מיר זיינען מתפלל, רעדן מיר צו גאָט; און ווען מיר לערנען, רעדט גאָט צו אונדז. וועלכס דאַרף זיין חשובער ביי דעם מענטשן?

„לערנען תורה" איז ניט לשם דערווערבן ידיעות, ניט לשם נוצן אָדער הנאה. ס'איז עבודה. ס'איז דער וועג צו גאָט. אַ תלמיד פון דער היסטאָרישער מירער ישיבה באַשרייבט דאָס לערנען און דעם גייסט פון לערנען אין יענעם באַרימטן תורה־מוסד, וואָס דאָס באַשרייבט דאָס תורה לערנען בכלל, בזה הלשון:

„ס'איז געווען אַ מין פאַבריק, וואָס האָט צענומען אַלע שרייפלעך פון גאַנצן גייסטיקן אַפּאַראַט פון דעם מענטשן. און נישט נאָר צענומען, נאָר געריייניקט, געפּוצט און צוריק צוזאַמענגעשטעלט אין דער מהות פון אַ גרויסן מענטשן — אַ גרויסן בעל מוח, און אַ שטאַרקע, געזונטע האַרץ אין אַ ריינעם נפש"... „ווען זיי (תלמידים) האָבן געענדיקט די ישיבה און זיינען אַהיים געפאָרן, זיינען פיל צוריקגעקומען מיט די פרויען אין ישיבת מיר לערנען, ווייל אַרויסגייענדיק פון דער ישיבה האָט מען זיך אַזוי שנעל ניט געקענט אַראָפּלאָזן אין דעם זינדיקן וועלטל. מען האָט ניט געקענט געפינען קיין מנוחת הנפש, מען האָט געמוזט צוריקקומען אַפילו פון אויסלאַנד, און אַפילו מיט דער משפחה"... שמחת תרה, דערציילט ער, האָט מען אַ גאַנצע נאַכט געטאַנצט איין גרויסן טאַנץ מיט איין גרויסן געזאַנג: משה אמת ותורתו אמת, און „אַלע הימלען — שרייבט ער — האָבן מיטגעטאַנצט, און די הימלען האָבן זיכער מקנא געווען דעם שטיקל פלאַץ ערד אויף וועלכן מירער ישיבה איז געשטאַנען" (הרב אלחנן יוסף הערצמאַן, „מירער ישיבה אין גלות").

די געדאַנקען וואָס זיינען אַרויסגעזאָגט געוואָרן ביי אידן וועגן תורה און תורה לערנען אין דער תורה גופא, אין דער גמרא, אין די מדרשים, אין די פילאָזאָפישע ספרים און אין יעדער מקצוע פון אידישן זאָגן, טראַכטן און פילן, זיינען אַזוי פיל ווי די ליכטיקע זעמדעלעך אין דעם מילך־וועג אין הימל, און פונקט אַזוי שיין. און ווען אַ אידישער שרייבער ווייס ניט פון זיי, האָט ער דען אַ רעכט צו זיין אַ אידישער שרייבער? און אויב ער ווייס און מאַכט זיך ניט־וויסנדיק, און קומט צו זיי מיט לערעס קעגן תורה און מצוות, וואָס זאָל צו אַזאַ איינעם געטאָן ווערן?

די ערשטע זאַך וואָס אַ איד זאָגט ווען ער שטייט אויף פון שלאָף און וואַשט די הענט און מעג עפּעס זאָגן, איז אַ פּראָקלאַמאַציע פאַר הימל און ערד אַז — תורה צוה לנו משה — די תורה וואָס משה האָט אונדז אָנגעזאָגט, איז די ירושה פון יעקבס קהל.

דערנאָך גייט אַוועק דאָס גאַנצע דאַווענען פול מיט תפילות און תחנונים וועגן תורה, אַז גאָט זאָל עפענען אונדזער האַרץ מיט פאַר־שטאַנד נאָך דער תורה, ער זאָל ליכטיק מאַכן אונדזערע אויגן אין דער תורה, און זאָל אונדז אומקערן צו דער תורה — דער גאַנצער סידור איז פול מיט תורה, און דער מחזור, און די חדרים און ישיבות און הייזער, און דאָס גאַנצע לעבן איז דורך איר היילינק געוואָרן.

ווי שלום אַשס אייגענע ווערק זאָגן עדות. למשל:

עס שטייט ביי אים אַ איד שמונה עשרה. קומט צו לויפן אַן אָטעם אַ שליח און זאָגט אַן: דער שטראָם האָט די פליטעס אָפּגעריסן און אַוועקגעטראָגן! דאָס גאַנצע פאַרמעגן איז אין סכנה! באַלעבאָס, וואָס טוט מען?

אָבער דער איד טוט זיך פון אָרט ניט רירן. ער בלייבט שטיין זיין שמונה עשרה, ניט געאיילט, ניט אונטערגעיאָגט, נאָר ווי זיין שטייגער שטענדיק.

אָט דעם אידן, שלום אַש, ברענגסטו דאָס דיין עוואַנגעליע, אַז זיין תורה איז גורם מאַראַלישן טויט?

ס׳איז דאָ ביי אים אין אַ שיינער דערציילונג אַ חדר־אינגל, וואָס ליגט ביינאַכט אויף זיין געלעגער, ס׳איז ווינטער און ס׳איז קאַלט אין הויז, און עס ציט אים דאָס הערצל צו דער מאַמע אין בעט אַריין, זיך איינצוטוליען און איינוואַרעמען אין איר. ער קען זיך ניט גובר זיין און גייט לסוף אַריבער צו דער מאַמע אין בעט. ליגט ער און ער טראַכט, אפשר איז ניט רעכט פאַר אַ חדר־אינגל צו שלאָפן מיט דער מאַמע אין איין בעט, און ער נעמט באַלד אויף זיך אַ שטראָף: ער שטעקט אַרויס אַ פיסל פון אונטער דער פערענע אין דער קאַלטער שטוב אַרויס, פאַר אַן אָפּקומעניש פאַר דער עבירה...

צו דעמדאָזיקן אינגל האָט עס שלום אַש אויף דער עלטער גע־בראַכט זיין „אַפּאָסטאָל” צו לערנען אים, אַז די תורה פאַרדאַרבט?

ווער קען דען אויסשרייבן און אויסמאָלן די צוגעבונדנקייט פון דעם אידן צו דער תורה, די פאַרבונדנקייט פון דער תורה מיט דעם אידן, און ווי זיי באַהנען און באַשיינען און באַקרוינען איינע די אַנדערע?

עס ווערט דערציילט: דער גאון ר׳ עקיבא אייגער און דער גאון ר׳ יעקב ליסער זיינען אַמאָל געקומען קיין וואַרשע. ביים וואָקזאַל האָבן די זיך אויפגעזעצט אויף אַ פור און זיינען געפאָרן אויף זייער סטאַנציע.

באַלד איז גאַנץ וואַרשע מיט אידן אַרויסגעלאָפן מקבל פּנים זיין די צוויי גאונים. פון גרויס התפּעלות האָט דער עולם אויסגעשפּאַנט די פערד און אַליין געשלעפּט דעם וואָגן.

טראַכט זיך ר' עקיבא אייגער: דאָס טוט מען אוודאי אָן כבוד דעם ליסער גאון. קריכט ער אַראָפּ פון וואָגן און לייגט אויך אונטער אַ פּלייצע צום וואָגן. און אין דער גרויסער מהומה האָט עס קיינער ניט באַמערקט.

דער ליסער גאון, ווידער, האָט געטראַכט, אַז דאָס מיינט מען ר' עקיבא אייגער, איז ער אויך אַראָפּגעקראָכן פון וואָגן און האָט אונ־טערגעשטופּט, און קיינער האָט עס ניט באַמערקט.

און אַזוי האָט אַן עדה מיט אידן מיט התפּעלות געשלעפּט אַ וואָגן, וואָס קיינער איז אויף אים ניט געזעסן, בלויז דער כבוד התורה אַליין...

אַזוי איז די תורה ביי אידן.

5

## „פלייש" און „גייסט"

וואָס פאַרנעמט ביים קריסט דאָס אָרט פון די דינים און מצוות ביי די אידן?

מיט יענער געקנוילטער פּלפּוליסטיק, וואָס ערנסט רענאַן האָט אָנגערופן „שפּיץ פון אומזין", ברייעט פּאָולוס אויס, אַז דער קריסט נויטיקט זיך ניט אין קיין מצוות און אָנווייזונגען ווי אַזוי זיך אויפצו־פירן. ווען ער האָט זיך געטויפט אין ישוס גלויבן, האָט זיך אין אים באַזעצט דער „הייליקער גייסט", וועלכער זאָגט אים אונטער וואָס צו טאָן. דער קריסט קען גאָרניט טאָן קיין שלעכטס, ווייל דער נוצרי לעבט אין אים און ער אין דעם נוצרי. ער געפינט זיך שטענדיק אין דעם שטראָם פון חסד...

דער קריסט דאַרף ניט קיין אויסווערטיקע צייכנס פון אויסווערטיקע מעשים אַזוי ווי דער איד, שרייבט פּראָפ. זשאַק מאַריטעין. אין זיין ווערק וועגן פּאָולסן זאָגט ער: „די נשמה פון דעם קריסט, איז געווענדט אויף אינווייניק, און ניט אָפּגעהיטע מצוות און געטאָגענע מעשים, נאָר גלויבן און ליבע און אינערלעכע ריינקייט מאַכן דעם קריסט, וועלכער איז דער אמתער איד לויט דעם גייסט, אויפן אָרט פון דעם אידן, לויט דעם פלייש", שרייבט ער.

דאָס איז דער גרונט־חילוק צווישן אידנטום און קריסטנטום ווי פּאָולוס האָט עס אויפגעפאַסט און איבערגעגעבן בירושה דעם קריסטנ־

טום. און אויב פּאָולוס איז אָנגערופן געוואָרן דער ערשטער פּאַרדאַר־בער פון קריסטנטום, איז דאָ דער פּונקט וואו ער דאַרף אויך אָנגערופן ווערן: דער גרעסטער פאַרפעלשער פון אידנטום. וואָרים צי קען דען געמאָלט זיין אַ גרעסערע פאַרפעלשונג ווי צו זאָגן, אַז אידנטום איז נאָר אַן אמונה פון דרויסנדיקע מעשים, וואָס רירן ניט אָן דאָס האַרץ און דעם גייסט? שוין אין דעם ערשטן פונדאַמענטאַלן עיקר פון אי־דישן גלויבן, אין דעם שמע ישראל, ביים טלית און תפילין, איז אָנגע־זאָגט: ואהבת את ה׳ אלקיך בכל לבבך ובכל נפשך ובכל מאדך — זאָלסט ליב האָבן גאָט דיין גאָט מיט דיין גאַנצן האַרצן, מיט דיין גאַנ־צער נשמה און מיט דיין גאַנצער קראַפט. און יעדער שורה פון די נביאים שרייט ביזן הימל נאָך האַרץ און נשמה. מ׳דאַרף נאָר אַריינ־קוקן אין ערשטן קאַפּיטל פון ישעיה אַליין! און אַזוי אויך די חכמי התלמוד. „רחמנא ליבאָ בעי", גאָט פאַרלאַנגט דאָס האַרץ, האָבן זיי געלערנט. אַזוי אויך דאָס גאַנצע שפּעטערדיקע אידנטום. די כוונה פון האַרצן איז דאָך דער יסוד פון חסידות.

פונדעסטוועגן, אויפן יסוד פון דעמדאָזיקן פאַלשן געדאַנק, נעמט פּאָולוס אַוועק ביי אונדז דעם נאָמען איד, אָדער ישראל, און גיט עס אָפּ די קריסטן. אידישקייט, וואָס פאָדערט אמתע געמלטקייט אין לייב ווערט ביי אים נאָר אַן אמונה פון אויסערלעכן לייב און פון טויטן בוכשטאַב, ניט קיין אמתע אמונה. דער איד איז נאָר אַ ישראל ליוטן לייב, נאָר לויט מילה איז ער נאָך אַ קינד פון אברהם. אָבער דער קריסט איז דער יורש פון אברהמס גייסט און ער איז דער נייער ישראל. און אַזוי רופט זיך די קאַטוילישע קירכע דורך די יאָרהונדערטן: דער נייער ישראל.

אידנטום איז ניט קיין אַבסטראַקטע לערע, ניט סתם קיין שיינע אידייען, נאָר אַ לערע פון הויכע אידייען, וואָס שטרעבט זיך צו פאַר־ווירקלעכן אין מעשים. „לא המדרש העיקר אלא המעשה", ניט דאָס דרשענען איז דער עיקר, נאָר דאָס טאָן — דאָס איז אַ גרויסער כלל אין אידנטום. די שטאַרקייט פון אידנטום ליגט אין זיין פּראַקטישער לעבנס־פירונג, אין זיינע ריטואַלן, צערעמאָניעס, דינים און מנהגים, וואָס אין זיי ליגט באַהאַלטן די פילאָזאָפיע פון אידנטום. עס ווערט ניט איבערגעלאָזט צום מענטשן אַליין ער זאָל אַליין פאַר זיך אויף־טריט און שריט דאַרפן אַנטשיידן וואָס עס איז רעכטפאַרטיק צו טאָן. עס ווערט אים געלערנט וואָס עס איז די גערעכטע האַנדלונג און דער ריכטיקער שריט.

די חז"ל האָבן געלערנט, אַז „מחשבתו של אדם נמשכת אחרי מעשיו", דעם מענטשנס געדאַנקען ציען זיך נאָך זיינע מעשים. דער מענטש איז וואָס ער טוט. מעשים ווערן הרגל, און הרגל ווערט

טבע, און טבע איז דער כאַראַקטער. דאָס איז די גרונט־אידייע הינטער די אידישע מצוות און מעשים טובים. דערפאַר איז געזאָגט געוואָרן, אַז מצוות אָן כוונה זיינען אויך מצוות. מתוך שלא לשמה בא לשמה.

דעריבער האָבן די אידישע חכמים אַרומגעוועבט דאָס אידישע לעבן, דאָס טאָגטעגלעכע ווי דאָס יום־טובדיקע, מיט מצוות און מעשים טובים. און ניט בלויז דאָס טאָג־טעגלעכע, נאָר ממש דאָס שעה־שעהלעכע און רגעדיקע. די תורה שבכתב און די תורה שבעל פה זיינען טראַנס־פאָרמירט געוואָרן אין קאָנקרעטערווירקלעכקייט, אין די מינדסטע אַזוי גוט ווי אין די וויכטיקסטע אינטערעסן פון מענטשלעכער עק־זיסטענץ. ביז פון די צוויי איז געוואָרן איינע: פון תורה שבכתב און תורה שבעל פה איז געוואָרן תורה שבלב.

די דרויסנדיקע, ניט־אידישע וועלט האָט קיין שום השגה ניט ביז וואָס פאַר אַ הויכער מדרגה אידן האָבן געגרייכט אין דעם אידעאַל פון אַ „ממלכת כהנים וגוי קדוש". אינמיטן פון אַ פאַרדאָרבענער וועלט האָט דאָס אידישע פאָלק, קליין און שוואַך, און אַזוי ווי אין אַ זייט פון ברייטן שליאַך פון דער מענטשהייט, אויף גרויסע און לאַנגע צייט־אָפשניטן ממש דערלאַנגט מיטן קאָפּ צום הימל. אויף גרויסע, געבענטשטע מאָמענטן אין אמתן זין פון וואָרט געוואָרן „גאָטס פאָלק". און ניט אין אַ געבאָרגטן זין, און ניט אין אַ רעטאָרישן זין, נאָר בפועל ממש. ווער עס וויל עס זען, קען עס זען. ער דאַרף נאָר אָנ־שעפּן זיין כלי און טרינקען פון ריינעם אידישן קוואַל. דריי אַזעלכע קליינע, לויטערע, ביים אָפּענעם שליאַך ליגנדיקע ברונימער קען איך אים, פאַרבייגייענדיק, אָנווייזן. זאָל דער זוכער לייענען דאָס לעצטע קאַפּיטל פון ר' נתן נטע האַנאָווערס „יון מצולה". דאָרט ווערט גע־געבן דער סך הכל פונם אוקראַינישן אידנטום ווי דאָס האָט אויס־געזען האַרט פאַר כמעלניצקיס שחיטות. זאָל ער לייענען אברהם העשלס קליינע שריפט: „דער מזרח־אייראָפּעאישער איד" *), אַ סך הכל פונם מזרח־אייראָפּעאישן אידנטום האַרט פאַרן חורבן היטלער. זאָל ער לייענען „איש ההלכה" פון הרב דר. יוסף דוב הלוי סאָלאָ־ווייטשיק („תלפיות", ניסן תש"ד — תשרי תש"ה), אַ גייסטיקער פאַר־טרעט פון דעם תלמוד־איד, אייגנטלעך דעם פרושי, וואָס דאָס קריסטנ־טום האָט מיט אַזאַ כוח געאַרבעט צו פאַרלוימדן.

אין די אַלע דריי זאַכן, קליינע אין פאָרמאַט, וועט דער זוכער גע־פינען דעם באַשייד אויף דער רעטעניש פון אידישער נצחיות. ער

---

*) דערשינען אויך אין ענגליש אונטערן נאָמען:
*The Earth Is The Lord's,* Henry Shuman, Pub.

וועט דאָרט זען די באַשיינפּערלעכע פּאַראיינּיקונג פון דעם גאָט פון ישראל מיט דעם ישראל פון גאָט...

שלום אַש ן איז דאָס אַלץ גוט באַוואוסט געווען. אין זיינע אייגענע שריפטן האָט ער ניט איין מאָל געשילדערט דאָסדאָזיקע אידישע פאָלק. נאָר ווען ער איז אַריין אין דער קריסטלעכער טעמע האָט ער אָנגענומען דעם קריסטלעכן שטאַנדפּונקט, אַז די מצוות זיינען אַ יאָך, אַזוי ווי מיר געפינען עס ביי פּעטרוסן, למשל, וועלכער האָט געזאָגט צו זיינע חברים־אַפּאָסטאָלן:

„פּאַרוואָס פּרובט איר גאָט, און טוט אַרויפלייגן אַ יאָך אויף דעם נאַקן פון די תלמידים, וואָס נישט אונדזערע אָבות און נישט מיר האָבן געקענט דערטראָגן?" („מעשים פון די שליחים" 15, 10).

אָט דאָ, אין דעם פּינטל, ליגט דער פונדאַמענטאַלער טעות פון קריסטנטום בנוגע אידנטום, וואָס ער פּאַסט אויף די מצוות ווי „אַ יאָך". דערין ליגט אויך די פונדאַמענטאַלע שוואַכקייט פון קריסטנטום, וואָס האָט ניט אַרויפגעלייגט קיין מצוות אויף זיינע נאָכפאָלגער און זיי נישט געלערנט וואָס צו טאָן. ניט קיין יאָך זיינען די מצוות, וואָס דריקן אַראָפּ, נאָר פליגל זיינען זיי, וואָס הויבן אויף. וואָרום „עיר פרא אָדם יולד" (איוב יא, יב), דער מענטש ווערט געבאָרן ווי אַ ווילד אייזל און דאַרף געאיידלט ווערן. „די מצוות זיינען נאָר געגעבן געוואָרן כדי צו לייטערן דעם מענטשן", האָבן געזאָגט די חז"ל (בראשית רבה מד). טאָן מצוות הייסט זיך איבן אין הייליקייט, גוטסקייט און שיינקייט. און טאָן אַ מצווה שיין, הידור מצווה, איז אַליין אַ מצווה. און ווער עס ווייסט ווי אַזוי צו לייטן זיין לעבן אין שיינקייט, גוטסקייט און הייליקייט, יענער איז דער פרייער מענטש. אין דעמדאָזיקן זין האָבן עס די חז"ל געזאָגט, אַז „אין לך בן חורין אלא מי שעוסק בתורה" — אַן אמת פרייער מענטש איז נאָר דער, וואָס לערנט תורה.

נישט קיין יאָך, דעריבער, זיינען די מצוות, נאָר דער מקור פון פרייהייט.

דער תכלית פון יציאת מצרים איז געווען — מתן תורה.

די תורה זאָגט אָן: „ואנשי קודש תהיו לי" (שמות כב, ל), הייליקע מענטשן זאָלט איר זיין צו מיר. און איינער פון אונדזערע רביים האָט עס אויסגעטייטשט: מענטשלעך־הייליק זאָלט איר זיין: זיין אַ מענטש און פירן אַ מענטשלעך לעבן, און מיטלעבן מיט מענטשן אין אַלעם מענטשלעכן, און דאָך זיין הייליק — אָט דאָס איז אידישקייט. אַ מענטש דאַרף דינען גאָט אויך מיט די ערדישע זאַכן, ווען ער עסט, ווען ער טרינקט, ווען ער טאַנצט, ווען ער איז אין גאַס צווישן מענטשן, און

ווען ער איז אין פעלד מיט בהמה און פויגל. עס שטייט געשריבן: „נר מצווה ותורה אור", די מצווה איז אַ ליכט, און די תורה איז די ליכ־טיקייט. ווען דערזעט מען די ליכטיקייט? ווען מען צינדט אָן די ליכט: ווען מען טוט די מצווה זעט מען די ליכטיקייט פון דער תורה.

און אונדזערע חכמים האָבן געזאָגט: „די שכינה רוט ניט אויף אַ מענטשן ניט דורך פוילקייט, ניט דורך טרויער, ניט דורך שטיפעריי, ניט דורך לייכטזין, און ניט דורך שמועסעריי און ניט דורך דברים בטלים, נאָר דורך דער פרייד וואָס קומט ביים טאָן אַ מצווה" (שבת ל, ע"ב).

און אויך האָבן זיי געזאָגט: בעסער איין שעה אין תשובה און מעשים טובים אויף דער וועלט פון דעם גאַנצן לעבן אויף יענער וועלט (אָבות ד, כב).

ביים באַרג סיני האָבן די אידן געזאָגט: נעשה ונשמע — פריער דאָס טאָן, דערנאָך דאָס הערן און נאָכדענקען און ריידן.

אַנטקעגן דעם שטעלט אַוועק די דערפאַרונג מיט פּאָולוסעס לערע אין משך פון צוויי טויזנט יאָר, די לערע פון „אינערלעכן ליכט" אַליין, פון „לויטערער" הייליקייט אָן מעשים, פון „געטלעכקייט" צוויי שעה יעדן זונטיק...

און דאָך האָט ער אונדז אָפּגעפּסלט, אַז מיר זיינען נאָר „אידן לויטן פלייש" און זיי, די קריסטן, זיינען „אידן לויטן גייסט", און דערביי האָט ער געזאָגט:

„וואָרום די וואָס זיינען לויט דעם פלייש, האָבן אין זינען די זאַכן וואָס זיינען פון דעם פלייש; אָבער די וואָס זיינען לויט דעם גייסט, האָבן אין זינען די זאַכן וואָס זיינען פון גייסט". וואָרום די חכמה פון דעם פלייש איז טויט; אָבער די חכמה פון דעם גייסט איז לעבן און פרידן. וואָרום די חכמה פון דעם פלייש איז אַ שונא פון גאָט... און די וואָס זיינען אין דעם פלייש קענען ניט געפעלן גאָט" (רוימער 8, 8-5).

באַטראַכט נאָר אַלץ וואָס דער איד איז, דאָס שרעקנגעשטאַלט וואָס ווערט אויפגעמאָלט פון אים אין דידאַקטישע עטלעכע פסוקים פון פּאָו־לוסן! דער איד איז פאַרזונקען אין די זאַכן פון לייב, ער איז אַ טרע־גער פון טויט, אַ פיינט פון לעבן און פון שלום, אַ פיינט פון גאָט אַליין...

שרייבט אַ קריסטלעכער געלערנטער וועגן אידנטום:

„אידנטום שטימט גאָרניט מיט אונדזער באַגריף פון אַן אמתער רעליגיע. אונדזער באַגריף פון אַ רעליגיע איז, אַז זי דאַרף אַרבעטן פון אינווייניק אַרויס צו דרויסן. דאָס האַרץ איז די פּרוזשינע פון אַלע אונדזערע מעשים... דעריבער דאַרף די רעליגיע גיכער לייגן דעם

טראָפּ אויפֿן גייסט איידער אויפֿן בוכשטאַב פֿון אירע געבאָטן, אויף דער כוונה איידער אויף דער טאַט, אויף זיין איידער אויף טאָן. נון, די אידישע תורה טוט פּונקט דעם היפּוך. דער גרעסטער טייל פֿון איר באַ־שטייט פֿון מצוות וואָס דאַרפֿן בוכשטעבלעך אָפּגעהיט ווערן, ריטואַלן און צערעמאָניעס, וואָס דאַרפֿן פּינקטלעך אָפּגעהיט ווערן, בשעת אירע מאָראַלישע און גייסטיקע עלעמענטן זיינען קוים צו שפּירן. זי באַפֿעלט אונדז צו טאָן דאָס און ניט צו טאָן יענעס פֿאַר אונדזער אייגענער טובה אָדער רעה וועגן. מיר פֿאָלגן צוליב דער עגאָיסטישער מורא פֿאַר שטראָף אָדער פֿון האָפֿענונג צו קריגן שכר. דאָס דאָזיקע פֿאָלגן ברענגט אונדז קיין שום נוצן ניט מאָראַליש און גייסטיק. עס רירט ניט אָן אונדזער האַרץ אָדער ווילן, און מיר בלייבן אין כאַראַקטער דאָס וואָס מיר זיינען געווען. דער גאָט פֿון דער תורה מעג זיך זיין אַ גערעכטער שופֿט, אָבער ער רירט אונדז ניט אָן ווי אַ פֿאָטער, און מיר פֿילן אויך ניט צו אים די ליבשאַפֿט פֿון קינדער. לויט דער תורה איז די באַצי־אונג צווישן גאָט און מענטש אַ מין געזעצלעכער קאָנטראַקט צווישן באַלעבאָס און דינער. אַזוי פֿיל אַרבעט און אַזוי פֿיל געצאָלטס. אין אַנדערע ווערטער, אידנטום איז גאַנץ קלאָר אַ לעגאַליסטישע רעליגיע... און אַ לעגאַליסטישע רעליגיע מוז מיט דער צייט דעגענערירן אין אַ ליידיקער רוטין" („סט. פּאול", קאָהו, 52-53).

די דאָזיקע קאַריקאַטור פֿון אידנטום איז אינגאַנצן אַ פּראָדוקט פֿון פּאָולוסעס לערע. עס איז אַלץ וואָס ער האָט געזאָגט, בלויז די ווערטער זיינען אַביסל אַנדערע. און דאָס, ווייסן מיר דאָך גענוי, איז די הערשנ־דיקע פֿאַרשטעלונג וועגן אידנטום אין דעם גאַנצן גבול פֿון קריסטנטום. פּאָולוס האָט אויף יאָרטויזנטן בלינד געמאַכט די מענטשהייט אויף דעם תוכן און גייסט פֿון אידנטום.

אָבער אין אמתן לעבט דאָך ערשט דאָס קריסטנטום אויף געצאָלטס, און דאָס אידנטום איז אַ פֿרייע טראַנזאַקציע. פֿאַר גלויבן אין יעזוסן, בלויז פֿאַר גלויבן אַליין, קריגט מען גאָטס חסד, תחית המתים און אייביקע עולם הבא — קיין אַנדער אמונה באַט ניט אָן אַזאַ ווילדע מציאה. און פֿאַר ניט גלויבן גיט קריסטנטום זייער ביטערע שטראָף.

און דאָס אידנטום? דווקא דאָס אידנטום זאָגט אָן: זאָלסט ניט דינען גאָט ווי יענער דינער וואָס טוט עס פֿאַר געצאָלט וכו'. און ווייטער ווערט געזאָגט: שכר מצווה מצווה, דער שכר פֿון אַ מצווה איז די מצווה אַליין. און ווייטער: טאָמער וועסטו זאָגן איך לערן תורה כדי איך זאָל ווערן רייך, כדי מ'זאָל מיך רופֿן רבי, כדי איך זאָל קריגן שכר לעולם הבא, שטייט געשריבן „לאהבה" (דברים, יא, כג), אַלץ וואָס איר טוט זאָל נאָר זיין פֿון ליבשאַפֿט. און דער מדרש זאָגט (מד"ר שיר

השירים ח׳ ז׳): אָמר הקב״ה, גאָט האָט געזאָגט, ווען עס זאָלן קומען אַלע פעלקער און געבן די אידן זייער גאַנץ זילבער און גאָלד זיי זאָלן זיי אָוועקגעבן איין וואָרט פון דער תורה וועלן זיי ניט געבן.

דריי קרוינען זיינען דאָ — האָבן אונדזערע חכמים געלערנט — די קרוין פון תורה, די קרוין פון מלכות און די קרוין פון כהונה. די גרעסטע פון זיי איז די קרוין פון תורה.

6

## „פאַרשאָלטן דער מענטש!"

אין זיין בוך וועגן פּאָולוסן, אַזוי ווי אין זיין בוך וועגן נוצרי, איז שלום אַש געטריי נאָכגעגאַנגען די קריסטלעכע ביבל. די קריסטלעכע ביבל שילדערט אין קורצע שטריכן, און שלום אַש צעפּלייצט אין גאַנצע שטראָמען, ווי אַזוי פּאָולוס האָט געוואַנדערט פון לאַנד צו לאַנד אין דער דעמאָלטיקער, פון רוים באַהערשטער העלעניזירטער וועלט, וואו עס זיינען אויך געווען אידישע ישובים. אַ סך אידן זיינען געווען האַלב אַסימילירטע.

זיין ציל איז געווען — די גוים, אַזוי ווי עס זאָגט זיין נאָמען: דער אַפּאָסטאָל צו די גוים. אָבער ווען ער פלעגט קומען אין אַ שטאָט, פלעגט ער די ערשטע זאַך זיך אָוועקלאָזן צו די אידן. ער פלעגט קומען אין שול און דאָ זיך אויסבעטן אַ דרשה שבת צום דאַווענען. אַן אורח פון ירושלים — נאָך בעסער: אַ שליח פון ירושלים — פלעגט מען אים גערן דערלויבן, ווייל אידן זיינען געווען נייגעריק צו הערן אַ וואָרט תורה, דערצו נאָך נייעס פון דער הייליקער שטאָט.

אָבער דער מיסיאָנערסקער נוסח איז שוין דעמאָלט געווען איינגעשטעלט: מען הויבט אָן ריידן ווי אַ איד און מען פאַרקריכט באַלד ווי אַ קריסט. פּאָולוס פלעגט אויסנוצן דאָס הכנסת אורחים פון די שולן צו פריידיקן זיין דרשה, אַז משיח איז שוין געקומען, די תורה און אירע געבאָטן זיינען שוין אויס, און אַז באַלד וועט דער משיח אַראָפּקומען נאָכאַמאָל צו מאַכן אַ סוף צו דער זינדיקער וועלט, און נאָר די וואָס נעמען אָן דעם גלויבן אין קריסטוסן — מ׳דאַרף מער גאָרניט ווי גלויבן — וועט ער אַרויפנעמען מיט זיך אין הימל אַריין, אַלע אַנדערע וועלן אונטערגיין אויף אייביק.

דערציילט אונדז שלום אַש, אַז אין אַ סך ערטער האָבן די אידן אין די שולן געהערט, און האָבן זיך באַלד איבערגעשמדט. אין אַנדערע ערטער האָבן די אידן געמאַכט סקאַנדאַלן און אַפילו אויפגערודערט די

גויים צו פּאַגראָמען אויף פּאָולוסן און זיינע באַגלייטער. אַזוי דער־ציילט די קריסטלעכע ביבל, און אַזוי דערציילט אויך שלום אַש.

ביי דידאַקטיקע אַלע געלעגנהייטן דערציילט אונדז שלום אַש, אַז פּאָולוס, אין זיינע דרשות, פלעגט באַווייזן פון די נביאים. ער דער־ציילט אונדז אָבער אין ערגעץ ניט וועלכע קאַפּיטלען פון די נביאים, אָדער וועלכע פסוקים, פּאָולוס האָט געניצט פאַר זיינע ראיהס.

מ׳קען זיך גרינג משער זיין, אַז זיינע דרשות האָבן אַרויסגערופן וויכוחים אין די שולן. אידן האָבן דאָך ניט גלאַט צוגעבאָמקעט: גע־הערט און שוין זיך געשמדט. איבערהויפּט אין יענע שולן, וואו עס זיינען געשען סקאַנדאַלן מיט געשלעגן, האָבן די וויכוחים געמוזט זיין גאָר הייס: מען האָט זיך דאָך ניט געוואָרפן שלאָגן פון דער העלער הויט. עס זיינען אוודאי געווען אידן וואָס האָבן געקענט לערנען און זיי האָבן געוויס געפּרואווט ענטפערן פּאָולוסן, פאַרטיידיקן די תורה און אָפּפרעגן זיינע אויסטייטשונגען פון די נביאים.

וואָס האָט פּאָולוס זיי געזאָגט, און וואָס האָבן זיי אים אָפּגעפרעגט?

אָט דאָס וואָלט אינטערעסאַנט געווען צו הערן! אין תוך גערעדט, איז דאָך דאָס געווען די אמתע טעמע אַשס. סוף כל סוף איז עס גע־ווען אַ נייע אמונה וואָס איז געקומען פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון צוויי אַלטע: פון אידישקייט פון איין זייט, און היידנטום פון דער אַנדערער זייט. אַזוי ווי עס זאָגט אַ פסוק ביי פּאָולוסן:

„מיר מאַכן די קלאָגע צו ביידן, די אידן און די גריכן, אַז אַלע זיינען זיי אונטער דער מאַכט פון זינד" (רוימער 3, 12-9).

איז עס פריער פון אַלץ געווען אַ קאַמף פון אידייען, אַ ראַנגלעריי צווישן וועלט־אַנשויאונגען. וואָלט שלום אַש געדאַרפט געווען ברענגען פאַר זיינע לעזער דעם דריי־זייטיקן אידייען־געראַנגל.

דאָס האָט ער געפּרואווט טאָן מיט פּאָולוסן אין אַטען און אין רוים. ער שילדערט פאַר אונדז ווי אַזוי אין אַטען, אין דער אַלטער גריכישער הויפּטשטאָט, האָט פּאָולוס זיך מתווכח געווען מיט גריכישע פילאָזאָפן, און ווי אַזוי אין רוים האָט ער געפירט אַ וויכוח מיטן רוימישן סטאָישן דענקער, סענעקאַ. מיט וועלכע רעזולטאַטן?

פּיינלעכע. ס׳איז אַ רחמנות צו זען ווי שלום אַש וויל אויס־קוועטשן פון זיך אַ קענער פון אַנטיקער פילאָזאָפיע. ס׳איז אונטער־גימ־נאַזיסטיש.

נאָר דאַרט אַרט מיך ניט. מיך אַרט פאַר די נביאים: וואָס האָט פּאָולוס געברייעט פון די נביאים, און וואָס האָבן אים אידן אָפּגע־ענטפערט?

שלום אַש פאַרשווייגט עס. ער מאַכט עס אויף שטום לשון. ער

זאָגט סתם „באַוויזן פון די נביאים", אָן וואו, וואָס, ווען. און קיין וואָרט ניט פון אידישע קעגן־טענות.

אַזוי ווי אין דעם „מאַן פון נצרת".

וואָס פאַרא וואונדערלעכע געלעגנהייט שלום אַש האָט דאָ דורכגעלאָזט! אַ דאָפּלטע געלעגנהייט. ערשטנס, אויסצוגלייכן איינע פון די זינדיקסטע פאַרקרימונגען אין דער געשיכטע פון מענטשלעכן געדאַנק, אפשר די איינציקע פון איר מין: די קריסטלעכע טבע צו נעמען די אידישע תורה און זי אויסנוצן קעגן איר אַליין, מיט דער תורה גופא אומוואַרפן די תורה! און דעם גאַנצן תנ"ך טייטשן זיי אויס קעגן אונדז. אונדזער תנ"ך האָבן זיי פאַרוואַנדלט אין אַ כלי־זיין קעגן אונדז!...

צווייטנס, ווי איך האָב שוין ניט איינמאָל אָנגעוויזן, האָט שלום אַש געהאַט די געלעגנהייט אַרויסצושטעלן דעם אמתן אידישן שטאַנדפּונקט לגבי קריסטנטום. אין די קריסטלעכע ספרים, אָנהויבנדיק מיטן „ברית חדשה", איז דער אידישער שטאַנדפּונקט אין ערגעץ ניט פאַרגעשטעלט. דאָרט איז מען לגבי אידן מיט פאָראורטייל. און די עם הארצות איז אין לשער.

ער האָט געהאַט די געלעגנהייט, נאָר ניט געהאַט די זכיה...

לאָמיר נעמען אַ פּאָר משלים. למשל, פּאָולוסעס טענה, אַז די מצוות פון דער תורה זיינען בטל געוואָרן, און מיט ישוש קומען איז מען רעכטפאַרטיק געוואָרן מיט גלויבן אַליין. פּאָולוס שטיצט זיך אויף דעם פסוק אין חומש (בראשית, ט"ו, ו'): און אַברהם האָט געגלויבט אין גאָט און ס'איז אים פאַררעכנט געוואָרן פאַר אַ רעכטפאַרטיקונג („צדקה").

אָבער געוויס האָט זיך געמוזט אָפּזוכן אַ איד, וואָס האָט פּאָולוסן געקענט אָנווייזן אַביסל וויטער אין דערזעלבער סדרה, וואו עס שטייט:

„און עס וועלן זיך בענטשן מיט דיינע קינדער אַלע פעלקער פון דער ערד דערפאַר וואָס אברהם האָט געהערט מיין קול און ער האָט געהיט מיין היטונג, מיינע מצוות, מיינע געזעצן, און מיין תורה" (בראשית י"ז, יא־יב): ניט נאַקעטער גלויבן אַליין!

דאָס שטייט אין אָנהויב פון דער תורה. צום סוף פון דער תורה, אין ספר דברים (ו, כ"ה), שטייט: „און אַ רעכטפאַרטיקונג וועט זיין פאַר אונדז, ווען מיר וועלן אָפּהיטן צו טאָן דעמדאָזיקן גאַנצן געבאָט". דאָ אַזוי ווי דאָרט ווערט גענוצט דאָס וואָרט „צדקה".

וואָס האָט פּאָולוס געהאַט דערויף צו ענטפערן?

נאָך אַ משל. פּאָולוס טענהט, אַז די תורה איז געגעבן געוואָרן צו גילטן נאָר אויף אַ צייט, ביז ישוש קומען. אָבער אין דער הייליקער שריפט איז געזאָגט: די ווערטער פון דערדאָזיקער תורה וועלן (זאָלן) זיך ניט אָפּטאָן פון דיין מויל און פון דעם מויל פון דיינע קינדער און

קינדסקינדער אויף אייביק (ישעיה נט, כא). „ואני זאת בריתי אותם אמר ה׳״, און דאָס איז גאָטס בונד מיט ישׂראל, שטייט דאָרט.

וויפיל מאָל ווערט אין דער תורה אָנגעזאָגט: „אות היא לעולם״, „חוקת עולם היא לכם״, „לדורותיכם חוקת עולם״, — אייביק, אייביק, אויף אייביק! קלינגט עס פון ברעג צו ברעג אין דער תורה און אין די נביאים. ווי אַזוי, דורך וועלכער מוח־אַקראָבאַטיק, האָט מען עס גע־קענט איבערברעכן אויף צייטווייליק?

„פון די נביאים האָט ער באַוויזן״ — דידאָזיקע פראַזע גייט ניט אַראָפּ פון די בלעטער פון אַשס „אַפּאָסטאָל״. נעמען מיר דעם לעצטן נביא, זיין לעצטע נבואה, אין אירע לעצטע שורות, מלאכי ג, כב, און זיי זאָגן אָן:

„זכרו תורת משה עבדי!״ — געדענקט משהס תורה! וואָלט איך געקענט מיינען, אפשר אַ „נייע״ תורה? זאָגט דער נביא: „אשר צויתי אותו בחורב״, די וואָס איך האָב אים אָנגעזאָגט אויפן באַרג סיני. אפשר די, וואָס פאַר „איד און גריך״? זאָגט ער: „על כל ישראל״, די תורה, וואָס איך האָב אים אָנגעזאָגט אויף אַלע אידן. וואָלט איך אפשר געקענט מיינען די תורה בלויז „נאָכן גייסט״, אָבער ניט די מצוות און מעשים? זאָגט ער: „חקים ומשפטים״, די דינים און די געזעצן...

און דערמיט שליסט זיך די נבואה אין תנ״ך. זי שליסט זיך מיט אַ שאַלנדיקן געשריי צו היטן און געדענקען און טאָן תורת משה.

קען עס זיין, אַז קיין איינציקער איד האָט אין ערגעץ ניט געשטעלט פּאָולוסן די פראַגע, ווי אַזוי ער באַווייזט פון די נביאים דאָס, וואָס איז קעגן די נביאים?

עס וואָלט געקענט זיין אַן אמת גרויס ווערק פון אַ אידישן שריי־בער וועגן דעם גייסטרייכסטן פון די באַגריינדער פון קריסטנטום און זיין „שליח צו די גויים״, ווען אַזאַ שרייבער וואָלט קעגנגעשטעלט דאָס אידנטום קעגן זיין ווידערשפּעניקדיקן זון, זיין בן סורר ומורה. אָבער שלום אַש האָט ניט אַזוי געטאָן. ער האָט פאַרשוויגן דאָס אידנטום, וועלכן ער האָט רעכט גאָר קיינמאָל ניט געקענט. ער האָט זיך געבויגן פאַרן קריסטנטום. ער האָט געשריבן זיין ווערק ווי אַ גוי וואָלט גע־שריבן. ער האָט אַפילו דירעקט פאַרפעלשט דאָס אידנטום.

עס איז שוין פריער געזאָגט געוואָרן, אַז אפשר דעם סאַמע שפּיץ פון זיין נוולה האָט שלום אַש דערגרייכט אין קאַפּיטל צען פון דריטן טייל, דאָס קאַפּיטל מיטן נאָמען: „מיט אידן אַ איד״. דאָרט ווערט גערעדט וועגן פּאָולוסעס: „אַ בריוו צו די אידן״. אין יענעם „בריוו״ קנעלט פּאָולוס מיט די אידן וועגן דעם יסוד, אויף וועלכן ער האָט דאָס קריסטנטום אָנגערופן „ברית חדשה״, נייער בונד, וואָס איז געקו־

מען צו פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון דעם „אַלטן" בונד, וואָס גאָט האָט פאַרשניטן מיטן אידישן פאָלק.

ער ברענגט פון ירמיהו הנביא: „עס קומען טעג, זאָגט גאָט, און איך וועל פאַרשניידן מיטן הויז פון ישראל און מיטן הויז פון יהודה אַ נייעם ברית. ניט ווי דער ברית, וואָס איך האָב פאַרשניטן מיט זייערע עלטערן אין דעם טאָג ווען איך האָב זיי אָנגענומען פאַר דער האַנט אַרויסצוציען זיי פון לאַנד מצרים... נייערט דערדאָזיקער ברית וואָס איך וועל פאַרשניידן מיטן הויז ישראל נאָך יענע טעג, זאָגט גאָט, וועל איך געבן מיין תורה אינעווייניק אין זיי און אויף זייער האַרץ וועל איך זי פאַרשרייבן" (ירמיהו לא, לא־לג).

ברענגט פּאָולוס דידאָזיקע רייד און פרעגט: צו וואָס וואָלט מען געדאַרפט אַ נייעם ברית, ווען דער אַלטער וואָלט געבליבן גילטיק?

און מיט דערדאָזיקער תמעוואַטער פאָרמולע האָט ער צעשפּאָלטן די וועלט אין אַן „אַלטן ברית" און אין אַ „ברית חדשה", אין אַן „אַלטן טעסטאַמענט" און אַ „נייעם טעסטאַמענט", אין דעם תנ"ך און דער עוואַנגעליע, להבדיל.

ס'איז קלאָר וואָס ירמיהו הנביא האָט געמיינט צו זאָגן. ער האָט ניט געמיינט קיין אַנטיטעז פון אַלט און ניי. דער אַנטיטעז איז צווישן „אויף דער האַנט" און „אויף זייער האַרץ". ביז איצט, זאָגט דער נביא, איז די תורה ניט געגאַנגען ווייטער פון דער האַנט, אָבער אין יענע טעג וועט זי אַריינגיין אינעווייניק אין זיי, און וועט אויסגעקריצט ווערן אויפן האַרצן.

אין דער תורה ווערט דער ברית אָנגערופן: „ברית עולם", אַן אייביקער ברית. און ווי האָט דער נביא געקענט מיינען אַ נייעם ברית אַנשטאָט דעם אייביקן, און בלייבן אַ נביא ביי אידן?

דידאָזיקע נבואה פון ירמיהו קלינגט זיך צונויף מיט דער נבואה פון ישעיה, וועלכער האָט געזאָגט:

„וואָרום אָט באַשאַף איך אַ נייעם הימל און אַ נייע ערד" (ישעיה סה, יז), און ס'איז כלל קיין סתירה ניט צום זאָג פון קהלת (א, ד):

„והארץ לעולם עומדת", און די ערד באַשטייט אויף אייביק.

און מיר גייען צו ירמיהו אַליין צו באַשטעטיקן ווייטער זיין געדאַנק, מיר לערנען פון ירמיהו אויף ירמיהו. אין אַן אַנדער אָרט זאָגט ער:

„און דו זאָלסט זאָגן צו זיי, אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער גאָט פון ישראל: פאַרשאָלטן דער מענטש, וואָס וועט ניט הערן די רייד פון דעמדאָזיקן ברית, וואָס איך האָב אָנגעזאָגט אייערע עלטערן אין דעם טאָג ווען איך האָב זיי אַרויסגעצויגן פון דעם לאַנד מצרים" (יא, ג, ד).

ניט פון צוויי בירת'ן, נאָר פון איינעם רעדט קלאָר ירמיהו!

פאָולוס שפּרייזט אַריבער די אַלע זאַכן, און שלום אַש שפּרייזט אים נאָך, און טרעט מיט די פיס די גרעסטע אידישע הייליקטימער.

באַרעכנט גוט: אין דעמדאָזיקן „בריוו צו די אידן", געשיקט צו די קריסטלעכע אידן אין ארץ ישראל, רופט ער זיי צו גיין פעסט אין דעם גלויבן פון ישו; ער רעדט דאָ פון דער כהונה פון דעם נוצרי, וואָס איז געקומען פאַרבייטן די כהונה פון אהרן און פון די לוויים, אַלס די העכערע; דאָ שטעלט ער אַוועק דעם נוצרי איבער משה רבינו, און די לערע פון דעם נוצרי איבער תורת משה. דער דאָזיקער בריוו גייט להיפוך דעם גאַנצן און טיפסטן זין פון אידנטום.

קלערער ווי אומעדום טרעט דאָ אַרויס פאָולוסעס פאַנאַטישער רצון עוקר מן השורש צו זיין די אידישע תורה, ווען ער שרייבט: „מיט דעם וואָס ער זאָגט ברית חדשה, אַ נייעם בונד, האָט ער דעם ערשטן אַלט געמאַכט, און דאָס וואָס ווערט אַלט און פאַרוועלקט, טוט באַלד פאַר־שווינדן" („בריוו צו די אידן" 8, 13).

דער זין פון אידנטום איז קלאָר און דייטלעך פאַרמולירט גע־וואָרן, אַפילו פאַרן גרעסטן עם הארץ גרינג צו לייענען און פאַר־שטיין, דורך דעם רמב"ם, וועלכער שרייבט:

„לפיכך — דאַריבער, אויב ס'וועט אויפשטיין איינער סיי פון די אומות סיי פון ישראל און ער וועט באַווייזן צייכנס און וואונדער און ער וועט זאָגן, אַז גאָט האָט אים געשיקט מוסיף צו זיין אָדער אַראָפּצונעמען אַ מצווה, אָדער אויסצוטייטשן אַ מצווה פון די מצוות ניט ווי מיר האָבן געהערט פון משהן; אָדער איינער וואָס האָט גע־זאָגט, אַז די דאָזיקע מצוות וואָס די אידן זיינען אָנגעזאָגט געוואָרן אין זיי זיינען ניט אויף אייביק און אויף דור דורות, נאָר זיי זיינען געווען צייטווייליקע מצוות, איז דערדאָזיקער אַ פאַלשער נביא, וואָרום ער איז געקומען אָפּצולייקענען די נבואה פון משהן" (הלכות יסודי תורה פ"ט א).

דאָסדאָזיקע איז פסק להלכה. הינטער דעמדאָזיקן שטייט די תורה און די חכמה פון אַלע אידישע דורות, פון פאַר דעם רמב"ם און פון נאָך אים. אין ליכט פון דער דאָזיקער הלכה איז פאָולוסעס „בריוו צו די אידן" די העכסטע לעסטערונג פון אידנטום.

נאָר שלום אַש פסקנט אַנדערש.

אויף דעמדאָזיקן „בריוו צו די אידן" שרייבט שלום אַש:

„דער טאָן פון דעם בריוו איז אידיש. ער האָט געקענט זיין גע־שריבן פון אַ פרומען אידן, וואָס האָט קיינמאָל, אין קיין שום פרט, ניט אָפּגעטראָטן פון די עיקרים פון דער טראַדיציאָנעלער אמונה".

וואָס איז דאָ צו זאָגן לגבי אַזאַ שענדונג און פאַרפעלשונג?

און מיט דער פסיכאָלאָגיע וואָס ער קען גוט פון יענקל שאַבשאָ־וויטשעס הייזל, וואו די טמאים זוכן מטמא צו זיין די טהורים, גייט ער נאָך ווייטער און זאָגט, אַז אין זיין „בריוו צו די אידן" גיט פּאָולוס אַרויס נאָר דאָס, וואָס ער האָט געלערנט אַלס תלמיד ביי רבן גמליאל!

און ווי אַ לעצטן סך הכל זאָגט ער דאָרט ווייטער, אַז אין אַלע זיינע געדאַנקען און טייטשן פון די הייליקע שריפטן, איז פּאָולוס ניט אָפּגעטראָטן פון דעם טראַדיציאָנעלן טייטש פון די פּרושים...

וועגן די אַלע פאַרפעלשונגען און גניבת דעתן, די אַלע שענ־דונגען און לעסטערונגען אויף דער תורה און אירע טרעגער און היטער, וועגן די אַלע נייע שטרויכלונגען וואָס ער האָט געלייגט צו די פיס פון אומשולדיקע אידישע קינדער, זיי אַראָפּצופירן פון אידישן וועג, וועגן דעם אַלעמען וואָס זאָל מען זאָגן?

וואָס זאָל מען זאָגן, ווען דער נביא האָט שוין געזאָגט: אָרור האיש, פאַרשאָלטן דער מענטש!...*)

---

*) איידער מיר גייען אַוועק פון דעמדאָזיקן ווערק מוז דערמאָנט ווערן נאָך אַ פסלנות. אין „פּאולוס" האָט שלום אַש געטומען דעם אַפּאָסטאָל פּעטרוס און האָט אים אַריינגעשטעלט אין אונדזער שבתדיקן און יום־טובדיקן דאַוונען.

עס האָט צו טאָן מיט דער תפלה „נשמת כל חי". אין מיטלאַלטער האָט זיך געהאַט פאַרשפּרייט אַ לעגענדע, אַז דידאָזיקע הערלעכע תפלה איז פאַרפאַסט געוואָרן פון פּעטרוסן. די לעגענדע האָט געקראָגן אַזאַ פעסטן אָנהאַלט, אַז זי ווערט אַפילו דערמאָנט ביי אייניקע אידן פון יענער צייט. נאָר רש"י הקדוש איז אַרויסגעטראָטן מיט גרויס ביטערקייט קעגן אַזאַ אַנשויאונג. אין מחזור ויטרי שרייבט ער:

„חס ושלום אַז אַזעלכס זאָל זיין ביי אידן. און יעדער איינער וואָס זאָגט דידאָזיקע זאַך, ווען דער בית המקדש וועט אויסגעבויט ווערן זאָל ער ברענגען אַ קרבן חטאת".

די העפטיקייט פון רש"יס לשון ווייזט ווי דערווידער די זאַך איז צו אידן.

אָבער שלום אַש האָט זיך ניט געפוילט, און ווי אַן איבעריקן צו להכעיס האָט ער אויסגעגראָבן דידאָזיקע טויטע לעגענדע, צו געבן איר נייע פאַרשפּרייטונג צווישן די אומוויסנדיקע און די לעסטערנדיקע.

און צי וואָלט אַ קרבן גאָר נאָך אָנגענומען געוואָרן פון שלום אַשן? „ישראל שהוא מומר לעבודה זרה — זאָגט דער דין — אין מקבלין ממנו קרבן כלל": אַ איד וואָס איז אַרויס צו עבודה זרה, נעמט מען פון אים קיין שום קרבן ניט אָן. „אפילו העולה שמקבלין אותה מן העכו"ם אין מקבלין אותה מן המומר": אפילו אַ קרבן עולה וואָס מנעמט אָן פון אַ גוי, נעמט מען ניט אָן פון אַ מומר (רמב"ם, מעשה הקרבנות, פרק ג ד).

פון גלח און פויפּסט וואָלט מען אָנגענומען אַ קרבן אין בית המקדש, פון שלום אַשן ניט...

# „מערי״

1

געווען אַ באַרימטער איטאַליענישער שרייבער, דזשיאָוואַני פּאַפּיני, אַ פרומער קריסט, און ער האָט אָנגעשריבן אַ לעבנס־געשיכטע פון ישון, זיין גאָט. און דאָרט באַקלאָגט ער זיך אויף די ביכער וועגן ישון, וואָס ווערן געשריבן פאַר פרומע קריסטן. אַלע אַזעלכע ביכער, שרייבט ער, שמעקן מיט אַ פוילער טוכלעקייט, עס טראָגט זיך פון זיי דער טשאַד פון אַן אויסגעבערענטן לאָמפּן־קנויט, דער ריח פון אויסגעוועפּטן וויירויך, און זייער טעם איז ווי אַ קאַליע־געוואָרענע אויל, וואָס קלעפּט זיך אין האַלדז. מ׳וואַרפט זיי אַוועק נאָכן ערשטן בלעטל, זאָגט ער.

דער דאָזיקער פּאַפּיני, ווען ער וואָלט נאָך דערלעבט און געלייענט שלום אַשס דריט בוך אויף דער קריסטלעכער טעמע, „מערי״, וואָלט ער אויסגערופן: זע, אַ נייס!...

„מערי״ איז באמת ניי, אין טויזנט פּרטים ניי. עס איז פול מיט נייע ריחות און טשאַדן פאַר קריסטלעכע נעזער, מיט גאָר נייע טעמים פאַר קריסטלעכע העלדזער, מיט בליץ־נייע שענדונגען פון אידנטום, מיט שפּאָגל־נייע, נאָך קיינמאָל פריער אויסגעטראַכטע חרפּות און בזיונות, זלזולים און בלבולים אויף אידישע קעפּ, און נייע עגמת־נפשן פאַר אידישע הערצער.

עס מוז געזאָגט ווערן מיטן פולן מויל, אַז אַזאַ לעבנס־געשיכטע פון דעם קריסטלעכן משיח־גאָט און זיין מאַמע איז נאָך ניט געשריבן געוואָרן. קיין קריסטלעכער ראָמאַניסט, אָדער היסטאָריקער, אָדער טעאָלאָג, האָט ניט אַזוי געטראָמפּלט אויף אידישע יסודות ווי דאָס טוט שלום אַש אין דעם דאָזיקן ווערק. זיי האָבן גאָרנישט געוואוסט אַזוי ווי ער פון אַזעלכע צאַרטע ערטער אין דער אידישער נשמה, אויף צוצוקומען אַהין אונדז ווייַ צו טאָן. ער האָט פאַרן קריסטנטום נייע וואונדער אויפגעדעקט, נייע לאַנדשאַפטן פון דער מלכות פון אידנטום אָפּגעריסן און מיט שיכורער פאַרשווענדערישקייט זיי צוגעוואָרפן די

גויים. ער האָט געפונען גאָר נייע איינפאַלן צו הויבן קריסטנטום אויפן חשבון פון אידנטום, המצאות און המצאהלעך, שפיצלעך און קונצן צו פאַרמיאוסן און פאַרהאַסט מאַכן אידישקייט, און מיט אידישקייט אויך אידן. די גויים אַליין האָבן קיינמאָל אַזעלכס ניט געוואָגט. זיי האָבן גאָר די השגה ניט געהאַט, און ניט די העזה געהאַט אויף אַזעלכע שמד־שטיק פון אַזאַ צלם־קאָפּ. אַש האָט פאַר זיי געעפנט נייע פּער־ספּעקטיוון, נייע צוגאַנגען. ער האָט זיי געבראַכט אַזוי פיל נייע גע־דאַכטענישן, מיט נייע קריסטלעכע ניסים ונפלאות, און אַזוי פיל נייע אַנטי־אידישקייטן, אַז דאָס ווערק האָט דעם פאַרנעם און דעם כוח צו ווערן אַ נייע עוואַנגעליע, אַ פינפטע צו די פיר „גאָספּעלס".

און ועל כולם דאַרף צוגעגעבן ווערן: נייע עם־הארצותן, גאָר־גאָר אויסטערלישע גראָביונגישקייטן אין לערנען, ממש אין הומאָ־ריסטישע זשורנאַלן צו פּובליקירן...

און אַלץ פאַר דער „גרעסערער גלאָריע" פון קריסטנטום, און פאַר אידן — צו שאָדן און סכנה.

עס איז ניט מער צו דעבאַטירן מיט שלום אַשן וועגן דעם ענין.

אין זיין „מערי" האָט ער שוין דערגרייכט יענע פּסיכאָלאָגיע פון דעם משומד, פון וועלכער אידן ווייסן אַזוי פיל מיאוסע און טרויעריקע זאַכן צו דערציילן. עס ווערט דערציילט פון אַ משומד אין אַ שטעטל, וואָס האָט אָנגעטאָן אַ טלית קטן און תפילין אויף אַ הונט און האָט אים אַרויסגעלאָזט איבער די אידישע גאַסן. אין שאַוול איז געווען אַ משומד, וואָס ווי נאָר דער רב פון שטאָט פלעגט זיך ווייזן אין גאַס, אַזוי פלעגט דער געשמדטער אויסוואַקסן נעבן אים, אַרויסשלעפּן פון קעשענע אַ שטיק דיקע חזיר, דעם פויערישן „סאַלאָ", און עס נעמען עסן דעם רב אין פּנים אַריין. אין אַ שטעטל האָט אַ מיידל זיך געשמדט און חתונה געהאַט מיטן גויאישן קצב. אין יענעם שטעטל האָט געלעבט אַ גוטער איד און אַ סך חסידים פלעגן קומען צו אים אויף ימים נוראים. פלעגט אַ גרויסער עולם דאַווענען אינדרויסן אַרום קלויז, און יעדן יום כפור צו כל נדרי פלעגט די משומדתטע נעמען אַ טשע־רעדע חזירים און זיי טרייבן פאַרביי דעם רבינס קלויז און רייצן אויף זיי די הינט, און אַזוי אַרומרינגלען די אידישע תפילות מיט הינ־טישער און חזירישער מהומה...

צו דער דאָזיקער מדרגה פון ניט־גוטע צו־להכעיסן איז שוין שלום אַש דערגאַנגען אין זיין „מערי".

שלום אַש האָט זיך דערלויבט וואָס אַפילו די קריסטן האָבן זיך ניט דערלויבט. דאָס קריסטנטום האָט בטל געמאַכט אונדזער תורה, האָט צוגענומען פאַר זיך אונדזערע נביאים, האָט „משיחן" צוגענומען

פאַר זיך, נאָר אונדזערע אָבות און אונדזערע אמהות האָבן זיי אונדז איבערגעלאָזט.

„צו זיי געהערן די אָבות", האָט געזאָגט פאָולוס (רוימער 9, 5). און נאָכאַמאָל: „לויט דער בחירה זיינען זיי העכסט באַליבט פון די אָבות וועגן" (דאָרט 11, 27).

אברהם, יצחק און יעקב זיינען ביי די קריסטן אויך געבליבן אידן. שרה, רבקה, רחל און לאה האָבן זיי ניט אַריבערגעפירט צו זיך אין קריסטלעכן הימל אַריין. זיי מאַכן ניט פון זיי קיין איקאָנעס. זיי ברענען ניט צו זיי קיין ליכט. זיי ריכטן ניט צו זיי קיין תפילות.

מיט זיין ווי געוויינלעך צעדרייטער לאָגיק האָט פאָולוס צעטיילט אברהם אָבינו אין צוויי אברהמס: איינער, איידער ער איז געווען גע־מלט, דער אַנדערער — נאָכן געמלט ווערן. און פאַרן קריסטנטום האָט ער גענומען דעם אברהם „בשעת ער איז געווען ניט געמלט, כדי ער זאָל זיין דער פאָטער פון אַלע ניט־געמלטע, וואָס גלויבן" (רוימער 4, 11). אַזוי אַרום האָט פאָולוס געמאַכט די קריסטן פאַר די יורשים פון דעם אור־אברהם, אברהמס קינדער „אין גייסט", און מיר אידן זיינען נעבעך געבליבן אברהמס קינדער נאָר „אין דעם פלייש". אַ טרוקענע שטיקל פלפוליסטיק, ניט מער. קיין אַקטיווע ראָלע אין בייברענגען דאָס קריסטנטום איז אין דער עוואַנגעליע ניט געגעבן געוואָרן צו אברהם, יצחק און יעקב.

ביז ס'איז געקומען שלום אַש און האָט דערקלערט די אָבות און די אמהות פאַר די סאַמע ערשטע קריסטן!

און געמאַכט האָט ער עס אַזוי:

אין דער עוואַנגעליע שטייט געשריבן, אַז אין דער נאַכט ווען ישו איז געבאָרן געוואָרן אין בית לחם, האָבן עטלעכע פאַסטעכער געפּאַשעט זייערע טשערעדעס ניט ווייט פון דער שטאָט. פּלוצלינג האָט זיך אַ מלאך פון הימל באַוויזן צו זיי, און זיי געזאָגט, אַז אין בית לחם איז נאָר־וואָס געבאָרן געוואָרן משיח דער האַר פון דער וועלט, און ווי אַ סימן אַז ער זאָגט זיי אַן אמת, האָט ער זיי געזאָגט, אַז זיי וועלן געפינען דאָס קינד אין אַ שטאַל, אין אַ קאָרעטע. די פאַסטעכער זיינען שנעל אַוועק זוכן, און זיי האָבן געפונען אַזוי ווי דער מלאך האָט זיי געזאָגט.

דאָס און ווייטער גאָרנישט ווערט דערציילט אין דער עוואַנגע־ליע. קיינער ווערט דאָרט נישט אָנגעדייט מיט קיין פינגער.

קומט שלום אַש און איז קליגער און פרימער פון דער עוואַנ־געליע אַליין. ער איז מוסיף אַ גאַנצע סצענע פון זיך, פון דער איי־גענער פאַנטאַזיע. ער מאָלט אויף אַ סצענע מיט דריי פאַסטעכער, באַ־

זונדער פון יענע פּאַסטעכער, פון וועלכע די עוואַנגעליע דערציילט. יענע פּאַסטעכער זיינען געקומען שוין נאָך דער געבורט פון דעם קינד, און זייער צאָל איז עטלעכע; אַשס דריי פּאַסטעכער קומען נאָך פּאַר דער געבורט. זיי זיינען דאָ אין דעם שטאָל נאָך איידער מערי און איר מאַן יוסף קומען אָן אַהין. און ווען דאָס פּאָרפּאָלק קומט אַריין, זיינען די פּאַסטעכער דאָרט דאָ זיי מקבל פּנים צו זיין, זיך פאַרנויגען פאַר זיי און זיי באַגריסן.

די דריי פּאַסטעכער זיינען דריי אויסטערלישע, מעכטיק איינ־דרוקספולע פּאַרשוינען. זיי ווערן ניט אָנגערופן מיט די נעמען, נאָר ס'איז קלאָר, אַז דאָס זיינען אברהם, יצחק און יעקב. ביים „צווייטן" איז אַפילו אַ בינטל האָלץ צוגעבונדן אויף זיין פּלייצע — יצחק מיטן סימבאָל פון דער עקדה. אַ העל ליכט ווערט געוואָרפן אויף זייער פּערזענלעכקייט ווען מערי, נאָכדעם ווי די דריי פּאַסטעכער גייען אַרויס, מאַכט די באַמערקונג:

„ס'איז אַ גוטער סימן. פּאַסטעכער זיינען געקומען בענטשן מיין קינד. די אָבות זיינען געווען פּאַסטעכער" . . .

אברהם, יצחק און יעקב זיינען די ערשטע געקומען באַגריסן דאָס קריסטוס־קינד און זיך בוקן פאַר אים, לויט אַשס אייגענעם נוסח. און מתנות פון אויל און ווירויך האָבן זיי אים געבראַכט, סימבאָלישע מתנות: אויל פאַר זאַלבונג, ווירויך פאַר פאַרגעטערונג . . .

די ערשטע דריי קריסטן אויף דער וועלט — אברהם, יצחק און יעקב!

און די ערשטע קריסטלעכע פרוי אויף דער וועלט איז ביי אַשן געווען די מאַמע רחל.

די מאַמע רחל, די אומגליקלעכסטע פון די פיר אמהות, וועלכע איז אין אַ גאַנץ באַזונדער זין געוואָרן די באַליבטע מאַמע פון אידישן פאָלק: רחל מבכה על בניה, רחל וויינט אויף אירע קינדער.

זי האָט אַש אָפּגעשמדט נאָך פריער פון אברהם, יצחק און יעקבן. זי דערשיינט אין זיין „מערי" גאַנץ פרי, נאָך איידער אַלץ. זי שטייט ביי אים אויף פון קבר און באַגלייט ישוס מאַמע, מרימן, פון אָנהייב „שידוך" ביזן סוף. רחל גיט מרימען די ערשטע אָנונגען, אַז זי דאַרף ווערן גאָטס ווייב, זי איז די שדכנטע, זי איז די אונטערפירערקע, זי איז די באַלייגערין, זי איז כמעט די אקושערין, ביז לסוף קרוינט זי מרימען פאַר דער „מוטער פון ישראל" . . .

אַראָפּגענומען די קרוינען פון שרה, רבקה, רחל ולאה און זיי אָנגעטאָן אויף מערי.

קיינמאָל האָט מען זיך אין קריסטנטום ניט דערלויבט וואָס שלום אַש האָט זיך דערלויבט.

פרימער פון דעם פויפּסט, כיטרער פון דעם יעזואיט, גרויזאַמער פון דעם אינקוויזיטאָר!

ווי לייכטזיניק, ווי שייגאַציש דער מענטש האָט זיך אַ שפּיל געטאָן מיט די צאַרטסטע געפילן פון אידישן פאָלק און זיינע הייליקסטע טראַדיציעס!

נון, ווען מ'רעדט צו אידן דאַרף מען זיי דאָך ניט ערשט דער־קלערן וואָס די טראַדיציע פון די אָבות מיינט אין לעבן פון אידישן פאָלק. עס מיינט אַלץ, און זאָגן עפּעס דערפון, ווער איז בכוח? אברהם אָבינו איז אין די אויגן פון דער גאַנצער וועלט, ניט אַליין אין אידישע אויגן, פון אייביק אָן געווען דאָס פאָרבילד פון גאַנצן אידישן פאָלק מיט זיינע מידות פון רחמנות, חסד, הכנסת אורחים, עניוות, צדקה, גוטהאַרציקייט. אונדזערע חכמים האָבן געזאָגט, אַז „ווער עס האָט ניט קיין רחמנות אויף מענטשן, יענער איז ניט פון די קינדער פון אברהם אָבינו". זיין פּנים, זאָגט אַן אגדה, האָט שטענדיק געלויכטן מיט אַזוי פיל ליבשאַפט און רחמים, אַז ווען אַ חולה האָט אויף אים געקוקט, איז ער פונם קוקן אַליין געזונט געוואָרן. אין די געשעענישן אין דעם לעבן פון אברהם אָבינו האָבן אונדזערע חכמים געזען אַ גלייכן צו דער גאַנצער אידישער געשיכטע.

און אַזוי מיט די אַנדערע אָבות, יעדערער לויט זיינע באַזונדערע מידות און זיין באַזונדער אָרט אין די מדרגות פון אידישער אויס־רייכונג צו גאָט און געטלעכקייט, צו דער מדרגה פון חטיבה אחת בעולם, אַן עם סגולה, און אַ ממלכת כהנים וגוי קדוש.

אונדזערע חכמים האָבן געלערנט, אַז די דריי אָבות פון אידישן פאָלק האָבן מתקן געווען די דריי תפילות פון אידישן פאָלק: אברהם — שחרית, יצחק — מנחה, יעקב — מעריב.

אונדזער רעכט אויף ארץ ישראל באַרוט אויף די געטלעכע הבטחות צו אברהם, יצחק ויעקב.

ווי זאָל עס דען אַלץ אויסגערעכנט און איבערדערציילט ווערן?

אין דער הייליקסטער שעה פון הייליקסטן אידישן טאָג, יום כפור, אין די תפילות פון נעילה, איז אַלץ דיסטילירט אין דעם איין קורצן, כמעט שטומען אויסגעשריי:

„ואין שיור רק התורה הזאת" — עס איז אונדז דאָך גאָרנישט מער געבליבן אויסער אָט די תורה — און „בטוח אני באלה ובזכות שלשת אבות," איך פאַרלאָז זיך נאָר אויף דער תורה און דעם זכות פון די דריי אָבות...

אַלע אידישע תפילות זיינען געשטעלט אויפן זכות פון די אָבות. אידן דערמאָנען קיינמאָל ניט אין זייערע תפילות די מצוות און מעשים טובים וואָס זיי האָבן געטאָן, און וואָס זיי בעטן, בעטן זיי ניט ווי שכר. אידן זיינען זיך נאָר מתוודה אויף זייערע עבירות, און וואָס זיי בעטן, בעטן זיי אין זכות פון אברהם, יצחק ויעקב, צום גאָט פון אברהם, יצחק ויעקב. דריי מאָל אַ טאָג אין שמונה עשרה זאָגט דער איד: גאָט פון אברהם, יצחק און יעקב. שבת־צו־נאַכטס האָבן געזאָגט אונדזערע מאַמעס: גאָט פון אברהם, יצחק און יעקב.

קומט צוגיין שלום אַש און שטעלט זיך אַוועק אין דער פּאָזע פון דעם שטן, מיטן מיצל אויפן קאָפּ, מיטן לאַנגן עק פאַרריסן אין אַ שפּיציקן צו־להכעיס, און ער לאַכט זיך פּאַנאַנדער אַ טייוולשן גע־לעכטער:

„אומזיסט בעט איר, איר און אייערע דורות, אין דעם זכות פון אברהם, יצחק און יעקב! צום גאָט פון אברהם, יצחק און יעקב! דער גאָט פון אברהם, יצחק ויעקב איז דאָך שוין לאַנג אַן אַנדערער, יענער „אותו האיש"! זיי האָבן זיך אַרויסגעגנבעט פון אייערע תפילות און פסוקים, וואָס זיינען געוואָרן ליידיקע רייד, און פון אייערע סידורים און מחזורים, און שולן און בתי מדרשים, וואָס זיינען געוואָרן פּוסטע קרעטשמעס! אברהם, יצחק און יעקב זיינען גאָר דאָרטן, אין די קלויסטערס, און זייער זכות האָבן זיי שוין לאַנג צוגענומען פון אייך און עס אָפּגעגעבן עשוס קינדער, „ווי אין פסוק שטייט!"

און ער נעמט יעקבס פסוקים און גיט זיי עשוס טייטשן...

און אַזוי האָט דער רשע אויך געטאָן מיט די אמהות פון אי־דישן פאָלק.

אונדזערע מוטערס, יעדערע אויף איר אופן, זיינען געוואָרן סימ־באָלן פון אידישן פאָלק. „ותצחק שרה, און שרה האָט געלאַכט, צי דען נאָך מיין פאַרוועלקונג וועל איך נאָך געבערן?" און אידן האָבן זי געמאַכט פאַר אַ משל צום אידישן פאָלק, וואָס איז אַלט און אייביק יונג. און ביי דער מוטער רבקה האָבן די קינדער זיך געשטויסן אין בויך, „ויתרוצצו הבנים בקרבה", און מיר האָבן געלערנט צו פאַר־שטיין, אַז דאָס איז ניט פשוט, נאָר אַז די געשיכטע פון דער וועלט איז שוין אָנגעזאָגט אין די דאָזיקע דריי ווערטער: דאָס האָט מען שוין ביי דער מאַמען אין בויך זיך געקריגט, איד און גוי, פאַר דער ירושה פון די צוויי וועלטן...

און די מוטער רחל, אויף איר האָט דאָס אידישע פאָלק אַ באַ־זונדערע קרויץ אָנגעטאָן, די גאולה פון גלות אָנגעהאַנגען אין איר זכות. אין אַ וואונדערשיינעם מדרש ווערט דערציילט ווי מלאכים האָבן

מתפלל געווען פאַרן כסא הכבוד וועגן דעם אידישן גלות, און עס האָט ניט געהאָלפן. און ירמיהו איז געגאַנגען און אויפגעוועקט די אָבות אין מערת המכפלה זיי זאָלן גיין בעטן, שמואל הנביא, משה רבינו האָבן תפילה געטאָן, און דער גזר איז ניט אָפּגערופן געוואָרן. „אין יענער שעה איז אונדזער מוטער רחל אויפגעשפּרונגען פאַר גאָט ברוך הוא און געזאָגט"... . „און באַלד איז אויפגעשטיגן דאָס רחמנות פון גאָט ברוך הוא און ער האָט געזאָגט: אין דיין זכות, רחל, וועל איך צוריקקערן דאָס פאָלק ישראל אויף זיין אָרט"...

אין דריי גלותן זיינען אידן אַוועק, און זיי זיינען געגאַנגען פאַרביי רחלס קבר און געוויינט: גלות מצרים, גלות בבל, און דער לענגסטער פון אַלע — גלות אדום. דורך די צוויי טויזנט יאָר פון דעם לאַנגן גלות, אין די ווינטערדיקע נעכט, ווען אידישע אינגעלעך האָבן געלערנט: ואני בבואי מפּדן מתה עלי רחל, ווען איך בין געגאַנגען פון פּדן ארם איז מיר רחל געשטאָרבן, האָבן זיי געלערנט, געזונגען און געוויינט...

רחל האָט געוויינט אויף אירע קינדער, און די קינדער האָבן געוויינט אויף זייער מאַמע רחל.

נאָר דווקא אין דעמדאָזיקן יאָר און דעמדאָזיקן דור, אין דעם דור פון שיבת ציון, אין דעם דריטן יאָר פון מדינת ישראל, ווען די אויסגעלייזטע קינדער פון אַלע עקן וועלט האָבן זיך געצויגן צו דער מוטער און איר קבר, האָט שלום אַש גענומען און אויף דעם קבר אַרויפגעשטעלט אַ צלם!...

זינט יענער לעסטערונג ווען מען האָט אַריינגעשטעלט אַ געץ אין בית המקדש, איז ניט געווען אַזאַ לעסטערונג ביי אידן!

2

## נייע בלבולים

ניט איין מאָל האָט שלום אַש געלאָזט הערן, אַז מיט שרייבן זיינע קריסטלעכע ווערק איז ער נאָר אויסן געווען די אידישע טובה. ער איז געקומען, האָט ער געזאָגט, אומצוקערן די גויאישע הערצער צו די אידן, און די אידישע הערצער צו די גויים. ער איז געקומען אַראָפּצונעמען דעם בלבול, אַז די אידן האָבן געקרייציקט ישון, אָדער בכלל אים שלעכטס געטאָן. ער איז געקומען באַווייזן, האָט ער פאַרזיכערט, אַז אין אַלץ זיינען נאָר שולדיק געווען די רוימער און אַ קליקע כהנים. און ווען ער וועט דאָס קלאָר מאַכן, דעמאָלט וועלן

אוועקפאַלן אַלע גויאישע שנאהס צו אידן, און „גאָט־מערדער" אָדער „קראַיסט־קילער" וועט מער ניט געהערט ווערן אין לאַנד.

געוועזן איז עס ליגן. „הייליקער ליגן", אין בעסטן יעזואיטישן נוסח. אַש האָט אין זיינע ביכער מיט גאָרנישט בעסער געמאַכט אין די אַלטע קריסטלעכע מעשות וועגן אידן. ניט געקענט גאָרנישט בעסער מאַכן. ווייל אַ בוים, וואָס איז צוויי טויזנט יאָר געוואַקסן קרום, וועט ניט אָנהייבן וואַקסן גלייך אויפן מאַך מיט אַ פען. ניט געקענט בעסער מאַכן אַפילו ווען ער זאָל געוועזן וועלן. אָבער ער האָט גאָרנישט געוואָלט. ער איז נאָכגעגאַנגען פרום אין די פוסטריט פון דער עוואַנגעליע. עס וואָלט געוועזן „גענוג" ווען ער וואָלט נישט ערגער געמאַכט.

עס איז שוין געוועזן גענוג ביטער ביז זיין בוך „מערי". אין „מערי" מאַכט ער עס שוין ביטער און פינצטער.

אין „מערי" קומט אַש און לייגט אַרויף אויף אידישע פּלייצעס אַ נייע משא פון נייע בלבולים, וואָס פריער האָט מען אין קריסטנטום נישט געוואוסט פון זיי.

אין דער עוואַנגעליע זיינען דאָ די מעשות פון די אידישע רדיפות אויף יעזוסן און זיינע תלמידים, אָבער דאָרטן איז ניטאָ גאָרנישט, אַז זיי האָבן גערודפט ישוס מאַמע, מרים אָדער מערי. אָבער אין שלום אַשס עוואַנגעליע איז דאָ אַ גאַנץ אייגענע, פון פינגער־אויסגעזויגענע מעשה ווי אידן האָבן זי גערודפט, געמשפט, און שיער ניט פאַרמשפט צום טויט.

אין דער קריסטלעכער ביבל איז ניטאָ גאָרנישט, אַז די אידן האָבן דעם קליינעם יעזוסלען אַרויסגעטריבן פון חדר און אים פאַריאָגט פון צווישן קינדער, אים אין אַ קינדער־חרם געלייגט. שלום אַש האָט אַזאַ מעשה נורא.

אין דער קריסטלעכער ביבל איז ניטאָ גאָרנישט, אַז נאָך לאַנג איידער ישו איז געמשפט און געקרייציקט געוואָרן אין ירושלים, האָבן אַ דאָרף מיט אידן אים געוואָלט לינטשן. שבת, פון שול אים אַוועק־געשלעפּט צו לינטשן. מען האָט אים אַרונטערגעשליידערט אין אַ טיפן, פעלזיקן, זומפּיקן אָפּגרונט, צווישן עקדישן און שלאַנגען, כדי אים צו טויטן. אָבער שלום אַש האָט אַריינגעבראַכט אַזאַ קנאַקעדיקע מעשה. ס'איז אַ מין „פּרעוויו" פון דער קרייציקונג. נאָר ישו האָט געטאָן אַ מופת: צו דער גרויסער איבעררעאַשונג פון די לינטשערס, האָט ער זיך אויפגעהויבן און האָט אַרויסגעשפּאַנט פונם אָפּגרונט גאַנץ, רואיק, אויבערמענטשיש, איבערוועלטלעך.

אַ מין פאָרשפּיל פון זיין „תחית המתים".

און מרימען רודפן זיי ווי אַזוי און פאַרוואָס?

פאַר איר מעוברת זיין. אַ בתולה און מעוברת, האָט מען זי געראָפן און געמשפּט. זאָל זי זאָגן פון וועמען זי איז מעוברת: פון איר חתן יוסף, אָדער פון אימיצן אַנדערש? אויב, זייענדיק פאַרקנסט צו איינעם, איז זי מעוברת פון אַן אַנדערן, איז איר זינד זייער האַרב און איר שטראָף זייער גרויס.

און שלום אַש שילדערט אַן אויסגעצויגענעם, פּיינלעכן משפּט, און די שילדערונג איז קלאָר באַרעכנט צו וועקן אומווילן און אַנטי־פּאַטיע צו די אידן און זייער תורה.

געראַטעוועט ווערט מרים פון „אידישע הענט" נאָר דורך דער הויכמוטיקייט פון יוספן איר חתן, וועלכער נעמט אויף זיך די שולד, אומשולדיקערהייט...

די דאָזיקע געשיכטע, פון איר אָנהויב ביז איר סוף, איז שוא ושקר אַפילו לויט דער עוואַנגעליע. ניטאָ אין דער קריסטלעכער ביבל די מינדסטע אָנצוהערעניש אַז אידן האָבן אַפילו מיט אַ ברעם אַ קרים געטאָן אויף דער מאַמע פון „גאָטס זון".

ס'איז גאָר פאַרקערט: יוסף דער חתן האָט זי חושד געווען אין אומערלעכער אויפפירונג. זעענדיק אַז זיין כלה איז מעוברת, און ניט פון אים, האָט ער זיך אויפגעהויבן און געוואָלט זי אָוועקוואַרפן. נאָר דער רוח הקודש, זאָגט די עוואַנגעליע, האָט זיך באַוויזן צו אים און האָט אים אַנטפּלעקט מרימס סוד, און האָט אים געהייסן בלייבן געטריי צו איר.

דעם בייזוויליק־פאַבריצירטן עפּיזאָד האָט אַש געבויט אויף די דינים אין דער תורה (דברים כב, כג, כז) וועגן אַ מיידל וואָס איז פאַרקנסט צו אַ מאַן, און אַן אַנדער מאַן האָט זי באַשלאָפן. אויב דאָס איז געשען אין פעלד, קומט נאָר דעם מאַן אַליין אַ שטראָף, ווייל מסתמא האָט דאָס מיידל געשריען נאָך הילף, נאָר ס'איז קיינער ניט געווען צו העלפן. און אויב ס'איז געשען אין שטאָט, קומט זייביידן שטראָף. און די שטראָף איז טויט.

און שלום אַש האָט מיט דעם עפּיזאָד צוגעטראַכט אַ נייע אַגאַ־ניע אינם קריסטנטום, אַ מאָמענט ווען ס'איז געווען אַ סכנה, אַז די הייליקע מוטער זאָל אומקומען נאָך מיטן געטלעכן קינד אין איר בויך.

נאָר דאָס וואָס אַשן האָט דאָ באמת געדאַרפט אַרן, האָט אים ניט געאַרט: מערי איז געווען פאַרקנסט צו יוספן. און אויב באַמאַ־נען אַ פאַרקנסטע איז אַזאַ האַרבע עבירה לויט דער תורה, ווי זשע האָט גאָט זיך געקענט באַהעפטן מיט איר? גאָט האָט, לויט דער

עוואנגעליע, עובר געווען אויף זיין אייגענעם געבאָט אין דער תורה, און לויט זיין אייגענעם דין איז גאָט חייב מיתה.

וואָס זשע פאַר אַ שדישער קאַפּריז האָט עס באַוואויגן שלום אַשן אַריינצושרייבן אַ נייע בייזע אויסטראַכטעניש אויף אידן אין דעם קריסטלעכן עפּאָס?

און אַ בלבול גייט ניט אַליין, ניט ביי די גויים און ניט ביי שלום אַשן, עס גייט אינאיינעם מיט אַ פּסוק פון דער תורה. און די כוונה דערביי איז אַן אַלטע, אַ טיף־קריסטלעכע: צו רעדן שלעכטס אויף דער תורה, און צו באַווייזן די קריסטלעכע לערע, אַז די תורה דער־לייזט ניט דעם מענטשן נאָר פאַרדאַרבט אים גאָר, און אַז די דער־לייזונג איז אין ישון...

יעדער איינער ווייסט, למשל, דעם טייטש, וואָס די גויים האָבן אַריינגעלייגט אין אַזאַ פּסוק ווי „אַן אויג פאַר אַן אויג, אַ צאָן פאַר אַ צאָן". איר וועט שוין מיט קיין האַמערס ניט אַרויסקלאַפּן פון די גוי־אישע קעפּ דעם פאַלשן טייטש, און ניט אַריינקלאַפּן דעם ריכטיקן טייטש. די גויים איז ליב דער בייזער טייטש. ווייל מיט אים קענען זיי דרינגען שלעכטס אויף אידן: דער איד איז גרויזאַם, בלוט־דורשטיק.

נון, איז געקומען שלום אַש אין „מערי" און האָט געלאָזט אין גאַנג צווישן גויים נאָך אַ „שרעקלעכן", „גרויזאַמען" פּסוק פון דער תורה.

עס שטייט אָנגעזאָגט אין דער תורה: „לא יבוא ממזר בקהל ה'" — עס זאָל ניט קומען קיין ממזר אין גאָטס קהל, ביזן צענטן דור זאָל ער ניט קומען.

דעם דאָזיקן געבאָט האָט שלום אַש גענומען און האָט אויפגעבויט אויף אים אַ פאַנטאַסטיש־שרעקלעכע מעשה, אַ בייזע אויסטראַכטעניש.

„אין נצרת האָט זיך אַרומגעוואַלגערט אַ פאַרלאָזן קינד — דער־ציילט שלום אַש — אומגעפּער פון דעם זעלביקן עלטער וואָס יעזוס, וואָס די שטאָט האָט גערופן „דער ממזר". מ'האָט געוואוסט, אַז עס איז אַ אידיש קינד, נאָר אַ ממזר, נעבעך. „נעבעך"? אָ, ניין! קיינער אין שטאָט האָט אויפן קינד קיין רחמנות ניט געהאַט. קיינער האָט אים ניט אויסגעשטרעקט קיין האַנט מיט קיין שטיקל ברויט. ווער ס'האָט נאָר געהאַט אַ האַנט, האָט געוואָרפן שטיינער אויף אים. ער איז אומגעגאַנגען קרוע־בלוע און האָט געלעבט פון דעם, וואָס ער האָט באַוויזן צו גנבענען. ערגער ווי צו אַ חיהלע האָט מען זיך צו אים באַצויגן. וואָרים אויף אַ חיהלע האָט מען אויך רחמנות, נאָר אויפן ממזר האָבן אידן קיין רחמנות ניט געהאַט. ער האָט זיך ניט גע־טאָרט דערנענטערן צו אַ אידיש הויז. ניט געטאָרט זיין אין דער נאָענט פון אַ שול. מיט שטיינער האָט מען אים פאַרוואָרפן און פאַר־

טריבן. קיין קינד האָט זיך ניט געטאָרט חברן מיט אים. קיין אידיש וואָרט האָט מען אים ניט געלערנט. אַפילו קיין נאָמען האָט מען אים ניט געגעבן.

פאַרוואָס אַזאַ גרויזאַמקייט? כדי מקיים צו זיין דעם פסוק: „עס זאָל ניט קומען קיין ממזר אין גאָטס קהל..."

ס'איז ניט מעגלעך אין אַן איבערזיכט איבערצוגעבן די שרעקלעכע רשעות פון די אידן צו דעם דאָזיקן קינד, ווי שלום אַש שילדערט עס. בלויז ביי די נאַציס האָט מען געזען אַזאַ גרויזאַמקייט צו קינדער. עס האָט דאָ בלויז געפעלט דאָס פאַרברענען...

נון, האָט געטראָפן און דאָס קליינע יעזוסל האָט באַגעגנט דאָס קליינע ממזרל און עס האָט זיך באַלד דערוועקט ביי אים דאָס געטלעכע רחמנות און ער האָט אים גענומען מקרב זיין. ס'איז אים אָנגעקומען שווער, ווייל די אידן האָבן געבראַכט דעם ממזר צו דער מדרגה פון אַ חיהלע, וואָס איז אין פחד פאַר מענטשן. אָבער ביסלעכווייז איז עס ישון געלונגען. ישו האָט געבראַכט דאָס קינד צו דער מאַמען אין הויז אַריין, און ס'איז געווען דאָס ערשטע מאָל וואו מ'האָט עס געלאָזט איבער אַ אידישער שוועל. די געטלעכע מאַמע האָט דעם ממזר אָפגעוואַשן, אַראָפּגעשאָבט די שמוץ.

דאָס האָט מען זיך דערוואוסט אין שטאָט און ס'איז געוואָרן אַ סקאַנדאַל. ס'איז דערגאַנגען צום חדר, וואו ישו האָט געלערנט, און דער רבי האָט געמאַכט אַ משפט איבער ישון פאַר דער גרויסער זינד פון מקרב זיין דאָס ממזר־קינד.

דער רבי טענהט צו יעזוסלען: „די תורה זאָגט אָן, עס זאָל נישט קומען קיין ממזר אין גאָטס קהל, און דו האָסט מקרב געווען אַ ממזר, אים אַריינגענומען אין הויז, אים געגעבן עסן. דו זינדיקסט קעגן גאָט".

און יעזוסל ענטפערט, ווי עס פּאַסט פאַרן צוקונפטיקן „געטלעכן" רעוואָלוציאָנער: „איך בין ניט קעגן גאָט, איך בין פאַר גאָט. איך גלויב ניט, אַז גאָט זאָל הייסן זיין גרויזאַם אַפילו צום קלענסטן פון זיינע באַשעפענישן, אָדער ער זאָל שטראָפן אַ קינד פאַר די זינד פון די עלטערן..."

איר זעט ווי עס גייט דאָ די ליניע ביי שלום אַשן? די זעלביקע וואָס ביי אַלע קריסטן: די תורה ווייסט ניט פון קיין רחמנות, און מיט איר די אידן אויך ניט. מיט ישון איז געקומען אַ נייע תורה אויף דער וועלט. אַ תורה פון גערעכטיקייט און גוטהאַרציקייט, און מיט איר זיינען די קריסטן געוואָרן גערעכט און גוטהאַרציק. ווער האָט עס „אויסגעטראַכט", אַז די אידן זיינען רחמנים בני רחמנים?

לסוף האָט דער רבי אַרויסגעטראָגן דעם פסק דין: ישו טאָר

מער אין חדר ניט קומען. און אַלע קינדער ווערן אָנגעזאָגט צו וויכן פון אים אַזוי ווי פון דעם ממזר.

און דאָס „געטלעכע קינד" איז אַריינגעלייגט געוואָרן אין חרם...

און פון דעמאָלט אָן האָט ישו מער ניט געלערנט...

די גאַנצע מעשה איז שלום אַשס אַן אייגענע פאַרפאַסונג. ניטאָ פאַר איר קיין שום קריסטלעכער מקור. וואָס האָט געקענט זיין זיין צוועק מיט דער דאָזיקער פאַרפאַסונג?

דער צוועק איז געווען דאָס, וואָס די מעשה לערנט: מזלזל צו זיין די תורה, און מיט איר — די קינדער פון דער תורה, די אידן.

איצט ווי גייט מען נאָכלויפן אַ ווינט אין פעלד, כאַפּן די לעזער פון שלום אַשס בוך און זאָגן זיי, אַז ס'איז לאָ דובים ולא יער, אַז די גאַנצע מעשה איז פאַלש און קען ניט זיין, און אַשס טייטש פון דעם פסוק איז פאַלש? אַש האָט נעבעך גאָרנישט געוואוסט וואָל עס מיינט: עס זאָל ניט קומען קיין ממזר אין גאָטס קהל!...

וואָס מיינט: אַ ממזר זאָל ניט אַריינקומען אין גאָטס קהל? שלום אַש האָט ניט געדאַרפט לאַנג זוכן. רש"י מאַכט דאָרט אויפן אָרט: „לא ישא ישראלית", ער זאָל ניט נעמען קיין אידיש ווייב.

דאָס אַלץ. ווייטער איז אַ ממזר גאָר „מיט לייטן גלייך"...

שלום אַש האָט פשוט ניט געוואוסט דעם טייטש און דעם פשט, וואָס יעדער חדר־אינגל ווייסט.

ס'איז בלויז נאָך אַן איבערצייגנדיקער ביישפיל פון זיין שאַמ־לאָזער עם־הארצות.

אויפן זעלבן אָרט אין דער תורה (דברים כג, ב, ד) ווערט געגעבן דער זעלביקער געבאָט וועגן עמון און מואב: „לא יבוא עמוני ומואבי בקהל ה'", קיין זון פון עמון און מואב זאָל ניט אַריינקומען אין גאָטס קהל, און דאָס מיינט אויך נאָר — ניט טאָרן נעמען קיין אידישע טאָכטער פאַר אַ ווייב, „דערפאַר וואָס זיי האָבן אייך ניט באַגעגנט מיט ברויט און וואַסער אויפן וועג ווען איר זענט אַרויס פון מצרים, נאָר האָבן געדונגען בלעמען אייך צו שעלטן".

און אַזוי ווי ער האָט ניט געוואוסט דעם טייטש פון לא יבוא ממזר בקהל ה', אַזוי האָט ער אויך ניט געוואוסט די דינים פון ממזר.

די חז"ל האָבן פעסטגעשטעלט אַ סך דינים צו באַשיצן דעם ממזר און זיינע אינטערעסן. ער איז אין אַלץ אַ „ישראל גמור", אַ פול־שטענדיקער איד. מען איז אים מל, און אַפילו אום שבת. ער ירשנט זיין פאָטער, אויב מ'ווייסט ווער דער פאָטער איז. און אויב ער איז אַ בכור, נעמט ער צוויי חלקים ירושה. ניט נאָר איז אים ניט פאַר־ווערט אַריינצוקומען אין אַ שול, נאָר ער ווערט אויפגערופן צו דער

תורה. ער קען זיין אַ רב ביי אידן, און אַפילו זיצן אין קליינעם סנהדרין און פּסקענען אין דיני ממונות. ער קען אַפילו זיין אַ אידישער מלך, כאָטש אייניקע חכמים קריגן דערויף.

ווייטער האָבן געזאָגט די חכמים, אַז אַ ממזר אַ תּלמיד חכם איז גרעסער פון אַ כהן גדול אָן עם הארץ. וואָס מיינט עס? די חז״ל דערקלערן: אויב די צוויי זיינען אין געפאַנגענשאַפט און מ׳קען אויס־לייזן נאָר איינעם, דאַרף מען אויסלייזן דעם ממזר דעם תלמיד חכם, און ניט דעם כהן גדול. אָדער ווען זיי דאַרפן אָנקומען צו צדקה, צום לעבן אָדער אויף קליידער, און עס איז ניטאָ קיין געלט נאָר פאַר איינעם, דאַרף מען געבן דעם ממזר, און ניט דעם כהן גדול. אַפילו דעם כבוד צו זיצן דער ערשטער אויבנאָן אין שול אָדער ביי אַ סעודה, האָט רבי אָבין געזאָגט, קומט אויך דעם ממזר תלמיד חכם קעגן דעם כהן גדול עם הארץ.

און אויב ער האָט חתונה מיט אַ גויע און איז מגייר זיין קינד, מעג שוין יענער נעמען אַ אידיש ווייב, כאָטש ער איז ערשט דער צווייטער דור. און לעתיד לבוא, איז געזאָגט געוואָרן, וועלן ממזרים ווערן ריין (טהור). אין משיחס צייטן וועט אליהו הנביא אויפדעקן וועלכער איד שטאַמט פון וועלכן שבט, אָבער ווער ס׳איז אַ ממזר וועט ער ניט אויפדעקן...

אַזוי לערנען די אידישע ספרים די באַציאונג צום ממזר. ער איז אין אמתן גאָר אַ גאַנצער „גובערנאַטאָר״ ביי אידן!

ווי אַנדערש עס איז דאָס אַלץ פון דעם שרעק־בילד, וואָס שלום אַש האָט אויפגעמאָלט פאַר דער וועלט פון דער תורהס „גרויזאַמ־קייט״, און אידישער אכזריות און מיאוסקייט, לגבי דעם ממזר!

פון וואַנען קומט עס? פון עם הארצות? אָדער בייזוויליקייט?

אויף אים און אַזעלכע ווי ער האָבן אונדזערע חכמים געזאָגט:

ווער עס מאַכט גרויס זיין האַרץ אין פּסקענען, ווי אַ למדן, איז אַ שוטה, אַ רשע און אַ חוצפּהדיקער גראָביאַן (פּרקי אָבות ד׳).

נאָר שוטה, רשע, חצוף און גראָביאַן איז ניט דער גאַנצער פּסק דין, וואָס לאָזט זיך אַרויסגעבן אויף דעם מחבר פון דער דאָזיקער וויסטער מעשה מיטן ממזר־קינד. ס׳איז אַ סך מער. דאָס קאַפּיטל, וואָס אַנטהאַלט דעם דאָזיקן ממזר־בלבול, איז איינס פון די שרעק־לעכסטע זאַכן, וואָס זיינען ווען געשריבן געוואָרן וועגן אידן אין דער ליטעראַטור. אַ שדישע כוונה, אַ פּאַטאַלאָגישע רשעות, פּילט זיך הינ־טער דעם דאָזיקן קאַפּיטל. ס׳איז אַ כוונה שלעכטס צו טאָן אידן. ס׳איז אַ כוונה צו טויטן דעם שם פון אידן אַלס רחמנים בני רחמנים. און ס׳איז ניט אַנדערש ווי פּאַטאַלאָגיש פאַרצושטעלן אידן אין אַזאַ

אכזריותדיקייט בנוגע צו אַ קינד, אין אַ צייט, ווען אַ בלוטיקער, חיהשער שונא האָט אַ מיליאָן אידישע קינדער אַרויסגעריסן פון די אָרעמס פון אידישע מאַמעס, און האָט זיי אומגעבראַכט מיט אומדער־הערטע, אומבאַשרייבלעכע, אומגעוועזענע אכזריותן...

ס'איז אַליין אַן אומדערהערטע, אומבאַשרייבלעכע, אומגעוועזענע אכזריות צו קומען אין אַזאַ צייט און פאַרהאַלטן פאַר דער וועלט אַ בילד פון אַ פאַרפייניקט, אומשולדיק קינד, און זאָגן:

זעט ווי גרויזאַם אידן קענען זיין צו אַ קינד...

3

## אידישע פסוקים

דער פינפטער קאַפּיטל אין דעם ערשטן טייל פון „מערי" ענדיקט זיך מיט אַ מעכטיקן, פייערלעכן אויסגעשריי: „אַ בתולה איז טראָ־געדיק געוואָרן אין ישראל!"

דאָס איז די אַקס, אַרום וועלכער עס דרייט זיך דאָס קריסטנטום, און דאָס איז די צענטראַלע טעמע פון „מערי": אַ בתולה איז מעוברת געוואָרן, ניט פון אַ מאַן, נאָר פון „הייליקן גייסט", און זי האָט גע־באָרן משיחן.

ווען דאָס קריסטנטום און די שלום אַשעס וואָלטן געבליבן שטיין דאָ, וואָלט עס אידן גאַנץ ווייניק געקימערט. וואָרים עס זיינען געווען אויף דער וועלט אַ סך רעליגיעס, וואָס האָבן געלערנט די לערע, אַז מיידלעך זיינען טראָגעדיק געוואָרן פון געטער און געבאָרן געט־לעכע העלדן. אָבער זיי בלייבן ניט שטיין דאָ. זיי גייען ווייטער און זיינען מוסיף: אַזוי ווי די נביאים האָבן פאָראויסגעזאָגט. שלום אַש ווערט ניט מיד, אין „מערי" אַזוי ווי אין זיינע אַנדערע קריסטלעכע ביכער, צו שפּילן אויפן מאָטיוו: אַזוי ווי די נביאים האָבן פאָר־אויסגעזאָגט...

און פון דאַנען הויבט זיך אָן דער אייביקער אידישער ווידער־שטאַנד צום קריסטנטום, און זיין אָפּלייקענונג. וואָרים מ'גייט נאָך ווייטער און מ'זאָגט, אַז דער דאָזיקער משיח איז געקומען אָפּצושאַפן דאָס אידנטום. און דאָס זאָלן אויך די נביאים האָבן פאָראויסגעזאָגט...

און דעם עיקר המעשה הענגען זיי אָן אויף אַ פסוק אין תנ"ך.

און עס איז צו שטוינען, צו שטוינען טאָג און נאַכט, וואָס פאַראַ פּוסטע זאָווערוכע פון גייסט ס'איז דאָ אויפגעבלאָזן געוואָרן, וואָס שטורעמט און שטורעמט און קען זיך ניט אויסשטורעמען.

דעם געדאַנק פון אַ משיח, וואָס וועט קומען און אויסלייזן די וועלט, האָבן די קריסטן גענומען ביי די אידן, דאָך האָבן די אידן קיינמאָל ניט געהאַלטן, אַז דער דאָזיקער משיח דאַרף געבאָרן ווערן אויף אַן איבערנאַטירלעכן אופן, פון אַ בתולה און פונם „הייליקן גייסט". אַזאַ געטלעכע געבורט האָבן די קריסטן גענומען אין דער גריכיש־רוימישער וועלט און אים פאַרשלעפּט צו די אידן, און אים אָנגעקניפּט אין אַ פּסוק אין תנ"ך, וואָס איז דאָרט גאָר ניטאָ!

לאָמיר דעם דאָזיקן פּסוק גוט פאַרשטיין, אַזוי ווי ער איז דאָך דער גאַנצער טשוואָק פון דעם היסטאָרישן, בלוטיק־געוואָרענעם סכסוך.

אין ישעיה, קאַפּיטל ז, ווערט גערעדט וועגן אַ גרויס אומגליק וואָס איז געקומען אויף מלכות יהודה: צוויי מלכים, דער מלך פון אַרם און דער מלך פון דער אָפּגעשפּאָלטענער אידישער מלוכה ישראל, זיינען אַרויס מיט אַ מלחמה אויף יהודה און זיי באַלאַגערן שוין ירושלים. דאָס פאָלק איז געוועזן שטאַרק דערשראָקן, זייערע הערצער האָבן געפלאַטערט „ווי בוימער אין וואַלד פון אַ שטורם". קומט דער נביא ישעיה צום קעניג אחז און טרייסט אים און פאַרזיכערט אים, אַז דער שונא וועט באַזיגט ווערן, עס וועט ניט נעמען לאַנג און ער וועט אַוועק פון לאַנד אַ געשלאָגענער, און עס וועלן זיך אָנהויבן פאַר יהודה נייע צייטן פון גרויסער שפע, פון מילך און האָניק. נאָר ווי לאַנג וועט דויערן ביז ס'וועט קומען די ישועה?

זאָגט דער נביא ישעיה: גאָט אַליין וועט אייך געבן אַ צייכן: אָט ווערט די יונגע פרוי טראָגעדיק און זי וועט געבערן אַ זון, און זי וועט אים רופן עמנואל. פּוטער און האָניק וועט ער עסן, ווען ער וועט האָבן דעם פאַרשטאַנד אָפּצואוואַרפן שלעכטס און אויסקלייבן גוטס. נאָר נאָך איידער דאָס אינגל וועט פאַרשטיין אַוועקצואוואַרפן דאָס שלעכטע און אויסקלייבן דאָס גוטע, וועט די ערד באַפרייט ווערן פון די פאַרהאַסטע צוויי מלכים...

רעדט זיך דאָ פון משיחס צייטן? ניין, פון אַ באַשטימטער לאַגע אין אַ באַשטימטן מאָמענט. און עס ווערט דערציילט, אַז ס'איז טאַקע געשען ווי דער נביא האָט פאָראויסגעזאָגט. די יונגע פרוי, וואָס האָט געדאַרפט טראָגעדיק ווערן, איז געווען דעם קעניגס ווייב, און דאָס אינגל, וואָס איז געבאָרן געוואָרן, איז געווען דער שפּעטערדיקער קעניג חזקיהו. דער וואונדער פון דער נבואה איז געווען, וואָס דער נביא האָט ריכטיק פאָראויסגעזאָגט, אַז ס'וועט זיין אַ אינגל. דאָ איז ניט גערעדט און ניט געדאַכט געוואָרן פון אַ בתולה וואָס וועט געבערן.

נאָר פונדעסטוועגן, צו דעם דאָזיקן פּסוק און צו דער דאָזיקער נבואה האָבן די קריסטן צוגעשפּאַנט דעם סאַמע עיקרדיקן מאָטיוו פון זייער אמונה.

ווען דער נביא זאָגט: „אַט ווערט די יונגע פרוי טראָגעדיק", באַנוצט ער דאָס וואָרט „עלמה" (אַלמאַ). און אויף דעם דאָזיקן וואָרט האָבן זיך די קריסטן אָנגעהאַנגען.

„עלמה", זאָגן זיי, מיינט אַ בתולה, אַ „וואוירדזשין".

אָבער ס'איז ניט אַזוי. ווער עס קען נאָר פיל־ווייניק העברעאיש, ווייסט אַז ס'איז ניט אַזוי. יעדער העברעאישער ווערטער־בוך, סיי גע־מאַכט פון אידן, סיי פון גויים, זאָגט, אַז ס'איז ניט אַזוי. „עלמה" מיינט אַ יונגע פרויענצימער, סיי אַ בתולה, סיי ניט קיין בתולה. אין תנ"ך ווערט דאָס וואָרט גענוצט אין ביידע זינענס. אין „משלי" לערנען מיר:

„דריי זאַכן זיינען דאָ וואָס זיינען פאַרהוילן פאַר מיר, און פיר וואָס זיינען מיר ניט פאַרשטענדלעך: דער וועג פון דעם אָדלער אין הימל, דער וועג פון אַ שלאַנג אויף אַ פעלדז, דער וועג פון אַ שיף אינמיטן ים, און דער וועג פון אַ מאַנסביל אין אַן עלמה" — און דאָ איז דאָך קלאָר, אַז „עלמה" מיינט דאָ ניט קיין בתולה.

און דאָס איז איינגאַנצן דער שוואַכער, דער לופטיקער יסוד, אויף וועלכן ס'איז געבויט דער גרויסער, דער אימפּאָזאַנטער, דער וועלט־אַרומנעמענדיקער בנין פון קריסטנטום מיט זיין משיח, געבאָרן פון אַ בתולה און דעם „הייליקן גייסט" — ווי עס האָבן, כלומרשט, פאַר־אויסגעזאָגט די נביאים...

אויף פאַלשן פאַרשטאַנד, אויף אַ גרייזיקן אויסטייטש פון אַן איינציקן וואָרט איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַן אמונה, וואָס האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל אומצואוואַרפן דאָס אידנטום און איינצונעמען די גאַנצע וועלט!

אין אמתן איז דער געדאַנק פון מענטשלעכן גאָט, געבאָרן פון אַ בתולה, אַריבערגענומען געוואָרן דירעקט פון היידנטום און אַריינגע־בראַכט אין קריסטנטום פון די געצנדינערישע רעליגיעס, וואָס האָבן אין יענער צייט געהערשט אין דער רוימישער וועלט. און ווען עס איז אַנטשטאַנען דער מערי־קולט האָט מען פשוט גענומען די פּאַרטיקע געטין־סטאַטועטקעס פון די טעמפּלען און זיי אַריבערגעטראָגן אין די קלויסטערס. די געטין איזיס איז געוואָרן די מוטער מערי. אין די מוזייען פון אייראָפּע און אַמעריקע קען מען נאָך היינט זען די דאָזיקע אָזיריס־סטאַטועט. נאָר זוכנדיק פאַרן קריסטנטום אַ וואָס ברייטערע באַזע אינם אידנטום האָבן די קריסטלעכע פּאָטערס גע־וואָלט געפינען אינם תנ"ך אַ יסוד אויך פאַרן מערי־קולט, און זיי האָבן זיך אָנגעהאַנגען אָן דעם אומשולדיקן וואָרט עלמה, וואָס זיי האָבן פאַרגרייזט זיין טייטש.

און פון דעם דאָזיקן גרייז אַלס אָנהויב זיינען די קריסטלעכע

פאָטערס געגאַנגען ווייטער און האָבן אַריינגעצויגן דעם גאַנצן תנ״ך און אים געשטעלט אונטערן קרומען שפּיגל פון אַ קרומען צוגאַנג צום אייביקן פּראָבלעם פון גאָט, וועלט, מענטש, איד, משיח, ביז דער מענטשהייטס קאָפּ איז אינגאַנצן צעדרייט געוואָרן.

פון זייערע פאַלשע טייטשן אין אונדזער תנ״ך איז געקומען זייער קאַמף מיטן אידנטום און זייער קאַמף צווישן זיך אַליין, וואָס האָט צעריסן און צעפּליקט דאָס קריסטנטום אויף הונדערטער סעקטעס. און זייערע פאַלשע טייטשן פון דעם תנ״ך האָבן געבראַכט די מלחמה פון דער קירכע קעגן דער וויסנשאַפט, אַ זינלאָזע מלחמה, וואָס די קירכע האָט פאַרלאָרן מיט חרפּה און וואָס האָט געבראַכט אומגע־הויערן שאָדן אויף לאַנגע דורות דעם גאַנצן ענין פון אמונה.

די אידישע חכמים האָבן ניט געקעמפט קעגן דער וויסנשאַפט. זיי האָבן זי געהיט און געשיצט.

מ׳קען זאָגן אַ כלל: די וועלט איז אַזוי קרום, צוליב די פאַלשע טייטשן פון די גויים אויף די אמתע פסוקים פון די אידן...

דעריבער קלינגט עס אַזוי שווידערלעך צו לייענען ביים אידישן שרייבער דעם אויסגעשריי, הילכיק און פייערלעך: „אַ בתולה איז טראָגעדיק געוואָרן אין ישראל!״

ס׳איז איין פראַזע, וואָס איז כולל אַלץ. ס׳איז אַ שפּיז, מיט סם אויפן שפּיץ, וואָס שטעכט דורך מיט איין שטאָך דעם איד און דעם תנ״ך. און שלום אַש האָט אונטערגעשטעלט אַלע כלים פון הויז און פון שטאַל צו זאַמלען די טראָפּנס, ווייל זעלטענע טראָפּנס בלוט זיינען עס: עס ווערט פון זיי רענדלעך...

עס גייט ניט בלויז אין דעם איין פסוק און דעם איין טייטש. ניט דער דרך ארץ פאַרן לשון, ניט דער דרך ארץ פאַר אַלע אידישע מפרשים, ניט דער דרך ארץ פאַר דער אידישער טראַדיציע, ניט דער אידישער ווידערווילן צו עבודה זרה האָבן אָפּגעהאַלטן זיין האַנט. ער האָט אַלץ צוגענומען ביי אידן און אָפּגעגעבן די גויים: די אָבות, די נביאים, דעם גאַנצן תנ״ך און אַלץ וואָס דאָרט שטייט.

און אַפילו וואָס דרויסן פון דעם תנ״ך, פון די שפּעטערדיקע אידישע ספרים און שאַפונגען, האָט ער גענומען פונם שענסטן און בעסטן און אויסגעגאָסן אויף די קריסטלעכע הייליקע. עס איז באַוואוסט דער וואונדערלעכער מדרש וועגן מתן תורה, אַז ווען עס האָט זיך דערהערט גאָטס קול פונם באַרג סיני מיט „אָנכי״, איז דער גאַנצער באַשאַף שטיין און שטיל געבליבן: די פויגל האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין זייער פליען, די שעפעלעך אין זייער בלעקען, דער אייזל און אָקס אין זייער אַקערן, די ביימער אין זייער זשומען און די גראָזן אין זייער וואַקסן.

די דאָזיקע וואונדערלעכע דיכטונג, מיט וועלכער דער מדרש באַקרוינט די אַנטפּלעקונג פון גאָט ביי מתן תורה, נעמט שלום אַש און טראָגט זי אַריבער אויף מערין, ביי דעם מאָמענט, ווען עס קומט אַראָפּ דער „הייליקער גייסט" זיך צו באַהעפטן מיט איר. און אַזוי ווערט די דאָזיקע סצענע אין „געטלעכן שלאָפצימער" געשטעלט אויף אַ גלייכער מדרגה מיט מתן תורה.

און ער מאַכט אַ שפּרונג איבער די יאָרהונדערטן און קומט צו דער חסידות צו גנבענען פון זיין גאָטס וועגן. ס'איז דאָ די מעשה וועגן איינעם פון די גרויסע צדיקים, אַז ווען ער איז נאָך געווען אַ זויג־קינד פלעגט ער מאַכן אַ ברכה אויף דער מאַמעס מילך. די דאָזיקע חסידישע אגדתא נעמט שלום אַש און טראָגט זי אַריבער אויף ישון ביי זיין מאַמעס ברוסט.

מיט אַ גזלנישער האַק שטייט ער און האַקט אין דער אידישער וואַנט, אָבער מיט גרויס זאָרג פּאַרלייגט ער די לעכער וואָס אין קריסטנטום. אידן טענה'ן: איר זאָגט, אַז ישו איז „גאָטס זון", און אין דער אייגענער צייט זאָגט איר, אַז ער שטאַמט פון דוד המלך. ווי זשע איז עס מעגלעך?

זאָגן די קאַטאָליקן: דורך דער מאַמע... די מאַמע זאָל שטאַמען פון בית־דוד.

נאָר שטיין שטייט עס אין ערגעץ ניט.

קומט שלום אַש און איז ממלא דעם חסרון. ער דערציילט אַ מעשה, אַז מערי האָט געהאַט אַן אַלטן יחוס־בריוו פון דער משפּחה. זי, דאָס פּשוטע פעלד־מיידל...

זי האָט אַפילו געהאַט דאָס בוימל־קריגעלע, מיט וועלכן שמואל הנביא האָט געזאַלבט דוד המלך — מיט אַן ערך טויזנט יאָר פריער!...

דער הייליקער אַנטיק האָט זיך געפונען, ניט אין בית המקדש, ניט אין קעניגלעכן פּאַלאַץ, נאָר דווקא ביי אַ פּשוט מיידל ערגעץ אין אַ דאָרף...

אין דער קריסטלעכער ביבל ווערט זייער ווייניק דערציילט וועגן מערין. מ'וואָלט געקענט די שורות איבערציילן אויף די פינגער. אָבער ביי שלום אַשן איז עס אויסגעוואָקסן אין אַ היפּשן בוך: דאָס האָט ער אונדזער האָב און גוטס געגנבעט און אַוועקגעטראָגן אַהין. אונדזערע שיינקייטן זיי אָפּגעגעבן, זייערע מיאוסקייטן אויף אונדז אַרויפגעלייגט. ביז דאָס ווערק איז געוואָרן איבערגעלאָדן ווי די „באָזשע מאַטקעס" אין די פּויערשע קאַפּליצעס, אָנגעהאַנגען מיט פּודן העמדער און קליידלעך, פּאַטשערקעס און לענטעס און פּאַר־וועלקטע קרענץ — אַ קינסטלערישע פּאַרזעעניש...

4

# דער עבודה־זרהניק

אין די קריסטלעכע ספרים איז די מוטער פון ישון קיינמאָל ניט געשטעלט געוואָרן אין וועלכער־עס־איז באַציאונג צו אידן. איר איז ניט געגעבן געוואָרן אין דער קריסטלעכער טעאָלאָגיע קיין שום באַזונדערע אויפגאַבע, וואָס זי זאָל דאַרפן דערפילן פאַר אידן. אין די מאָגערע שורות, וואָס ווערן איר אָפּגעגעבן אין דער עוואַנגעליע, ווערט זי נאָר פאַרגעשטעלט אין איר שייכות צו איר זון, אָבער זי גייט דורך אויף דער בינע גאַנץ גלייכגילטיק און קאַלט וואָס שייך איר אידישן פאָלק.

די שפּעטערדיקע קריסטלעכע לערעס האָבן איר אויך ניט גע־געבן קיין שום ספּעציעלע אויפגאַבע און ניט פאַרגעשריבן פאַר איר קיין באַזונדערע ראָלע בנוגע אידן.

ניט אַזוי שלום אַש. ער דערפינדט פאַר איר גאָר גרויסע מעלות און מדרגות פון „אונדזערטוועגן".

אין איין אָרט ווערט פּראָקלאַמירט, אַז גאָט האָט זי באַשטימט צו זיין „די מוטער פון ישראל" (ז. 43).

אין אַ צווייטן אָרט ווערט איר געגעבן נאָך אַ מער מיסטישע אויפגאַבע: צו זיין אַ קרבן פאַר ישראל.

די דאָזיקע אויפגאַבע דערקלערט פאַר איר, מיט אַשס מויל, ישו אַליין, קורץ פאַר דעם ווי ער איז זיך נתגלה פאַר דער וועלט. ער האָט געזען ווי זיין מוטער ליידט — זי איז דאָך פאָרט געווען ניט מער ווי אַ „שוואַכע אידענע" — זאָגט ער צו איר:

„דיין שוואַכקייט (דיינע ליידן), מאַמע, וועלן רייניקן ישראל אַזוי ווי דאָס בלוט פון אַ קרבן חטאת"...

ישו, אַליזאָ, איז געקומען צו זיין אַ כפּרה פאַר דער וועלט, און זיין מאַמע איז געווען אַ כפּרה פאַר אידן...

דאָס, מיינט אַוודאי שלום אַש, וועט אונדז מאַכן פילן „פאַר־פליכטעט"...

וויסן ווייסן מיר אָבער, אָ, ווי ביטער מיר ווייסן עס, אַז ניט איינ־מאָל זיינען מיר געקוילעט געוואָרן און געבראַכט געוואָרן ווי אַ קרבן פאַר איר!

וואָס פאַר אַ „נאַציאָנאַלע מוטער" איז זי אונדז, אַז מיר ווייסן דאָך, אַז ווי נאָר עס פלעגן זיך באַווייזן די גויאישע פּראָצעסיעס מיט רעליקוויעס פון איר, געמאָלענע און אויסגעשניצטע, אַזוי פלעגן מיר,

קליינע אידישע קינדער, לויפן און זיך באַהאַלטן וואו נאָר מיר האָבן געקענט געפינען אַ באַהעלטעניש.

וועלכע קינדער אַנטלויפן עס פון אַ מאַמע? וואָס פאַר אַ מאַמע איז עס, וואָס די קינדער אַנטלויפן פון איר אין מורא פון טויט?

נאָר ווען עס קומט צום ענין מערי, איז אפשר גאָר איגגאַנצן איבעריק, אַז מיר אידן זאָלן זיך אויסטענהן מיט שלום אַשן. מיר קענען אים רואיק איבערלאָזן צו די פּראָטעסטאַנטן. זאָל ער פריער „פאַר־קויפן" מערין צו די פּראָטעסטאַנטן איידער ער קומט פּעדלען מיט איר אין די אידישע געסלעך.

איינע פון די זאַכן וואָס טיילן אָפּ די פּראָטעסטאַנטן פון די קאַ־טאָליקן איז דער „מערי־קולט". ביי די פּראָטעסטאַנטן איז מערי ניט מער ווי אַ אידענע וואָס האָט אויסגעטראָגן און געהאָט זייער משיחן, צי מיידלוויז אָדער פרויענוויז, פון דעם „הייליקן גייסט" אָדער פון אַ פּשוטן שטערבלעכן, ווי איינער מיט זיין שיטה. יעדנפאַלס, זיי האַלטן, אַז איר אַרבעט איז אָפּגעטאָן געוואָרן אין יענעם אַקט, און דאָ אויף דער ערד. אין הימל האָט זי גאָרניט צו זאָגן.

ניט אַזוי ביי די קאַטאָליקן. אין דער קאַטוילישער קירך ווערט צו מערין געצונדן ליכט, געקניט, געדאַוונט און געדינט. דער מערי־דינסט האָט דאָרט אַפילו פּאַרטונקלט דעם דינסט צו „אים", ישון, אַליין. די געטשקעס פון מערין זיינען חשובער ווי די געטשקעס פון איר זון. פאַראַן סטאַטועס פון מערין, וועגן וועלכע עס גייען אַרום לעגענדעס פון ניסים ונפלאות, אַז זיי בלוטן, אַז זיי וויינען, אַז זיי רעדן, אַז זיי הויבן זיך אויף און גייען, און זיי היילן אומהיילבאַרע. הילצערנע, שטיינערנע, מעטאַלענע סטאַטועס, וואָס זיינען „לעבעדיק" געוואָרן. פאַראַן אַ סך אַזעלכע באַרימטע מערי־געטשקעס אין פאַר־שיידענע קלויסטערס, און גלוביקע פון אַלע עקן וועלט ציען זיך צו זיי, זיי צו באַרירן, זיי צו קושן און געהיילט ווערן פון זיי. אָפּט נעמט מען אַזעלכע „מאַדאָנאַס" און מ׳פירט זיי אַרום איבער דער וועלט און מ׳ברענגט זיי צו די קאַטאָליקן אויף די ערטער. און די קאַטוילישע מאַסן גלויבן אין די דאָזיקע געטשקעס גלייך ווי זיי וואָלטן געווען די געטלעכע מאַמע אַליין. זיי גלויבן עס באמונה שלימה. די קאַ־טוילישע גלחים מאַכן זיי עס צו גלויבן באמונה שלימה.

טייטלען דערויף די פּראָטעסטאַנטן מיט די פינגער, און רייסן עס אַרונטער מיט ביטערקייט און חוזק ווי גראָבן, פּראָסטן, פּרימיטיוון געצנדינסט. און וואָס וואָרימער די קאַטאָליקן טוליען זיך צו מערין, אַלץ ווייטער באַזייטיקן זי די פּראָטעסטאַנטן.

אָבער שלום אַש, ער האָט זיך אויסגעשלאָפן ערשט איצט צו קומען און עפענען דעם מערי־קולט צווישן אידן...

די מחלוקת צווישן די קאַטאָליקן און פּראָטעסטאַנטן איבער מערי געהערט צו די אינטערעסאַנטסטע קאַמפן אין דער געשיכטע פון רעליגיע, און צו די ביטערסטע, און שאַרפזיניקסטע, און געפעפערטסטע און געזאַלצנסטע. און אויך בלוטיקסטע.

די אָפיציעלע רוימיש־קאַטוילישע לערע וועגן מערין ווערט אין זייער קאַטעכיזיס אויסגעדריקט אַזוי:

„מערי איז אמתדיק (טרולי) די מוטער פון גאָט. וואָרים ישו איז די צווייטע פּערזאָן פון דער דריי־איניקייט, און איז גלייך צום פאָטער און צום הייליקן גייסט, און איז אמתדיק גאָט".

קומען צוגיין די פּראָטעסטאַנטן און זאָגן: אויב אַזוי, אויב גאָט האָט געהאַט אַ מאַמע, מוז מען דאָך זאָגן, אַז ער האָט אויך געהאַט אַ באָבע און אַ זיידן. און ישוס ברודער דזשעימס (יעקב) איז גאָטס ברודער, און דוד המלך איז געווען דער עלטער־עלטער־עלטער זיידע פון גאָט!...

און פאַרוואָס זיך אָפּשטעלן דאָ? מ'קען גיין ווייטער, זאָגן די פּראָטעסטאַנטן. און זיי זאָגן: אַזוי ווי דער פאָטער, דער זון און דער הייליקער גייסט זיינען אַלע נאָר איין גאָט, און אויב מערי איז די מוטער פון גאָט, איז זי דאָך די מוטער פון דער גאַנצער דריי־איי־ניקייט. היינט, ווײבאַלד אַזוי, איז זי דאָך די מוטער פון איר איי־גענעם באַשעפער!

און אַזוי ווערט זי טאַקע אָנגערופן אין קאַטאָליציזם: „מאַטער קרעאַטאָריס" — מוטער באַשעפערין. ס'איז דאָ אַ קאַטוילישע תפילה צו מערין, וואָס ווענדט זיך צו איר און רופט זי: „מוטער פון אונ־דזער באַשעפער".

עס דערמאָנט אָן אַ לידל וואָס איז פּאָפּולער געווען אין אַמעריקע. „איך בין מיין אייגענער זיידע", האָט דאָס לידל געהייסן: „אַי עם מאַי אָון גרענדפּאַ"...

און עס באַקומט זיך, אַז מערי איז געווען דאָס ווייב פון איין דריטל פון דער גאָטהייט, און די מאַמע פון דעם צווייטן דריטל פון דער גאָטהייט. דאָס דריטע דריטל, דער „רוח הקודש", איז געווען דער באַפּרוכפּערער.

ווייב און מאַמע פון דער גאָטהייט.

און ניט אַבי־וואָס פאַר אַ ווייב אָדער מאַמע איז מערי: זי איז אַ אידענע מיט אַן אוירינגל! אַ סברא, אַז זי האַלט אַלע שליסלען

פון יענער וועלט ביי זיך אונטערן פאַרטוך, און אַלע ציטערן דאָרט פאַר איר דוך, אַפילו „ער" אַליין אויך.

שרייבט אַ קאַטוילישער טעאָלאָג: „מערי איז די מוטער פון גאָט" און די „קעניגין ביים טויער פון הימל", וואָס „איר באַפעל מוזן אַלע פאָלגן, אַפילו גאָט"...

אַ סך זאַכן — שרייבט ער — ווערן געבעטן ביי גאָט און זיי ווערן ניט געגעבן. „זיי ווערן געבעטן ביי מערין און מען קריגט זיי" (אַל־פאָנסוס ליגואָרי, „גלאָריס אָוו מערי", ז. 137).

„מערי איז אַלמעכטיק" (ז. 181).

„אין אים (ישון) — שרייבט ער ווייטער — האָבן די מענטשן פחד פאַר דער מאַיעסטעטישקייט פון גאָט. דעריבער האָט מען געדאַרפט אַ פאַרמיטלער צום פאַרמיטלער אַליין. און קיין מער פאַסיקער האָט זיך ניט געקענט געפינען ווי נאָר מערי" (ז. 196).

און אַזוי אַרום זעען מיר, אַז אין דעם קריסטלעכן הימל, אין דעם קאַטוילישן טייל פון אים, איז די הערשערין ניט קיין גאָט, נאָר אַ גאָטיכע...

ליגואָריס לערע איז אָפיציעלער קאַטוילּיציזם.

אויף דער דאָזיקער שיטה קריגן די פּראָטעסטאַנטן פון אַלע שאַ־טירונגען. און די מחלוקה איז זייער ביטער. מיט אַ סך פסוקים פון דער עוואַנגעליע אָפּערירן זיי צו באַווייזן, אַז נאָר ישו איז דער אמתער פאַרמיטלער, און נאָר ער איז ראוי מ'זאָל צו אים בעטן.

אָפטמאָל בעטן די קאַטאָליקן אויך צו מעריס ערדישן מאַן, יאָזעף.

און אַזוי גייען די מדרגות פון קאַטוילישן בעטן: דער קאַטאָליק בעט ביים גלח, דער גלח זאָל בעטן ביי יאָזעפן, יאָזעף זאָל בעטן ביי דער מאַמע, די מאַמע זאָל בעטן ביים זון, דער זון זאָל בעטן ביים טאַטן... און לויט סאַן ליגואָרי, דאַרף דער טאַטע סוף כל סוף פועלן ביים ווייב.

נאָר ס'איז דאָ אַ מאָמענט אין קריסטנטום, וואו אַפילו די פּראָ־טעסטאַנטן זיינען מודה, אַז גאָטס ווילן איז אָפּגעהאַנגען אין מעריס ווילן.

דאָס איז געווען דעמאָלט, ווען גאָט האָט געדאַרפט אָנקומען צו איר „לאַסקע" זי זאָל אים געבערן אַן ערדישן זון. און די פּראַגע ווערט געשטעלט: וואָס וואָלט געווען ווען זי וויל ניט?

די קריסטלעכע טעאָלאָגיע האַלט גאַנץ ריכטיק, אַפילו טיפזיניק, אַז דער „הייליקער גייסט" האָט ניט געקענט קומען און אויסשפּרייטן די פליגל איבער מערין, אָדער זי „באַשאָטענען", ווי די עוואַנגעליע דריקט עס אויס, אָן איר צושטימונג. וואָרים באַפאַלן זי אָן איר הסכמה

וואָלט דאָך פשוט געהייסן, אויף מענטשלעכן לשון — פאַרגוואַלטיקונג!
דער כלל, אָדער דער דין, אַז „קיין אידישע טאָכטער נויט מען ניט", גילט, ווי מיר זעען, ביי גאָט אויך...
דעריבער לערנט די קריסטלעכע טעאָלאָגיע, סיי די קאַטוילישע, סיי די פּראָטעסטאַנטישע, און אויך די שלום אַשישע, אַז מערי האָט פריער געמוזט געבן איר הסכמה. און צום גרויסן גליק פון גאָט, וועלט און מענטש, האָט זי געגעבן. וואָרם וואָסער מיידל וועט אָפּזאָגן אַזאַ „שידוך"?
אָבער דאָך, טעאָרעטיש, האָט זי געקענט זאָגן ניין. זעען מיר, אַז לויט דער קריסטלעכער פילאָזאָפיע, איז געווען אַ מאָמענט אין דעם גאַנג פון דער וועלט, ווען אַלע גאָטס פּלענער זיינען געלעגן ניט אין זיין אייגענער מאַכט, נאָר אין דער מאַכט פון אַ פרוי...
דער גרעסטער טעאָלאָג פון דער קאַטוילישער קירכע, און פון קריסטנטום בכלל, טאָמאַס אַקווינאַס, לערנט גאַנץ קלאָר די דאָזיקע טייטשונג, אַז גאָטס ווילן איז אָפּגעהאַנגען אין מעריס ווילן. ער איז געגאַנגען אין די טריט פון די טעאָלאָגן פאַר אים, און אַנדערע נאָך אים זיינען געגאַנגען אין זיינע טריט. עס האָט אַנדערש ניט געקענט זיין. עס וואַקסט אַרויס אַזוי לאָגיש. דאָס איז די אַגאָניע פון קריסטנטום, וואָס איז אַרויסגעשפּרונגען פון אידנטום, נאָר האָט זיך אַליין געקרייציקט, ווען ס'איז אָפּגעטראָטן פון דעם ריינעם אידישן אחד.
שלום אַש, אין זיין מערי־ראָמאַן, האָט דעם דאָזיקן מאָמענט באַהאַנדלט אין דעם ריכטיקן גייסט פון דער עוואַנגעליע. נאָר וויבאַלד אַ ראָמאַן, מוז מען „ליידער" זאָגן, אַז ער האָט רעכט פאַרפּושט אַ גרויסע און זעלטענע געלעגנהייט. ער האָט געקענט שאַפן אַ גוואַלטיק דראַמאַטישע געשפּאַנטקייט, ווען ער זאָל געווען מאַכן, אַז מערי האָט ניט געוואָלט לכתחילה. כאָטש אויף דריי טעג, אָדער דריי שעה. זי האָט געקענט זאָגן, אַזוי ווי עס גייט אָפּט דער נוסח אין פאָלקישע מעשות: גיב מיר דריי טעג אויף זיך צו באַקלערן. וואָס פאַראַ דראַמע דאָס האָט געקענט זיין — אַ פרוי, אַ פּשוט מיידל, שטעלט אָפּ אַלע פּלענער פון גאָט! זי פאַרהאַלט די גאולה פון דער מענטשהייט! דער גורל פון אַלע וועלטן און אַלע צייטן וויגט זיך אין וואָגשאָלן און דאָס צינגל טאַנצט הין און הער!... איז דען געווען, אָדער האָט דען געקענט זיין אַ גלייכן דערצו אין געשפּאַנטקייט צווישן הימל און ערד, צווישן גאָט און מענטש, צווישן דעם באַשעפער און חוהן? מערי האָט זיך געקענט שטעלן און מאָנען די קריוודע פון דער ווייבער־קללה: מיט טרויער וועסטו טראָגן, מיט ווייטאָק וועסטו געבערן...

זי האָט געקענט שטעלן באַדינגונגען... זי האָט געקענט זאָגן: אַזוי און אַזוי, נעם אַראָפּ די קללה, זיי מבטיח אַ בעסערע מערכה פאַר מיין געשלעכט, טאָמער ניט — איז ניט...

נאָר אַש האָט עס אַלץ פאַרפעלט, ניט דערזען, דער בליק האָט נישט אויסגערייכט...

ס'איז געווען נאָך אַן אַנדער שווער פּראָבלעם, וואָס שלום אַש האָט נעבעך געדאַרפט לייזן און אויסקלייבן צווישן די קאַטאָליקן און די פּראָטעסטאַנטן.

ס'איז די פראַגע: וואָס איז געשען מיט מעריך, נאָכדעם ווי זי האָט געהאַט ישון: האָט זי געהאַט נאָך קינדער אָדער ניט?

פון דער עוואַנגעליע זעט עס אויס, אַז זי האָט געהאַט נאָך קינדער, זין, און ישו, הייסט עס, האָט געהאַט ברידער. אין דער עוואַנגעליע ווערט גערעדט פון ישוס ברידער. איינער פון די אַפּאָסטאָלן איז „יעקב, דער ברודער פון ישון".

נאָר די קאַטאָליקן האָבן אָנגענומען די שיטה, אַז מערי האָט מער קיין קינדער נישט געהאַט. און דאָס וואָס עס שטייט געשריבן ברידער, זאָגן זיי, אַז דאָס מיינט, ניט קיין לייבלעכע ברידער, נאָר חברה־ברידער.

פאַרוואָס האָבן די קאַטאָליקן אָנגענומען די דאָזיקע שיטה? פּשוט, צוליב ריינער „עטיקעט": עס האָט עפּעס ניט געפּאַסט, אַז די פרוי וואָס איז געווען דאָס ווייב פון גאָט, זאָל דערנאָך זיין דאָס ווייב פון אַ בשר ודם...

האָבן זיי זי געמאַכט פאַר אַן אייביקער בתולה. נאָך ישוס גע־בורט אַזוי ווי פאַר איר.

אָבער די פּראָטעסטאַנטן האַלטן ניט אַזוי. זיי לערנען פשוטן פשט. זיי האַלטן אַז ישוס ברידער, מיינט ברידער ממש.

און שלום אַש, וואָס בכלל גייט ער אין די טריט פון די קאַ־טאָליקן, האָט דאָ אָנגענומען דעם שטאַנדפּונקט פון די פּראָטעסטאַנטן.

דער פּראָטעסטאַנטישער דאָלער האָט אויך הונדערט סענט...

מיר האָבן דאָ נאָר אויפגעהויבן אַ קליינינקן ברעג פאָרהאַנג אויף דעם ספּעקטאַקל פון דער קריסטלעכער אמונה, צו ווייזן אין וועלכן פּלאָנטער זי איז פאַרפּלאָנטערט, און ווי אַזוי אירע טעאָלאָגן און סעקטעס ליגן איינע די אַנדערע אין די האָר און ביי די העלדזער.

און מיר וועלן פרעגן שלום אַשן: ווי שעמט ער זיך ניט צו קומען מיט אַזאַ עבודה זרה צו די קינדער פון אַ פאָלק, וואָס שוין טויזנטער יאָר אַז עס שלייפט און שלייפט דעם „אחד", און האָט אים אויסגע־שלייפט אין דעם איידלסטן פינקל־געדאַנק, וואָס דער מענטשלעכער

מוח האָט דערוויזן אַרויסצוברענגען אונטער דער זון, שענער פון דער זון?

צו וועמען, דו נאַרישער מענטש, ברענגסטו עס דידאָזיקע לע־רעס? און וואָס פאַר אַ צייט האָסטו עס אויסגעקליבן?

נאָר משוגעת ווייסט ניט פון קיין צייט. שלום אַש האָט אויסגע־קליבן צו טראָגן קריסטנטום צו אידן אין אַ צייט, ווען דאָס צעפאַלט זיך אַפילו ביי די גויים. איך מיין דאָ ניט דווקא די גוואַלדריסן וואָס דער קאָמוניזם מאַכט אין דער קריסטלעכער קירכע. איך מיין דעם פאַנאַנדערפאַל פון קריסטנטום אין זיך אַליין, וואָס ער איז געוואָרן אומפעאיק זיך צו פאַרטיידיקן ווי אַן אידייע. דער באַרימטער רוסי־שער רעליגיעזער פילאָזאָף פון קריסטנטום, ניקאָלאַי בערדיאַיעוו, שרייבט, אין אונדזערע טעג, און זאָגט:

„אין אַ געוויסן זין קען געזאָגט ווערן, אַז קריסטנטום, דאָס היס־טאָרישע קריסטנטום, קומט צו אַ סוף, און אַז אַן איבערגעבורט קען מען דערוואַרטן נאָר פון אַ רעליגיע פון דעם הייליקן גייסט, וואָס וועט ברענגען קריסטנטום ווידער צו אַ געבורט („דהי דיוואַין ענד דהי יומען", ז. 1).

אין אַזאַ צייט קומט שלום אַש צו אונדז פעדלען קריסטנטום. און אין אַ צייט ווען די קריסטלעכע אייראָפּע האָט אויסגעשאָכטן אונ־דזער פאָלק...

עס ווערט דערציילט: אין אַ שטעטעלע מיטן נאָמען סעמיאַטיטש האָט אַמאָל אַ בחור זיך געשמדט און האָט זיך באַזעצט ביים גלח אין קלויסטער. איז זיין מאַמע טאָג־טעגלעך געגאַנגען און זיך געשטעלט פאַרן קלויסטער און געוויינט און געיאָמערט צו איר זון, ער זאָל אַרויס־קומען. אָבער ער איז ניט אַרויסגעקומען.

און איין טאָג, ווען איר פאַרצווייפלונג איז שוין געווען איבער אירע כוחות, האָט זי אויפגעריסן איר קלייד און האָט אַרויסגענומען אירע בריסט, און אַנטקעגן הימל און קלויסטער האָט זי געשפּיגן אויף זיי, און זיי געשאָלטן, וואָס זיי האָבן איר גענערט אַזאַ זון...

דאָס אייגענע וואָלט געוויס געטאָן אַן אַנדער מאַמע פון אַן אַנ־דער אידישן שטעטעלע, מיטן נאָמען קוטנע *), ווען די קינדער פון דער „מאַמע מערי" וואָלטן ניט פאַרברענט דאָס שטעטעלע מיט דער מאַמע אינאיינעם...

---

*) שלום אַשס געבורטשטעטל.

# „איין גורל"

(אַ בריוו צו שלום אַשן)

1

אייער רבי, מר. שלום אַש, אייער הייליקער פּאָולוס, האָט גע־פּריידיקט זיינע לערעס אין דער פאָרעם פון בריוו. בריוו צו די גויים און בריוו צו די אידן. האָט איר אָנגענומען אייער רבינס נוסח און האָט אויך אָנגעשריבן „אַ בריוו צו די קריסטן"*). נאָר אַזוי ווי איר האָט אויף אייער בריוו ניט אַרויפגעשטעלט דעם טראַדיציאָנעלן „בחדר"ג", האָב איך געפּילט, אַז איך מעג אים אויך לייענען. האָב איך אים געלייענט און וויל אייך שרייבן וועגן דעם.

דעם אמת געזאָגט, טו איך עס, ניט אָן מורא אין האַרצן. ווייל איך געדענק ווי אַזוי איר האָט זיך אויסגעדריקט צו מיר דעמאָלט, ווען איר האָט זיך געוואָרפן מיך שלאָגן פאַר מיינע אַרטיקלען וועגן אייער ערשטן קריסטלעכן בוך. איר האָט דעמאָלט געזאָגט: „ווייסט איר וואָס עס וואָלט געווען, ווען איך גיי צו די גויים און דערצייל זיי, אַז מ'רודפט מיך ביי אידן פאַר מיין „נאַזאַרין"? זיי וואָלטן דאָך מיך געמאַכט פאַר אַ הייליקן!"

אין אַ שפּעטערער צייט האָט איר געסטראַשעט דעם „פאָרווערטס", אַז איר וועט אים שלעפּן אין געריכט.

און דאָס אַלץ איז אויך אין דעם נוסח און אין דער שיטה פון אייער הייליקן פּאָולוס. ער איז געווען דער ערשטער וואָס האָט איינגעשטעלט די טראַדיציע פאַר אַלע אידישע אַפּטריניקעס נאָך אים, אַז וואָס עפּעס סטראַשען זיי מיט „די גויים". איר געדענקט דאָך, אייך דאַרף מען דאָך ניט דערציילן, אַז ווען די אידן, ווי עס שרייבט דער נייער טעסטאַמענט, האָבן געוואָלט משפּטן פּאָולוסן, האָט ער געזאָגט: „אָ, ניין! מיך קענען די אידן ניט משפּטן, ניט מיך! איך בין אַ רוימישער בירגער! אויב משפּטן, וועט מען מיך משפּטן אין רוים, ניט אין ירושלים!"...

*) Sholem Asch: One Destiny, An Epistle to the Christians.

די אידישע אַפּטריניקעס, ווי נאָר זיי שפּרינגען אַריבער אויף דער אַנדערער זייט פֿאַרקאַן פון אידישקייט, אַזוי גלייך דערפילן זיי זיך צווישן די שטאַרקע אַזוי שטאַרק און זיכער...

און נאָך עפּעס וועגן פּאָולסעס נוסח, וואָס האָט אַ שייכות צו אונדזער ענין. פּאָולוס איז, פאַר קיין אידן געדאַכט, געווען אַ ביסל אַ צעדריי־טער. איך זאָג עס ניט! חלילה וחס! ס'איז מסוכן! נאָר דער בייער טעסטאַמענט אַליין שרייבט עס. איר געדענקט דאָך, ווען מ'האָט אים געבראַכט פאַרן רוימישן פּראָקוראַטאָר פעסטוס, און דער פּראָקוראַטאָר האָט אים געהערט רעדן, האָט ער אויסגערופן: „דו ביסט משוגע, פּאָולוס, דיין גרויס געלערנטקייט מאַכט דיך משוגע".

אָט די „שוואַכקייט" פּאָולוסעס פילט זיך אין אַלע זיינע שריפטן, זיינע „בריוו". זיי זיינען אַזוי פאַרפּלאָנטערט און פאַרוויקלט און פאַר־דרייט און פול מיט מסירות, אַז קיינער, אַפילו די שאַרפסטע קריסט־לעכע קעפּ, האָבן זיך ניט געקענט פאַנאַנדערקלייבן אין אים (ער האָט געדאַרפט אַ רעדאַקטאָר, אַזוי ווי איר...). דער סוף איז, אַז גאָר אַ סך קריסטן זאָגן, און זאָגן עס שוין לאַנג, אַז מ'דאַרף אים גאָר אינגאַנצן אַרויסוואַרפן פון דעם קריסטנטום. ער האָט אומגליקלעך געמאַכט די קריסטלעכע רעליגיע, טענהן זיי. דאָס וואָס קריסטנטום איז צעשפּאָלטן געוואָרן אויף אַרום דריי הונדערט באַזונדערע קירכעס, וואָס עסן אַראָפּ איינע דער אַנדערער די קעפּ, איז עס נאָר צוליב פּאָולוסעס צעדרייטן מוח, זאָגן זיי.

און אָט די „גייסטיקע השפּעה" פון פּאָולוסעס געלערנטקייט, מערקט זיך גאַנץ שאַרף אין אייער „בריוו", און דווקא אָן געלערנט־קייט... אייער „בריוו" איז אַזוי פול מיט סתירות, פּלאָנטערס און צעדרייעענישן, און פאַלשקייטן, און פשוטער אומוויסנקייט, אַז ס'איז ממש אַ גרויל. און אויך מיט באַהויפּטונגען, וואָס זיינען אין מער ווי איין פּרט אַ סכנה פאַר אידן, עלול צו ברענגען אויף זיי אומגליק גאָר פון אַ נייער זייט. איך וועל זיך ניט אונטערנעמען דאָ צו ווייזן אייך די פּלאָנטערס און די סתירות. ס'וואָלט גענומען צו לאַנג. און סיי־ווי, יעדערער וואָס לייענט אייער ביכל טאַפּט זיי אַליין אָן ממש מיט די הענט. איך וועל זיך נאָר אָפּשטעלן אויף אייניקע קלאָרע טיילן אין אייער „בריוו", כאָטש זיי זיינען אויך געננוג „צעדרייט"...

קלאָר איז אייער דערקלערונג צו די קריסטן פאַרוואָס איר נעמט זיך דאָס רעכט צו רעדן צו זיי און וועקן זייער קריסטלעכן געוויסן. „עס איז — זאָגט איר — די ערפורכט וואָס איך האָב פאַר אייער גלויבן, עס איז די ליבע, די פרומע איבערגעבנקייט („דעוואָשאָן") און די גע־טרייהייט („פעיטהפולנעס"), וואָס איך פיל צו דעם גרינדער פון אייער

רעליגיע (צו דעם נוצרי, הייסט עס), וואָס גיבן מיר דעם מוט און דאָס רעכט צו נעמען בנוגע איך די שטעלונג פון איין ברודער וואָס רעדט צום אַנדערן".

דערפון איז קלאָר, זייער קלאָר, ווער עס רעדט.

קלאָר איז דער „אַטעסטאַט" וואָס איר גיט אַרויס דעם היינטיקן קריסטנטום, אַז קיינמאָל איז ער נאָך ניט געווען אַזוי גוט און שיין און פיין און דערהויבן ווי אין אונדזערע טעג. „קיינמאָל זינט די טעג פון קאָנסטאַנטין — שרייבט איר — האָט דאָס קריסטנטום ניט דער־גרייכט צו אַזאַ הויך און איז ניט דערגאַנגען אַזוי נאָענט צום מקיים זיין די געבאָטן פון ישוע, אין וואָרט און אין טאָט, ווי אין אונדזערע טעג". ווי אַ „געטרייער" ברודער צום קריסטנטום, איז פאַרשטענדלעך פאַרוואָס איר רעדט אַזוי.

קלאָר איז, ווייטער, וואָס איר זאָגט, אַז איר רעדט „אין נאָמען פון מיליאָנען" אידן. איר רעדט אין נאָמען פון אַלע אומגעקומענע אידן און אין נאָמען פון די אידן וואָס זיינען לעבן־געבליבן אין אונדזער שרעקלעכער צייט. איר רעדט פאַר פייער און פאַר וואַסער. כאָטש איך ווייס ניט ווי אַזוי אַ מענטש, וואָס שטייט מיטן פנים און מיטן האַרצן „אַהין", קען ווערן דער פאַרטרעטער און פירשפּרעכער פון די אידן וואָס שטייען „דאָ".

וועגן די לעבעדיקע אידן ברענגט איר צו די קריסטן די בשורה, אַז זיי חלשן שוין ממש אַריינצופאַלן אין די אָרעמס פון קריסטנטום. „אין דער געשיכטע פון ביידע רעליגיעס — שרייבט איר — ווייס איך ניט פון אַן אַנדער צייט ווען די אידיש־קריסטלעכע פאַרשטענדיקונג און איבערבעטונג איז געוואָרן, אַזוי ווי היינט, דער באַוואוסטזיניקער פאַרלאַנג סיי ביי די גרעסטע גייסטיקע פירער, סיי ביי די מאַסן פון ביידע צדדים. אין די מוחות פון דער גרעסטער צאָל אידן, איבער־הויפּט צווישן אונדז אין אַמעריקע, איז פאָרגעקומען אַ רעוואָלוציאָנערע איבערקערעניש אין די געדאַנקען וועגן דער פּערזאָן וואָס איז דער סימבאָל פון די קריסטלעכע גלויבנס, ווי אויך וועגן די קריסטלעכע גלויבנס גופא".

און וועגן די אידן, וואָס זיינען אומגעקומען אויף קידוש השם דורך היטלערן, זאָגט איר, אַז ווען זיי זיינען געפירט געוואָרן צו די שחיטות, זיינען פאַראויס פון זיי געגאַנגען אליהו הנביא, דוד המלך, די אָבות, די נביאים און אויך ישו. איר האָט אים מסתמא אַליין געזען. און ווען זיי האָבן אויסגעהויכט זייערע נשמות אין די פלאַמען, האָט „דער משיח", שרייבט איר, אויסגעשטרעקט זיינע הענט זיי אויפצו־נעמען און „זיי האָבן אים געזען"... און „משיח", שרייבט איר דאָך

אין אייער „בריוו״, דער אידישער און דער קריסטלעכער, איז דער זעלביקער משיח, דאָס הייסט — ישו.

איז מילא, די קדושים זיינען טויט און זיי קענען אייך ניט ענט־פערן. אייער גליק, אָבער „די גרעסטע צאָל אידן״ וואָס לעבן, גאָט צו דאַנקען, און וואָס איר זאָגט אַז זיי לעכצן „אַהין״ — זיי קענען אייך ענטפערן.

איך בין איינער אַזאַ איד, און ווען איך זאָל זיין ראוי צו רעדן אין נאָמען פון אידן, אָדער ווען מ׳זאָל מיך פרעגן, ווייסט איר, פּאַני אַש, די ערשטע זאַך וואָס איך וואָלט געטאָן? איך וואָלט געלאָזט גאָר, אַז גויים זאָלן אייך ענטפערן! גוטע גויים. אַ גוטער גוי איז בעסער פון אַ שלעכטן אידן אַפילו בנוגע אונדזער אמונה.

און אָט ברענג איך אייך דעם ערשטן גוי אַזאַ. איר זאָגט, אַז דאָס קריסטנטום היינט איז גאָר אַזעלכס ווי אַזוינס. לאָמיר הערן וואָס ער האָט צו זאָגן.

זיין נאָמען איז עמערי ריווז — ניט אַבי ווער צווישן קריסטן אין אַמעריקע. און ער האָט נאָר־וואָס אַרויסגעלאָזט אַ בוך מיטן נאָמען „דהי אַנאַטאָמי אָוו פּיעס״ (די אַנאַטאָמיע פון שלום). זיין בוך איז אַרויס אינגאַנצן מיט אַ פּאָר מאָנאַטן פאַר אייער „בריוו צו די קריסטן״. ער רעדט, אַלזאָ, וועגן דער אייגענער צייט וואָס איר, וועגן „אונדזערע טעג״. און אָט וואָס ער זאָגט וועגן קריסטנטום (ז. 76):

„דער מאַסן־מאָרד, פּייניקונג, די רדיפות און נגישות, וואָס מיר זעען־צו אינמיטן פון דעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, באַווייזן דעם פולשטענדיקן באַנקראָט פון קריסטנטום ווי אַ ציוויליזירנדיקע קראַפט, זיין דורכפאַל ווי אַן אינסטרומענט צו צאַמען די אינסטינקטיווע מענטש־לעכע ליידנשאַפטן און איבערצוועגדערן דעם מענטשן אין אַ פאַר־שטענדיקן געזעלשאַפטלעכן וועזן.

„די אויפלעבונג פון באַרבאַריזם און מאַסן־מאָרד איבער דער גאַנצער וועלט קען ניט באַטראַכט ווערן ווי די אַרבעט פון אַ צאָל גאַטלאָזע, סאַדיסטישע געסטאַפּאָ־לייט און אַ ביסל פאַנאַטישע גלויבער אין שינטאָאיזם. דאָס ווערט פּראַקטיצירט פון אַ סך מענטשן פון אַ סך נאַציאָנאַליטעטן וואָס גייען אין די קירכן.

„מיליאָנען אומשולדיקע מענטשן זיינען אויסגעמאָרדעט געוואָרן אין קאַלטן בלוט, צענדליקער מיליאָנען זיינען באַגזלט, דעפּאָרטירט און פאַרשקלאַפט געוואָרן דורך קריסטן, וואָס שטאַמען פון פאַמיליעס וועלכע באַלאַנגען שוין הונדערטער יאָרן צו די רוימיש־קאַטוילישע, גריכיש־קאַטוילישע (פּראַוואָסלאַוונע) און פּראָטעסטאַנטישע קירכעס. גרויזאַמקייטן, אַזעלכע מוראדיקע און אוממענטשלעכע, אַז די פאַנ־

טאַזיע קען עס גאָר ניט באַנעמען, זיינען באַגאַנגען געוואָרן דורך אָן אַ שיעור מענטשן, ניט בלויז דייטשן און יאַפּאַנער, נאָר שפּאַניער, איטאַליענער, פּאָליאַקן, רומענער, אונגאַרן, פראַנצויזן, סערביער, קראָ־אַטן און רוסן. און די דאָזיקע מעשים, וואָס זייער ווילדקייט איז ניט געהערט געוואָרן אין דער גאַנצער געשיכטע פון דער מערב־ציוויליזאַציע, זיינען טאָלערירט געוואָרן, און דערפאַר באַגאַנגען געוואָרן מיט דער שטילער הסכמה, פון יעדער אָרגאַניזירטער קריסטלעכער רעליגיע".

איר הערט ווערטער, מר. שלום אַש ? — אַט אַזוי רעדט אַן ערלעכער קריסט !

און אַ גרויסע פּלעיאַדע פון די שענסטע פּערזענלעכקייטן אין אַמעריקע האָבן געגעבן זייער הסכמה אויף זיינע רייד.

היינט שטעלט אייך פאָר, אַז צו דעם דאָזיקן מר. ריווז אין די הענט פאַלט אַריין אייער „בריוו", וואָס איר האָט דאָך געשריבן צו אים אַזוי גוט ווי צו אַנדערע קריסטן, און ער לייענט דאָרט, אַז דווקא „אין אונדזערע טעג" איז דאָס קריסטנטום געוואָרן דאָס אמתע קריסטנטום, אַזוי ווי ישו האָט געבאָטן — וואָס קען ער דערויף זאָגן ? וועט ער ניט זאָגן צו אייך דאָס וואָס דער פּראָקוראַטאָר פעסטוס האָט געזאָגט צו אייער רבין, אייער הייליקן פּאָולוסן ?

2

## אידנטום און קריסטנטום

וואָס טוט איר מיט דער אידישער טראַגעדיע, מר. שלום אַש ? וואָס צעמאַכט איר מיט אונדזער אומגעהויערן, אומפאַרגלייכלעכן אומגליק ? איר מאַכט דערפון פּראָפּאַגאַנדע פאַר קירכע און קריסטנטום. איר נעמט זעקס מיליאָן געשאָכטענע אידן, טראָגט זיי אַרום איבער דער וועלט און שרייט : הוראַ פאַר ישון ! גרויס איז סעינט פּאָול ! לעבן זאָל די קירכע ! איר גייט אַרום און אָן אויפהער פּרעפּלט איר :

יעזוס איז אמת, און זיין תורה איז אמת. אידן, אין קירכע אַריין !

האָב איך אייך געבראַכט פאַר אַן עדות אַ גוי, דעם מר. עלמער ריווז, וועלכער קוקט אויף דער זעלביקער טראַגעדיע און זאָגט : דאָס קריסטנטום איז אַן אַבסאָלוטער באַנקראָט.

דער חילוק צווישן אייך און אים איז דער : איר קוקט אויפן הייפעלע אידן וואָס גוטע קריסטן האָבן געראַטעוועט, ער קוקט אויף

די זעקס מיליאָן געשאָכטענע אידן, און אויף די מיליאָנען אַנדערע געהרגעטע, באַגזלטע און פּאַראומגליקטע מענטשן. און ער קוקט אויף דער שייכות, ניט צווישן די גרעאַטעוועטע און דער קירכע, נאָר צווישן די געשאָכטענע און דער קירכע. זי האָט עס טאָלערירט, זאָגט ער, און שטילערהייט מסכים געווען. דאָס קריסטנטום איז אויסגע־שפּילט. צוויי טויזנט יאָר, זאָגט ער, איז גענוג פּראָבע.

ווען איר אפשר זאָגן: דער דאָזיקער גוי איז מסתמא אַן אַפּיקורס און דערפאַר איז ער אַ שונא פון קריסטנטום. וועל איך אייך ענט־פערן: מעגלעך, איך קען אים ניט פּערזענלעך, קען איך ניט זאָגן. וועל איך אייך דערפאַר ברענגען אַן אַנדער עדות, וואָס זיין קריסטלעכע כשרות וועט איר געוויס ניט באַצווייפלען.

איך ברענג אייך דעם באַרימטן שווייצאַרישן טעאָלאָג עמיל ברונגער, פּראָפעסאָר פון טעאָלאָגיע אין צירין. נאָט אייך זיין בוך וועגן ישון: „דער פאַרמיטלער". דאָס בוך איז אַרויס אין יאָר 1927, דאָס הייסט, נאָך פאַר דער היטלער־קאַטאַסטראָפע. דאָס בוך איז אַ גרויסער פאַרזוך צו ראַטעווען דאָס קריסטנטום און איז געוואָרן אַ מין נייע ביבל צווישן קריסטן. לאָמיר אויפמישן זייט 504 אין דער ענגלישער אויסגאַבע. לייענט וואָס דאָ שטייט. דאָ שטייט אַזוי:

„עס איז גאַנץ מעגלעך צו פאַרטיידיקן די טעאָריע, אַז, היס־טאָריש גערעדט, איז דאָס קריסטנטום געווען אַ פיאַסקאָ. אמתע קריסטן וועלן זיין די לעצטע דאָס צו באַשטרייטן... אַפילו אין דער אויפגאַבע צו באַקערן די קריסטן אַליין האָט קריסטוס ניט מצליח געווען"...

איר פאַרשטייט דיבורים, מר אַש? אַ פיאַסקאָ איז דאָס קריסטנטום! טאָ וואָס שטופּט איר אונדז אידן דאָס קריסטנטום אין פּנים אַריין?

און אפשר איז אייך איין טעאָלאָג ווייניק, וועל איך אייך ברענגען נאָך איינעם, און נאָך און נאָך, וויפיל טעאָלאָגן ווילט איר, מר. אַש?

אָט איז דער באַרימטער אַמעריקאַנער טעאָלאָג, פּראָפעסאָר וואָל־טער האָרטאָן, און זיין בוך: „טעאָלאָדזשי אין טרענזישאָן" (די טע־אָלאָגיע אין איבערגאַנג), אַרויס אין יאָר 1943. פון דעם נאָמען אַליין, טעאָלאָגיע אין איבערגאַנג, זעט איר שוין, אַז ס'איז צרות מיטן קריסטנטום. ס'גייט ניט, עס ברענט און מ'דאַרף ראַטעווען. און פאַר־וואָס? אָט פאַרוואָס:

„אונדזערע אידישע פריינט — שרייבט ער, ז. 134 — זיינען גע־רעכט, ווען זיי זאָגן, אַז אויב מיט דעם משיח מיינען מיר דעם, וואָס וועט ברענגען די גאָלדענע עפּאָכע, דאַן איז עס גאַנץ מאָדנע וואָס מיר רופן אָן ישון דער משיח. ער האָט גאָרניט אויפגעטאָן... אַריס־

טאָטעלעס, גאַלילעי און קאַרל מאַרקס האָבן אויפגעטאָן מער פאַר דער אויסלייזונג פון דער מענטשהייט אין אַ געוויסער ריכטונג איידער ער".

אידן זיינען גערעכט, ישו איז נאָך ניט דער משיח — איז מודה מיט וויטיק דער פרומער קריסט. אידן זיינען אומגערעכט, ישו איז דער אמתער משיח — שרייט איר מיט פרייד, שלום אַש. טאָ, וואָס פאַר אַ פּנים קענט איר האָבן, מר. אַש, אַפילו ביי ערלעכע קריסטן, אַ פשיטאָ שוין ביי אידן.

און דאָס איז דער משיח, זאָגט איר, וואָס איז געגאַנגען פּאַראויס פון אונדזערע קדושים אין פּוילן, ווען מ'האָט זיי געפירט צו זייערע טויזנט טויטן. „געגאַנגען פּאַראויס" איז ריכטיק, נאָר אין אַ פּאַר־קערטן זין ווי איר מיינט. ווען ניט די שנאה צו אידן, וואָס מ'האָט געזייט און געשפּרייט אין זיין נאָמען לאַנג פאַראויס, אין משך פון צוויי טויזנט יאָר, וואָלט היטלער ניט געקענט ברענגען אויף אונדז אַזאַ חורבן אין משך פון צען יאָר. איר טיילט אָפּ אידן־שנאה פון קריסטנטום ווי צוויי באַזונדערע זאַכן, אַפילו ווי צוויי הפכים, צוויי סתירות, וואָס שליסן אויס איינע די אַנדערע. אין אמתן זיינען זיי אַ צונויפגעוואַקסענער צווילינג. אַפילו אין אייערע אייגענע צוויי ביכער, דער „נאַזאַרין" און „דער אַפּאָסטל", שרייט אַרויס די שנאה צו אידן פון אַלע זייטן. איר האָט עס ניט געקענט באַהאַלטן. עס ליגט אין דעם שטאָף גופא.

נעמט איר אונדזערע קדושים אין פּוילן און טוט זיי אָן אַ צלם אין דעם מאָמענט ווען זיי האָבן אויסגעהויכט זייערע הייליקע נשמות. איר האָט זיי אָפּגעשמדט מיט גוואַלד פאַר דער גסיסה, אַזוי ווי די אינקוויזיציע פלעגט אַמאָל טאָן. אָט יענע שורשדיקע אידן פון פּוילן, די ערלעכע, די פרומע, די דאַוונערס, די לערנערס, די לומדים, די גאונים, די רבנים און רביים, און די חסידים, די אידן מיט די בערד, מיט די לאַנגע פּאות, מיט די שטריימלעך און יאַרמולקעס, מיט די ציצית און לאַנגע קאַפּאָטעס, וועלכע האָבן זיך אָנגעטאָן אין די טליתים ווען זיי זיינען געגאַנגען צום טויט — זיי האָט איר אָנגעטאָן אַ צלם אויפן האַלדז! און ווען מ'לאָזט אייך וואָלט איר אויפגעשטעלט צלמים אויף זייערע קברים! יענע האָבן זיך איזדיעקעוועט איבער זייערע קערפּערס, און איר איזדיעקעוועט זיך איבער זייערע נשמות!

אויפן וועג צו די קאַלכאויוונס, זאָגט איר, האָט זיי ישו באַגעגנט און געפירט. וואוהין האָט ער זיי געפירט? ער האָט זיי דאָך נאָר געקענט פירן אין גיהנום אַריין. ווייל איר ווייסט דאָך וואָס עס איז ישוס לערע: אַז ווער עס האָט אין אים ניט געגלויבט, ווער עס איז ניט געטויפט געוואָרן פונזיינעטוועגן אין וואַסער, יענער קען נישט

האָבן קיין עולם הבא, נאָר אויף אַלע אייביקייטן צום גיהנום פאַרמשפּט. עס מאַכט ניט אויס וואָס זיי זיינען געווען צדיקים, ווי גערעכטע גאַרבן פול מיט מצוות און מעשים טובים. ווייל, ווידער אַמאָל די קריסטלעכע לערע: מעשים טובים, וואָס ווערן ניט געטאָן אין ישוס נאָמען, זיינען ניט וואוילגעפעלן פאַר גאָט.

דאָס הייסט, אַ איד, אַפילו אַז ער טוט אַ גוטע זאַך, איז עס אויך ניט אָנגעלייגט אין הימל.

אַזוי לערנט מען פשט אין קריסטנטום. איר דאַרפט עס דאָך וויסן.

די קדושים אַליין קומען און זאָגן עדות קעגן אייך, שלום אַש. פון די קאַלכאויוונס אַרויס גייט זייער קול. ניט פון די קברים, ווייל קיין קברים האָבן זיי ניט געהאַט, נאָר פון די קאַלכאויוונס. מיט געזאַנג זיינען זיי אָפט געגאַנגען דעם הייליקן וועג אין די ברענענדיקע מיילער פון די קאַלכאויוונס. און וואָס האָבן זיי געזונגען, מר. שלום אַש?

ניט קיין הימנען צו ישון האָבן זיי געזונגען! קיינער האָט זיי קיינמאָל ניט געהערט זינגען קיין הימנען צום „משיח וואָס איז שוין געקומען”!

געזונגען האָבן זיי „אמי מאמין”:

אני מאמין, אני מאמין<br>
בביאת המשיח,<br>
אני מאמין,<br>
ואף על פי שיתמהמה<br>
בכל זאת אני מאמין...

דאָס איז געווען איינס פון די געזאַנגען אין די היטלער־געטאָס.

איר פאַרשטייט, שלום אַש — אַזוי פיל העברעאיש פאַרשטייט איר נאָך, מסתמא — אויפן משיח, וואָס זוימט זיך נאָך, האָבן זיי געוואַרט, ניט אויף דעם, „וואָס איז שוין געקומען”...

און אין די לעצטע מאָמענטן האָבן זיי געשריען דעם אייביקן געשריי פון קידוש השם:

שמע ישראל ה' אלקינו ה' אחד!

מיט אַ לאַנגן, אויסגעצויגענעם אחד, ווי דער מנהג איז.

איר פאַרשטייט — אחד, איינער, זיי האָבן געשווידערט פאַר שיתוף...

קומט איר, ציניקער וואָס איר זייט, און אין די פאַרברענטע העלדזער, שטופּט איר זיי דעם אותו האיש...

אין אונדזער גאַנצער זינדיקער צייט, אַ צייט פון איבערגעשטי־

גענעם סדום, איז ניט געווען קיין גרעסערע שטיק ציניזם ווי אייער דערציילונג: „יעזוס אין געטאָ“. איר דערציילט דאָרט אַ מעשה, ווי אַזוי אין דעם רויטן קלויסטער, וואָס אויף גזשיבאָוו גאַס אין וואַרשע, איז אויף אַ צלם לעבעדיק געוואָרן דער געקרייציקטער, און ער איז אַראָפּ פון צלם, האָט זיך אָנגעטאָן אין אַ טלית, און איז אַריין צווישן אַ המון פּאָליאַקן, וואָס די נאַציס האָבן אויפגעהעצט צו אַ פּאָגראָם אויף אַ מחנה אַרומגערינגלטע אידן, און האָט די אידן אָפּגעראַטעוועט פון אַ פּאָגראָם.

איר ווילט אַזוי אַרום ריינוואַשן די פּאָליאַקן פון שולד לגבי אידן. די פּאָליאַקן, וואָס האָבן מיט גרויס הנאה געצויגן אין זיך דעם ריח פון געבראָטענעם אידישן לייב, וואָס האָט זיך אַריבערגעטראָגן צו זיי איבער „דער וואַנט“ פון דער געטאָ אין פלאַמען. די פּאָליאַקן, וואָס האָבן פאַרראַטן די געטאָ־קעמפּער און זיי ניט געקומען צו הילף מיט זייער צוגעזאָגטן וואָפן. די פּאָליאַקן, וואָס האָבן געהאַט אַזאַ ווערטל: „די דייטשן וועלן פאַרוואַרפן היטלער׳ס קבר מיט שטיינער דערפאַר וואָס ער האָט חרוב געמאַכט דייטשלאַנד, אָבער די פּאָליאַקן וועלן פאַרוואַרפן זיין קבר מיט בלומען דערפאַר וואָס ער האָט זיי פריי געמאַכט פון די אידן“.

מיט דער מעשה מיטן לעבעדיק געוואָרענעם קרוסיפיקס, וואָס האָט „געראַטעוועט“ אידן, ווילט איר אַראָפּנעמען פון קריסטנטום די אחריות פאַרן אידישן חורבן. מיטן שטנס הילף, ניט אַנדערש, האָט איר פאַר דער סצענע אויסגעקליבן דווקא דעם רויטן קלויסטער אויף גזשיבאָוו, אַ קלויסטער וואָס איז געשטאַנען פונקט אויפן ראַנד פון דער געטאָ.

ווען וואַרשע איז אַרויסגעריסן געוואָרן פון די נאַצישע הענט, און עס האָט זיך אויפגעהויבן דער פייער־פאָרהאַנג, הינטער וועלכן עס האָט זיך אָפּגעשפּילט די גרעסטע אידישע טראַגעדיע פון אַלע צייטן, האָט די וועלט דערזען אַזאַ שוידער־בילד:

דאָס וואָס איז געווען די אידישע געטאָ, איז געווען נאָר איין גרויסער באַרג שטיינער. אויף ווי ווייט דאָס אויג האָט נאָר געקענט גרייכן, אויף אַ שטרעקע פון מיילן גאַסן און סקווערן, גאָרניט אויסער שטיינער, שטיינער, שטיינער. און ניט קיין גאַנצע שטיינער זיינען דאָס געווען, און ניט קיין האַלבע, און ניט קיין פערטל, נאָר שטיינער־מעל איז עס געווען! אַזוי ווי די גאַנצע געטאָ וואָלט דורכגעגאַנגען די מיל־שטיינער פון אַ מיל און וואָלט צעמאָלן געוואָרן אויף דינע מעל. אַ לעצטער שטומער עדות אויף דער גרויזאַמקייט פון דער דייטשישער פוריע.

און אונטן, פונקט אַזוי דין צעמאָלן, זיינען געלעגן די ביינער

פון אונדזערע אומפאַרגעסלעכע, אויף אייביק אומפאַרגעסלעכע געטאָ־קעמפער.

נאָר ביים סאַמע ראַנד פון דער צעמאָלענער געטאָ, אַנטקעגן דעם פרייען האָריזאָנט פון דער צעשאָסענער שטאָט, איז געשטאַנען, גלייך און גראַד און גאַנץ, מיטן שפּיץ צלם שטעכנדיק דעם הימל, די רויטע קירכע אויף גזשיבאָוו גאַס.

זי איז געשטאַנען און עס האָט איגנאַנצן פון איר אַרויסגעשריען נצחון. קריסטלעכער נצחון איבערן אידנטום, יענער נצחון וואָס האָט אייביק באַרעכטיקט אידישע רדיפות אַלס שטראָף פאַר אידישער עקשנות קעגן דעם קריסטלעכן דערלייזער.

די קירכע איז געשטאַנען גאַנץ, גלייך און גראַד און שטאָלץ, און צו אירע פיס איז געלעגן דאָס אידנטום צעמאָלן אויף שטויב. אַן עדות־זאָגונג.

בילדער פון דער דאָזיקער לאַנדשאַפט זיינען אַרויס איבער דער גאַנצער וועלט. אין יעדן אידישן הויז וואָלט געדאַרפט אויף אַ וואַנט הענגען אַזאַ בילד, צו זיין אַ צווייטע אידישע טרערן־וואַנט.

און פון יענעם קלויסטער, וואָס איז געשטאַנען און אַראָפּגעקוקט מיט טריאומף אויפן גרויליקסטן אידישן חורבן, האָט איר, שלום אַש, אַרויסגערופן דעם נוצרי און געזאָגט: ער האָט געראַטעוועט.

וואו האָט זיך ביי אייך גענומען אַזאַ האַרץ, אַזאַ חוצפּה, אַזאַ ציניזם? פוי!

נאָר לאָמיר ניט אין כעס ווערן. לאָמיר רעדן רואיק. פון די קריסטלעכע עדות, וואָס איך האָב אייך געבראַכט, מר. אַש, און איך קען זיי ברענגען אין די הונדערטער, איז קלאָר, אַז דאָס קריסטנטום מאַכט דורך אַ טיפן, אַן אומגעהויערן קריזיס. איז דאָך עס אין טיפסטן זין פון וואָרט אַ גייסטיקער נצחון פאַרן אידנטום. מיר האָבן זיי דאָך עס געזאָגט, געוואָרנט, אַז עס וועט „ניט אַרבעטן". שוין צוויי טויזנט יאָר, אַז מיר האָבן עס געטענהט. אין אַזאַ צייט קומט איר צו פאַר־טומלען אומוויסנדיקע אידישע אינגלעך און מיידלעך אַז דאָס קריסטנ־טום האָט באַזיגט דאָס אידנטום!

אַז איך רעד ניט פון פוסטן פאַס, וועל איך אייך באַווייזן מיט נאָך אַן עדות, און ווידער אַ קריסט, און ווידער אַ טעאָלאָג. זיין נאָמען איז דזשעי. ערנעסט ראַיט. ער איז אַ פּראָפעסאָר פון תנ"ך אין דעם מעקאָרמיק טעאָלאָגישן סעמינאַר אין שיקאַגאָ. אַלזאָ, אַ פרומער קריסט. אין 1944 האָט ער אַרויסגעלאָזט אַ קליין בוך מיטן נאָמען: „דהי טשאַלענדזש אָוו איזראַעלס פעיטה". און וואָס זאָגט ער אין דעם בוך? ער זאָגט, אַז דאָס קריסטנטום דאַרף זיך אומקערן צוריק צום

אַלטן אידישן תנ"ך נאָך אַן אמתן באַגריף פון גאָט. עפּעס איז דער קריסטלעכער גאָט, זאָגט ער, צו־ווייך, צו צעקראָכן... מ'קען פאַר אַזאַ גאָט גאָר קיין מורא ניט האָבן. אָט זיינען זיינע אייגענע ווערטער:

מיט ישון און דער גאַנצער קריסטלעכער לערע, זאָגט ער, „האָבן מיר זיך איינגערעדט, אַז דאָס איז אַ טייערע וועלט און ס'איז גאָר ניטאָ וואָס זיך צו שרעקן. גאָט? — ער איז אַ וואונדערבאַרער טאַטע, צו־גוט אַז ער זאָל אונדז עפּעס אָפּזאָגן, און צו־העפלעך ער זאָל אונדז שטראָפן פאַר עבירות" (ז. 48).

זיי, די אידן, שרייבט ער, זיי ווייסן וואָס גאָט איז. זיי פאַרשטייען בעסער דעם ענין, איידער מיר קריסטן. לאָמיר זיך לערנען ביי זיי.

זעט איר, אַלזאָ, מר. אַש, אַז דאָס אידישע פאָלק שטייט פאַר דעם גרעסטן גייסטיקן נצחון אין דער געשיכטע. אַ גייסטיקער קאַמף וואָס האָט זיך געצויגן צוויי טויזנט יאָר און איז געפאָכטן געוואָרן מיט בלוט און פייער — אונדזער בלוט און זייער פייער — האַלט זיך אין פאַרענדיקן לטובת אונדז. נאַטירלעך, דאָס וועט ניט געשען היינט־מאָרגן, עס איז אַ פראַגע פון דורות און דורות. אַזאַ לאַנגער קאַמף שליסט זיך ניט אָפּ אַזוי גיך. נאָר אייער קירכע איז דורכגע־פוילט אַזוי ווי אַן אַלטער, צעפרעסענער בוים. עס דאַרף נאָר קומען אַ נייער רעפאָרמאַטאָר, אַ צווייטער לוטער און איר געבן אַ שטאַרקן טרייסל.

קומט איר, מר. אַש, אין אַזאַ צייט און זאָגט צו די קריסטן אין אייער „בריוו", אַז די „גרעסטע צאָל" אידן, אומעטום, אין אויסגע־לאָשענעם פּוילישן אידנטום אויך, און אויבערהויפּט ביי אונדז אין אַמעריקע, ציען זיך היינט צום קריסטנטום.

זייט איר דאָך, מר. שלום אַש, זאָל גאָט ניט שטראָפן פאַר די רייד, אַ גונב דעת. איר ווייסט דאָך, אַז דאָס איז שוא ושקר. ס'איז דאָך גאָר פאַרקערט די מעשה. נאָר די גויים ווייסן דאָך ניט וואָס ביי אונדז טוט זיך. קענען זיי נאָך מיינען, אַז ס'איז אמת. ווייסט איר וואָס דאָס באַדייט? איינמאָל האָט זיי שוין אייער הייליקער פּאָולוס אָפּגענאַרט, ווילט איר זיי אָפּנאַרן נאָך אַמאָל?

פּאָולוס האָט געפּריידיקט צווישן די אַמאָליקע קריסטן, אַז ישו, וועלכער איז כלומרשט פון טויט לעבעדיק געוואָרן און איז אַרויף אויפן הימל, דאַרף אַראָפּקומען נאָך אַמאָל, און דעמאָלט וועט זיך פאַרענדיקן די גאולה וואָס ער האָט אָנגעהויבן. ווען וועט ער קומען? היינט־מאָרגן, האָט פּאָול געפּריידיקט. זייט גרייט. איר וועט אים נאָך אַליין זען. אַזוי האָט ער בפירוש געזאָגט. נאָר אַז עס זיינען אַוועק טעג און יאָרן און די קריסטן האָבן גענומען שטאַרבן, ניט דער־

וואַרטנדיק זיך, איז פּאָולוסן געוואָרן זייער ביטער. ס׳טייטש, האָט מען אים געפּרעגט. נאָר צלם־קאָפּ וואָס ער איז געווען, האָט ער שוין געפונען תירוצים.

מיר וועלן זיך דאָ ניט אַריינלאָזן אין די אַלע תירוצים, וואָס די קירכע האָט שטענדיק געגעבן אויף דער דאָזיקער שאלה. נאָר איין תירוץ איז, אַז ישו קען זיך ניט אומקערן צוריק איידער די אידן, וועלכע האָבן אים פאַרלייקנט, וועלן תשובה טאָן און אים אַנערקענען פאַרן אמתן משיח.

פון דעמאָלט אָן וואַרטן די גוים אויף די אידן. אויף זיי הענגט די גאולה. און אין דער קריסטלעכער טעאָלאָגיע גייען אָן גוואַלדיקע וויכּוחים וועגן דעם: ווי אַזוי וועט עס פאָרקומען? אייניקע זאָגן: דאָס וועט געשען אין איין טאָג, מיט אַמאָל, ווען אַלע רבנים וועלן אָננעמען אַן אָפיציעלע רעזאָלוציע פאַרן גאַנצן פאָלק ישראל: מיר גיבן אויף! אַנדערע זאָגן, אַז דאָס וועט געשען פּאַמעלעך, ביז אַלע אידן וועלן זיך ביסלעכווייז אויסשמדן. נאָך אַנדערע זאָגן, אַז מ׳וועט ניט דאַרפן וואַרטן אויף אַלע אידן, אַ מאַיאָריטעט וועט זיין גענוג. און נאָך אַנדערע האַלטן, אַז ניט אַלע און ניט קיין מאַיאָריטעט, נאָר עס וועט גענוג זיין אַן אָפּגעקליבענע ביסל, די „בעסטע״. ווי אַזוי איר, מר. אַש, שטייט אין דער פראַגע ווייס איך ניט.

נון, קומט איר, מר. אַש, היינט צו די קריסטן און איר זאָגט זיי: נאַט אייך די אידן! זיי קומען! זיי זיינען שוין דאָ!

3

## „דאָס מיאוסע אידל״

איר האָט געבראַכט, מר. אַש, צו די קריסטן די בשורה, אַז „ביי דער גרעסטער צאָל אידן, איבערהויפּט ביי אונדז אין אַמעריקע״, איז פאָרגעקומען „אַ רעוואָלוציאָנערע איבערקערעניש אין די מוחות״ וועגן דעם קריסטלעכן גואל, וואָס איז אויך, זאָגט איר אין אייער „בריוו״, דער גואל פאַר די אידן, „צוגעזאָגט פון גאָט צו די אָבות״ און „פאָר־אויסגעזאָגט דורך די נביאים, אַלס טרייסט און שכר פאַר אַלע זייערע ליידן״. פאַר פרומע קריסטן איז דאָס די גרעסטע בשורה. זיי וואַרטן שוין אויף דעם זייער לאַנג. זיי האָבן שוין אַפילו פון גאַנץ לאַנג אָנגע־גרייט דעם פּסוק וואָס די אידן וועלן דאַרפן זאָגן ביים איבערבעטן זיך מיטן גואל: ברוך הבא בשם ה׳ (מתיא 23, 39).

אויב איר קענט טאַקע „דעליווערן״ צו די קריסטן „די גרעסטע

צאָל" אידן, זאָג איך אייך, אַז דאָס וועט זיין נאָך אַ גרעסערע סענ־סאַציע, און וועט האָבן נאָך אַ גרעסערע באַדייטונג פאַר דער וועלט, ווי די אַטאָמישע באָמבע. עפּעס אַ קלייניקייט, קריסטוס קומט צוריק אַראָפּ פון הימל, און עס הויבט זיך אָן די ענדגילטיקע גאולה!

די ערשטע איבערקערעניש, פאַרשטייט זיך, וועט פּאַרקומען ביי אידן, ביי יענע אידן וואָס וועלן גיין מיט אייך. קודם כל וועלן זיי דאַרפן פאַרגעסן און אַוועקוואַרפן אַלץ אידישעס און זיך אָנהויבן לערנען אַלץ קריסטלעכעס. אַלץ וואָס די קריסטן ווייסן שוין אויסנווייניק וועלן זיי ערשט דאַרפן אָנהויבן לערנען. זיי וועלן זיין ווי קינדער וואָס הויבן אָן אלף־בית.

אָט זאָגט איר, למשל, אַז אין דער תורה און ביי די נביאים איז איז שוין אָנגעזאָגט אַלץ וועגן ישוּן, אַזוי זאָגן אַלע קריסטן און אַלע מיסיאָנערן. אויף די מיסיאָנערן־הייזער, וואָס פּראַווען צו להכעיס אין אידישע גאַסן, הענגען שילדן: „מיר האָבן געפונען דעם משיח פון וועלכן משה און די נביאים האָבן געשריבן". וואו שטייט עס אָבער טאַקע געשריבן? ווייזן זיי אָן, צום ביישפּיל, אויף יעקב אָבינו. ווען יעקב האָט געבענטשט יוספס קינדער, אפרים און מנשה, האָט ער איבערגע־לייגט די הענט איינע אויף דער אַנדערער. זאָגן זיי: דאָס איז געווען זיין נבואה אויפן צלם...

אָדער: די מנורה אין בית המקדש, זאָגט טאָמאַס אַקווינאַס, דער פילאָזאָף פון קריסטנטום, איז געווען אַן אָנזאָג אויף ישון: אַזוי ווי די מנורה ברענגט ליכט, אַזוי האָט ער געבראַכט ליכט... די צוועלף ברויטן פון דעם „לחם הפּנים", טייטשט ווייטער אַקווינאַס, זיינען געווען אַן אָנזאָג אויף די צוועלף אַפּאָסטאָלן. און אַזוי ווייטער און ווייטער.

בכלל האָבן די קריסטן גענומען אונדזער תנ"ך און אים אויס־געטייטשט קעגן אונדז. צוויי טייטשן, זאָגן זיי, האָבן די ווערטער פון תנ"ך: אַן אויסווייניקסטן און אַן אינווייניקסטן. דער אויסוויי־ניקסטער טייטש, זאָגן זיי, איז פאַר די אידן, און דער אינווייניקסטער איז פאַר די גויים, ד. ה. די קריסטן.

פון פּאָולוסן אָן האָבן זיי שוין אָנגעהויבן דידאַקטיקע סדרה פון אַ אידישן טייטש און אַ קריסטלעכן טייטש פון דער תורה און די נביאים. פּאָולוס באַגרינדעט עס אַפילו „מן התורה"! איר ווילט אפשר הערן ווי אַזוי? ס'איז טשיקאַווע.

אין חומש, ווי אַלע ווייסן, ווערט דערציילט, אַז ווען משה רבינו איז אַראָפּגעקומען פון באַרג מיט די צווייטע לוחות, האָט די הויט פון זיין פּנים געלויכטן, און אַז די אידן האָבן עס געזען האָבן זיי זיך

געפאָרכטן פון גענענען צו אים. פון דעמאָלט אָן האָט משה געטראָגן אַ שלייער אויף זיין פנים.

קומט צוגיין פאָולוס און זאָגט, אַז דערדאָזיקער שלייער אויף משהס פנים איז אין אמתן געווען אַ שלייער צו פאַרדעקן פון די אידן דעם אמתן טייטש פון דער תורה. און דער שלייער איז אָפּגעטאָן געוואָרן בלויז אין ישו המשיח. ד. ה. בלויז די קריסטן קענען אַריינקוקן אין דעם אמתן זין פון דער תורה, בלויז פאַר זיי עפנט ער זיך. אָבער די אידן — „זייערע דעות זיינען פאַרהאַרטעוועט געוואָרן... און ביז אויף היינטיקן טאָג, בעת עס ווערט געלייענט תורת משה, ליגט אַ שלייער אויף זייער האַרץ" (קאָרינטיער 2, 16־13).

פּאָולוס האָט זיך ווייניק געקימערט וואָס ער האָט דאָ פאַרדרייט פסוקים. וואָרום דער חומש דערציילט ווייטער דאָרט אויפן אָרט (סוף סדרה כי תשא), אַז בשעת משה האָט גערעדט צו די אידן און זיי איבערגעגעבן גאָטס רייד, אַזוי ווי בשעת ער האָט גערעדט מיט גאָט אַליין, האָט ער גערעדט אָן דעם שלייער אויפן פנים. ביי פּאָולוסן צעברעכן אַ פסוק פון תורה און נביאים איז געווען אַזוי גרינג ווי נעמען אַ טרונק וואַסער.

על כל פנים פון דאַנען הויבט זיך אָן די מעשה, אַז די תורה האָט די אידן ניט אויסגעזאָגט דעם גאַנצן אמת...

קומט צוגיין די שפּעטערדיקע קריסטלעכע טעאָלאָגיע און שפּאַרט אונטער פּאָולוסן מיט נאָך אַ קוליע. די תורה דערציילט דאָך, אין דערזעלבער סדרה, אַז משה האָט געבעטן ביי גאָט ער זאָל אים ווייזן זיין כבוד, און גאָט האָט אים געענטפערט: „דו וועסט זען מיין רוקן, און מיין פנים וועט ניט געזען ווערן" (שמות לג, כג).

בלויז דעם רוקן, די לינקע זייט פון גאָט און זיין תורה, איז געגעבן געוואָרן אידן צו זען, טייטלען די קריסטלעכע טעאָלאָגן פון דעם פסוק אויף די אידן, און פון די אידן אויף דעם פסוק.

אָבער ניט באַשערט... דער קריסטלעכער נצחון דויערט בלויז ביז איר ווייזט זיי אָן אויף עטלעכע אַנדערע שטעלן אין דער תורה. אין דערזעלבער פרשה דערציילט אונדז די תורה: „וידבר ה' אל משה פנים אל פנים כאשר ידבר איש אל רעהו" — גאָט האָט גערעדט צו משהן פנים אל פנים אַזוי ווי עס רעדט איין מענטש מיט אַ צווייטן. אין אַן אַנדער אָרט אין דער תורה (במדבר יב ח) זאָגט כביכול אַליין: „פה אל פה אדבר בו ומראה ולא בחידות ותמונת ה' יביט" — מויל צו מויל רעד איך מיט אים, ניט אין רעטענישן, און ער קוקט אַריין אין גאָטס געשטאַלט. אויף אַ דריטן אָרט ווערט געזאָגט (דברים לד י), אַז משה איז געווען אַזאַ נביא „אשר ידעו אלקים פנים אל פנים",

וואָס דער אויבערשטער האָט מיט אים גערעדט פּנים אל פּנים.

נאָר ניט דאָס בין איך אויסן, צו ווייזן אייך, מר. שלום אַש, ווי אַזוי די גוים פּלאָנטערן זיך אין אונדזערע פּסוקים און קענען זיך, נעבעך, ניט פאַנאַנדערפּלאָנטערן. איך בין נאָר אויסן געווען אייך צו ווייזן קריסטלעכן דרוש...

קריסטלעכן דרוש אויף אידישער תורה...

ווילט איר אפשר, מר. שלום אַש, אַביסעלע אַ קנעל טאָן אונדזער תורה אויף גויאיש? איך קען אייך ווייזן איינס־צוויי ווי אַזוי זיי מאַכן עס.

נעמט, למשל, די מעשה מיט קין און הבל. זאָגן די קריסטן אַזוי: „דער געהרגעטער הבל איז אַן אָנדייטונג אויף ישו הנוצרי, און קין איז אַן אָנדייטונג אויפן אידישן פאָלק, וואָס האָט דעם נוצרי געהרגעט". און אָט אַזוי, גרינג און גלאַט, ווערט דאָס אידישע פאָלק דער קין פון דער מענטשהייט: געפעלן אייך, מר. אַש, די דאָזיקע גויאישע „חידושי תורה"?

נאָך אַ משל. „נח — לערנען די קריסטן לויט זייער טייטש — איז אַ סימבאָל פון דעם נוצרי, און זיין תבה איז אַ סימבאָל פון דער קאַטוילישער קירך".

ווייטער: די מעשה פון יעקב און עשו און דער בכורה, טייטשן די קריסטן אַזוי:

„דער דאָזיקער איבערגאַנג פון עשוס בכורה צו יעקבן איז געווען אַ נבואה אויף די אידן, וועלכע האָבן אין דעם נוצריס צייט צוריק־געוויזן זיין לערע, און דערפאַר זיינען זייערע רעכט אַריבער צו די גוים, וועלכע זיינען געוואָרן די אמתע אויסדערוויילטע, דער „אתה בחרתנו" איז אַוועק צו די קריסטן".

איר פאַרשטייט, זיי קערן איבער די יוצרות: פון יעקבן מאַכן זיי עשו, און עשו איז גאָר ביי זיי יעקב.

וואָס די קריסטן זיינען אויסן מיט דעם אַלעם איז איין זאַך: צו־צונעמען פאַר זיך דעם תנ"ך. אונדזער תנ"ך, זאָגן זיי, איז געוואָרן זייערער. אַלץ איז זייערס, טענה'ן זיי, די בכורה, דער אתה בחרתנו, דער תנ"ך. אַפילו דער נאָמען ישראל. דער אמתער ישראל זיינען זיי, איז זייער טענה, און אַזוי רופן זיי זיך: דער „אמתער ישראל". דעם אידן האָט מען פיינט, נאָר מ'וויל זיך פּוצן מיט זיין נאָמען. דעם תנ"ך פאָלגן זיי ניט, נאָר זיי שטעלן אַרויס תביעות אויף אים. זייערער איז ער, ניט אונדזערער, און יעדעס מאָל וואָס איר, אַש, שרייבט וועגן דעם נוצרי, אַז ס'איז אַלץ געשען ווי די נביאים האָבן פאָראויסגעזאָגט, טענה'ט איר זייער טענה, רייסט איר דאָס הייליקע תנ"ך פון אידישע

הענט און איר זאָגט: ס'איז ניט אייערס מער, איר האָט עס פאַרזינ־דיקט, עס געהער צו די גויים...

גענוג, אָדער ווילט איר נאָך אַביסעלע „ריידן אין לערנען״?

די מעשה מיט יוסף הצדיק, טייטשן זיי, איז אַ פאַרבילד פון דער מעשה מיטן אותו האיש. יוספן האָבן פיינט געהאַט זיינע ברידער פאַר זיינע חלומות, און דעם אותו האיש האָבן פיינט געהאַט אידן פאַר די נביאות, וואָס זיינען געזאָגט געוואָרן אויף אים. יוסף איז פאַרקויפט און געפייניקט געוואָרן, און אַזוי אויך דער אותו האיש. יוסף האָט לסוף מנצח געווען, און אַזוי אויך דער אותו האיש. יוסף איז געוואָרן הערשער איבער מצרים, און דער אותו האיש איז געוואָרן הערשער איבער הימל און ערד. יוסף האָט געראַטעוועט זיינע ברידער, און דער אותו האיש האָט געראַטעוועט די מענטשהייט...

געפעלט אייך דער דאָזיקער פירוש, מר. שלום אַש? אַוודאי יאָ. איר שרייבט דאָך אַז ביי די נביאים איז שוין דאָ דער גאַנצער נוצרי.

נאָר איך קען זיך עפּעס ניט פאָרשטעלן, מר. אַש, אַז מיין רבי נאָטע דער מלמד, זאָל אייך פאָלגן און נעמען אַזוי קנעלן מיט די משהלעך און שלמהלעך. איך האָב מורא, אַז איר וועט האָבן דיזעלבע דערפאַרונג וואָס יענער מיסיאָנער. איך האָב געלייענט אין אַ מיסיאָ־נערסקער שריפט, וואו דער שרייבער באַקלאָגט זיך, אַז אידן זיינען אַלץ דיזעלבע עקשנים וואָס געווען: ווען איר האָט שוין דעם אידן אַלץ באַוויזן און איבערצייגט, שרייבט ער, נעמט ער און „גיט זיך אַ קראַץ אין בערדל״ און זאָגט: „עפּעס גלויבט זיך דאָס ניט״...

איצט וועלן מיר אַ קוק טאָן אויף עפּעס פון זייערס.

איר נעמט, למשל, דאָס הייליקע „ברויט און וויין״, וואָס יעדער קריסט מוז עסן און טרינקען. דער גלח, אַפילו אַ גרויסער זינדער, נעמט ברויט (מצהלעך אַזעלכע) און וויין, און זאָגט אַ פסוק איבער דעם, און גלייך ווערט עס פאַרוואַנדלט אין פלייש און בלוט פון קריס־טוסן. אין פלייש און בלוט ממש, אַזוי מוז דער קריסט גלויבן. טאָמער ניט, איז ער ניט יוצא. און דער קריסט עסט עס און טרינקט עס און זאָגט דערביי אַזוי:

„באַווייליק אונדז, ליבער גאָט, אַזוי צו עסן דאָס לייב פון דיין טייערן זון יעזוס קריסטוס, און טרינקען זיין בלוט, אַז אונדזערע זינ־דיקע קערפּערס זאָלן ווערן ריין דורך זיין קערפּער, און אונדזערע נשמות זאָלן דורכגעוואַשן ווערן דורך זיין טייערן בלוט״.

איז ווידער דיזעלביקע מעשה: איך קען זיך ניט פאָרשטעלן, אַז אייער מאַמע, מר. אַש, וואָס האָט געווייקט פלייש אַ האַלבע שעה צייט און עס געהאַלטן אין זאַלץ אַ שעה, זאָל קענען נעמען עסן

פלייש אַזוי מיר־ניט דיר־ניט, און נאָך מענטשלעך פליש, און נאָך גאָטס פלייש דערצו. איך קען שווערן פאַר אייער מאַמע, אַז ניט. אייער מאַמע בלייבט מיט אונדז.

איר פאַרשטייט, איך נעם בכיוון אַ פּאָר קאָנקרעטע זאַכן, אַז מיר זאָלן זען געני וואָס עס מיינט ווערן אַ קריסט, ניט סתם וואַרפן נעבל־דיקע פראַזן וועגן משיח, גואל, נביאים, ווי איר טוט.

ווייטער: אונדזערע לומדים און גאונים (כ'מיין אייערע „לומדים און גאונים", מיינע וועלן עס ניט טאָן), וועלן דאַרפן אַוועקוואַרפן די גרויסע גמראס מיט די שווערע סוגיות און זיך נעמען צו גאַנץ נייע סוגיות. למשל, טאַקע וועגן דעם „הייליקן ברויט" וואָס איז געוואָרן גאָטס לייב.

די קריסטלעכע טעאָלאָגן פון מיטלאַלטער, די סכאָלאַסטיקער, האָט געאַרט אַזאַ קשיא: דאָס הייליקע ברויט, וואָס ווערט ניט אויפגעגעסן, בלייבט דאָך ליגן אין קלויסטער, און אין אַ קלויסטער כאַפּט זיך אַמאָל אַריין אַ מייזעלע, און דאָס מייזעלע דערקלייבט זיך צום ברויט און עסט דערפון. צי קען מען זאָגן, אַז דאָס מייזעלע האָט געגעסן גאָט?

אַ האַרבע קשיא. גרויסע קריסטלעכע קעפּ האָבן זיך געבראָכן איבער איר. איצט ווילט איר, אַז די אידישע קעפּ זאָלן זיך אָנהויבן ברעכן איבער איר. מיינט איר, אַז דאָס איז טאַקע אַן ענין פאַרן ראָ־גאַטשאָווער עילוי, האַ?

נאָר לאָמיר שוין דאָס לאָזן אָן אַ זייט. לאָמיר אָננעמען, אַז איר וועט געפינען אייערע אידן. ווען די קריסטן וועלן דערהערן פון אייך, אַז אידן זיינען שוין מוכן ומזומן, וועלן זיי געוויס אָנשיקן אויף אונדז נאָך מער מיסיאָנערן, און וועלן אייך העלפן רעקרוטירן אידן פאַר ישון. און לויט איין שיטה איז דאָך גאָרניט נויטיק אַלע אידן, גענוג „דאָס בעסטע ביסל".

נון, זע איך פון די קריסטלעכע ספרים, וואָס עס וועט זיך דעמאָלט נעמען אָפּטאָן אויפן הימל און אויף דער ערד! און איר, דער אַפּאָסטל פון קוטנע, וועט עס האָבן אויפגעשפּילט די גאַנצע הייליקע און גליק־לעכע מהומה...

די ערשטע זאַך, ווי עס שרייבן די קריסטלעכע ספרים, וועט זיין אַ חתונה אין הימל. דער חתן וועט זיין ישו, און די כלה וועט זיין די קירכע. ישו אין הימל, די קירכע אויף דער ערד, וועט מען זיך צונויפפּאָרן אויף דער חתונה, ביי אַ סטאַנציע צווישן הימל און ערד. ישו, אַרומגערינגלט מיט מלאכים, וועט זיך אַראָפּלאָזן צו די וואָלקנס, און די קירכע מיט אַלע גלויביקע קריסטן, וועלן זיך אויפהויבן פון

דער ערד אַרויף צו די וואָלקנס. דאָרטן וועט זיין די באַגעגעניש פון חתן־כלה, און פונדאַנען וועלן אַלע דערנאָך אַרויפפליען אין הימל אַריין, ווי די קריסטלעכע ספרים שרייבן.

דאָרט וועט געפּראַוועט ווערן די חתונה. „און ער וועט באַדינען זיינע טרייע קנעכט" (לוקאס 12, 37) — ישו אַליין וועט באַדינען. דערנאָך, מען ווייסט ניט אין וויפיל צייט אַרום, וועלן אַלע אַראָפּ־קומען צוריק אויף דער ערד. עס וועט זיין די גרויסע „אַנטפּלעקונג". עס וועט אַראָפּקומען ישו און אַלע וואָס זיינען אַרויף צו אים אין דעם „אין־הימל־אַריין", און זיי אַלע וועלן משפּטן די פעלקער און „די צוועלף שבטים פון ישראל".

איר, מר. אַש, וועט דאָך אַוודאי זיין אויף דער הימלישער חתונה. אַ קליינינקייט, אַ הויפּט מחותן! אוי, וועט איר כאַפּן אַ טענצל! און „ער" אַליין וועט אייך באַדינען. אייך אָפּדינען. און דערנאָך, אַז איר וועט אַראָפּקומען אויף דער ערד צו משפּטן, וועט איר דאָך געוויס זיין באַרמהערציק צו „די צוועלף שבטים פון ישראל", ניט אמת? (נאָר וואָס איך וועל קריגן פון אייך, קען איך מיר שוין פאָרשטעלן).

אין דער צייט צווישן דער הימלישער חתונה און דעם אַראָפּנידערן צום משפּט — וואָס וועט דערווייל זיין אויף דער ערד? דעמאָלט, זאָגן די קריסטלעכע ספרים, וועט זיין די אמתע „עת צרה ליעקב" — יענעם יעקב וואָס וועט נאָך אַלץ בלייבן פאַרעקשנט...

נאָר דאָ, מר. אַש, שטעלט זיך גאָר אַ שפּיציקע פראַגע פאַר אייך. וועלכע קירכע איז דאָס די, וואָס וועט אַרויפגיין אין הימל אַריין? וועלכע, הייסט עס, איז די אמתע כלה? די רוימישע קירכע זאָגט, אַז זי איז דאָס, ניט אַנדערש. אַלע אַנדערע געהערן גאָר צום טייוול, צום „אַנטיכריסט", צו ישוס בלוטיקסטן שונא. קומט, ווידער, די „וועסטמינסטער אַסעמבלי" (ענגלאַנד) און זאָגט פאַרקערט. אין דער „וועסטמינסטער קאָנפעשאָן אָוו פעיטה" (אַני מאמין) איז דאָ אַ בפירושער „אַני מאמין באמונה שלמה", אַז די רוימישע קירכע און דער פּאַפּסט זיינען דער אמתער אַנטיכריסט. די פּראַוואָסלאַוונע קירכע, פּראָטעסטאַנטישע קירכעס און „דזשעהאָ—ס וויטנעסעס" זאָגן דאָס אויך. און די רוימישע קירכע זאָגט פונקט דעם היפּוך, נעמלעך, אַז אַלע אַנדערע קירכעס זיינען די וואוינונג פון דעם שטן. זיך דערוויסן דעם אמת וועט מען ערשט דעמאָלט, ווען דער „חתן" וועט קומען באַגעגענען די „כלה". יענע קירכע, וואָס וועט אַרויפגיין אויפן הימל, וועט מען וויסן, אַז זי איז די אמתע. אַלע איבעריקע וועלן דאַן קלאָר באַוויזן ווערן פאַר די קירכעס פון דעם טייוול, און זייערע גלויביקע, כאָטש זיי רופן זיך קריסטן, וועלן האָבן אַ פינצטערן סוף.

נון, מר. אַש, איר רופט אייערע אידן צו דער קירכע. צו וועלכער קירכע, אייגנטלעך, רופט איר זיי? צי רופט איר זיי צו דער ריכטיקער קירכע, צו דער אמתער כלה? אפשר שלעפּט איר זיי גאָר צו אַלדי שוואַרץ יאָר?

איר מוזט עס באַשליסן איצט. שפּעטער וועט שוין זיין צו שפּעט. איר שטעלט דאָך די „צוקונפט״ פון „אייערע״ „אידן״ אין קאָן...

די צרה פאַרוואָס מען ווייסט ניט וועלכער קריסטנטום ס'איז דער אמתער, האָט אָנגעמאַכט אייער רבי, פּאָולוס, וועלכן איר האָט געבראַכט צו אידן. מיט זיינע פּלאָנטערנישן האָט ער אַזוי צעדרייט די גויאישע קעפּ, אַז זיי ווייסן ניט אויף וועלכער וועלט זיי זיינען. און אַזאַ גרויסער מענטש ווי טאָמאַס דשעפערסאָן האָט אים אָנגערופן די ערגסטע נעמען, כמעט זשוליק, שאַרלאַטאַן. דאָס ענגלישע וואָרט וואָס ער באַנוצט איז: „אימפּאָסטאָר״.

וואָס זאָגט איר דערויף, שלום אַש? און אויב דאָס איז אייך ווייניק, טאָ נאָט אייך ערנסט רענאַן, וועלכער האָט שטודירט אויף גלח און האָט אָנגעשריבן דאָס שענסטע בוך וועגן ישוס לעבן, און ער האָט אָנגערופן פּאָולוסן גאַנץ פּשוט: „דאָס מיאוסע אידל״. און „עס ענדיקט זיך שוין זיין הערשאַפט!״ זאָגט ער. ער רעדט מיט זיכערקייט, אַז פּאָולוסעס „ממשלה אין דער קירכע דערנענטערט זיך צו איר סוף״.

נעמט איר, מר. שלום אַש, דאָס באַנקראָטירטע אידל, און איר ברענגט אים ערשט איצט צו אידן, און זאָגט: אייער נייער משה רבינו...

4

## דער קינדער־כאַפּער

דאָס וואָרט „אימפּאָסטאָר״, מר. שלום אַש, אָפּגעטייטשט אויף אידיש, קען מיינען איינס פון אַ סך זאַכן: ליגנער, באַטריגער, רמאי, צבועק און נאָך אַ פּאָר נעמען, וואָס איך וויל אַפילו אויף די ליפּן ניט ברענגען. ס'איז ניט מיין שולד וואָס טאָמאַס דזשעפערסאָן, דער פּאָטער פון דער אַמעריקאַנער דעמאָקראַטיע, האָט אַזוי אָנגערופן אייער הייליקן פּאָולוס. געוויס בראָט ער זיך דערפאַר אין גיהנום.

און איר? איר זייט דאָך דער גרויסער צדיק, וועט איר זיך דערפאַר ניט אָפּוואַרפן פון אייער געטלעכן הייליקן. פאַרקערט, איר וועט נאָך „מיט שטאָלץ״ נעמען אויף זיך אויך זיין „דערנער־קראַנץ״. איר וועט אַוודאי זאָגן: אויב ער איז אַ באַטריגער און אַ צבועק,

בין איך אויך גרייט אַזוי אָנגערופֿן צו ווערן! מ'דאַרף קענען זיך מקריב זיין פּאַר אַ גלויבן! איר זייט דאָך אַ באַוואוסטער טאַלאַנט אויף מאַרטירערשאַפֿט...

פונדעסטוועגן וועל איך אויף אייך ניט באַנוצן די ווערטער „באַטריגער", „צבועק". זיי זיינען אַביסל צו נאַקעט. איך וועל טאָן ווי יענער בעל־עגלה. אַ בעל־עגלה האָט אַמאָל געפירט פון דער באַן אַ פּאַסאַזשיר, וואָס איז אָנגעקומען פון פּאַריז, נאָר אויפן וועג האָט ער אים פאַרלאָרן דעם טשעמאָדאַן. טראַכט דער בעל־עגלה: ווי אַזוי זאָגט מען אים אָן די שלעכטע בשורה און ער זאָל זיך ניט דער־שרעקן צו שטאַרק?

מאַכט ער צו אים: ר' איד, איר קומט דאָך פון פּאַריז. ווי אַזוי זאָגט מען דאָרט ביי אייך אויף פראַנצויזיש — פאַרלאָרן?

אויף פראַנצויזיש „פאַרלאָרן", ענטפערט דער פּאַסאַזשיר, זאָגט מען „פּערדי".

נו, מאַכט דער בעל־עגלה, זאָלט איר וויסן זיין, אַז אייער טשע־מאָדאַן איז פּערדי...

אַזוי לאָמיר אויך טאָן, מר. אַש. „באַטריגער", „צבועק" זיינען אַביסל צו היימיש... לאָמיר באַנוצן דזשעפּערסאָנס „אימפּאָסטאָר".

איר, מר. אַש, זייט אַן אימפּאָסטאָר סיי בנוגע די קריסטן, סיי בנוגע די אידן!

בנוגע די קריסטן — ווען איר קומט צו זיי און זאָגט זיי, אַז די גרעסטע צאָל אידן האָבן שוין רעווידירט זייערע מיינונגען וועגן זייער גואל און זייער אמונה. דאָס קען אויפוועקן ביי זיי פאַלשע האָפענונגען און צערייצן זייערע אַפּעטיטן. און ווען זיי וועלן בלייבן אַנטוישט, ווי זיי וועלן געוויס בלייבן, קען עס ברענגען, חס ושלום, נייע גרויסע צרות אויף אידן.

נאָך אַ גרעסערער אימפּאָסטאָר זייט איר בנוגע אידן. מיט אייערע ביכער דערגייט איר צו אידישע אינגלעך און מיידלעך אין אַמעריקע, וואָס ווייסן גאָרנישט וועגן דעם גאַנצן ענין, און איר גיט זיי אַ פאַלש בילד וועגן קריסטנטום. אין אייערע ביכער, „דער נאַזאַרין" און „דער אַפּאָסטל", נעמט איר די מעשות פון דעם נייעם טעסטאַמענט, און איר שטעלט פון זיי צונויף אַ רעליגיע אַזאַ „שיינע", אַזאַ „ריינע" און אַזאַ „גאַנצע", ממש אַ מחיה, כאָטש נעם און פאַרקאַטשע די פאָלעס און לויף אין קלויסטער אַריין. איר שטעלט פאַר די בתולה אין איר ערשטער אומשולד...

אָבער איז ניט, מר. אַש, עפּעס געשען מיטן קריסטנטום זינט דעמאָלט?

זינט דעמאָלט איז דאָס קריסטנטום דורכגעגאַנגען אַזאַ טיפע קריטיק, פון אינווייניק און פון דרויסן, אַז פון יענער אומשולדיקער בתולה איז שוין קיין שריד ופליט ניט געבליבן. אין דעם קריסט־לעכן בנין איז ניט געבליבן אַ שטיין אויף אַ שטיין. און ניט פון היינט און ניט פון נעכטן, נאָר שוין פון הונדערטער יאָרן, ממש פון ערשטן טאָג אָן. דאָס קריסטנטום ליגט שוין באַלד צוויי טויזנט יאָר ווי אַ צעריסענער בגד, ווי אַ צעבראָכענער טאָפּ. און איך מיין דאָ נישט בלויז דעם פּראַקטישן, היסטאָרישן רעקאָרד פון קריסטנטום, וואָס איז אויסגעשמירט אין בלוט, נאָר דעם ריין טעאָרעטישן.

אַזאַ קריסטנטום ווי איר שטעלט פאָר איז גאָר קיינמאָל אויף דער וועלט ניט געווען. און איר דאַרפט מיר גאָרנישט גלויבן אויפן וואָרט. ס'איז דאָ אַ ריזיקע קריסטלעכע ליטעראַטור וועגן דעם. נעמט, למשל, כאָטש איין בוך פון דער דאָזיקער ליטעראַטור, דאָס בוך „קריסטנטום, אַמאָל און היינט", פון שאַרל גיניעבער, פּראָפעסאָר פון דער געשיכטע פון קריסטנטום אין דער פּאַריזער אוניווערזיטעט. לייענט איבער בלויז דעם לעצטן קאַפּיטל. „די איראָפּעאישע פעל־קער — זאָגט ער דאָרט — זיינען, שטרענג גערעדט, קיינמאָל ניט געווען קיין קריסטן". דאָס קריסטנטום, שרייבט ער, איז גלייך פון אָנהויב דורכגעוועבט געוואָרן מיט אַזוי פיל געצנדינערײַ, אַז די פעלקער, וועלכע רופן זיך קריסטלעכע, זיינען ביז אויף היינטיקן טאָג געבליבן געצנדינער. בלויז זעלטן, זעלטן האָבן זיי אויפגעכאַפּט עטוואָס פון דעם גייסט פון דער ביבל — און ער מיינט די אידישע ביבל. די קאַטוילישע קירכע, זאָגט ער, כאָטש זי זעט אויס אַזוי מעכטיק, האַלט זיך אין אמתן אויף משקלות, און די פּראָטעסטאַנטישע קירכע איז אויך אין סכנה.

פון די דאָזיקע אַלע זאַכן דערציילט איר ניט די אידישע אינגלעך און מיידלעך, וואָס לייענען אייערע ביכער. וועט איר אפשר זאָגן, אַז דאָס האָט ניט צו טאָן געהאַט מיט אייערע ערשטע צוויי ביכער, וועלכע האָבן זיך פאַרנומען בלויז דערמיט וואָס עס טוט זיך אינווייניק אין דעם נייעם טעסטאַמענט. האָב איך דאָ אויך פאַר אייך אַ גאַנצע ליטעראַטור. אָט ליגט פאַר מיר אַ בוך וואָס הייסט: „דהי ווערַאיעטיס אָוו ניו טעסטאַמענט רעלידזשאָן", פון דעם גרויסן טעאָלאָג ערנעסט פ. סקאָט. פון דעם נאָמען אַליין קענט איר שוין פאַרשטיין דעם אינ־האַלט. ער באַווייזט, אַז אינווייניק אין דעם נייעם טעסטאַמענט גופא זיינען דאָ עטלעכע רעליגיעס. און מען ווייסט ניט וועלכע איז די אמתע קריסטלעכע רעליגיע. און קיין אויסגלייך, זאָגט ער, און קיין שלום קען צווישן זיי ניט זיין.

אָדער נעמט אַזאַ בוך, איינער פון הונדערטער, ווי „דהי ריקאָווערי אָוו דהי היסטאָריקל פּאָול", פון פּראָפ. ראָבערט האָפּקינס, וואו ער באַווייזט, אַז פּאָולוסעס „בריוו" זיינען גאָרניט אינגאַנצן זיינע, נאָר צונויפגעשטוקעוועטע פון אַ סך פרעמדע שטיקער. דערפאַר זיינען זיי צעפּלאָנטערט, און זיי שטימען ניט מיט די אַנדערע טיילן פון דעם נייעם טעסטאַמענט, און אָדער פּאָולוס איז אַ ליגנער, אָדער די „גאָספּעל" פון סעינט לוקאַס...

פון די אַלע זאַכן איז ביי אייך קיין זכר ניטאָ. איר קומט און נעמט די שערבלעך פון דעם צעבראָכענעם טאָפּ און קלעפּט זיי צונויף מיט ניכטערן שפּייעכץ, וויקלט עס אַרום מיט גאָלד־פּאַפּיר און זאָגט: „אלה אלהיך ישראל, אַ טייערער טאָפּ, אַ גאָלדענער, קומט, אידן, עסן"...

איז איינס פון דיביידע: אָדער איר ווייסט דערפון גאָרנישט, זייט איר פשוט אַן עם הארץ אין דעם ענין; אָדער איר ווייסט און באַהאַלט, דאַן זייט איר אַן — „אימפּאָסטאָר".

אַן אימפּאָסטאָר זייט איר אויך ווען איר ווילט איינרעדן די אידן, אַז דער נייער טעסטאַמענט איז גאָר פריי פון שנאה צו אידן, און איר מאַכט דעם אָנשטעל, אַז איר פאַרשטייט גאָרניט פונוואַנען עס קומען די קריסטלעכע רדיפות אויפן אידישן פאָלק. דאָס איז דאָך דער הויפּט אינהאַלט פון אייער „בריוו צו די קריסטן".

דאָס איז גאָר אַ ברייטער ענין און הלוואי האָב איך פּלאַץ זיך אויסצוברייטערן וועגן דעם. נאָר אין קורצן וועל איך אייך פרעגן אָט וואָס: איז עס ניט אמת, אַז אין נייעם טעסטאַמענט ווערט דער־ציילט, אַז פּילאַטוס האָט געוואָלט באַפרייען ישון, נאָר די אידן האָבן רק געפּאָדערט מ׳זאָל אים קרייציקן און „דאָס פאָלק" האָט דערביי געשריען: „זאָל זיין בלוט קומען אויף אונדז און אויף אונדזערע קינדער". שטייט אַזוי, אָדער ניט?

האָט ניט ישו געזאָגט: „זעט, אייער הויז וועט אייך בלייבן חרוב, וואָרים איך זאָג אייך, פון איצט אָן וועט איר מיך מער ניט זען, ביז איר וועט זאָגן: געבענטשט איז דער וואָס קומט אין גאָטס נאָמען"? דאָס הייסט, דאָס אידישע הויז וועט זיין חרוב ביז זיי וועלן ניט אָנ־נעמען ישון. שטייט אַזוי, אָדער ניט?

איז עס ניט אמת, אַז פּאָולוס האָט געזאָגט: „ווער עס ליבט ניט דעם האַר ישו המשיח, זאָל זיין אין חרם"? שטייט דאָרט אַזוי אָדער ניט?

קומען די קריסטן און נעמען די דאָזיקע פּסוקים פון זייער תורה און שרייבן בזה הלשון:

„זינט ניינצן הונדערט יאָר ליגט דאָס בלוט פון קריסטוס אויף די אידן. פאַרטריבן פון יהודה, אָן אַ לאַנד, אָן אַ היים, פרעמדע צווישן פרעמדע, פאַרהאַסט און געפאַרכטעט, האָבן זיי געוואַנדערט פון פאָלק צו פאָלק, טראָגנדיק אויף זיך דעם קלאָרן צייכן פון גאָטס קללה. אַזוי ווי קין, אָפּגעצייכנט מיט אַ געהיימניספולן צייכן, וועלן זיי ווייטער וואַנדערן ביזן סוף פון דער וועלט".

דאָס איז וואָרט אין וואָרט גענומען פון אַ ביכל, „באַיבל היסטאָרי", פון אַ גלח ריטשאַרד גילמאָר. דאָס ביכל טראָגט אויף זיך די הסכמה פון אַ פויפסט און אַ דריי צענדליק קאַרדינאַלן, בישאָפן און אַרצבישאָפן. דאָס ביכל ווערט שוין צענדליקער יאָרן געלערנט מיט די קינדער אין די קאַטוילישע שולעס אין אַמעריקע.

נעמט די דאָזיקע שטעל און פאַרגלייכט זי מיט די פסוקים פון דעם נייעם טעסטאַמענט וואָס איך האָב אויבן ציטירט — שטימט עס ניט אויף אַ האָר? זיינען דאָ די קריסטן ניט מקיים וואָס עס שטייט אין זייער תורה? און איר אַליין טענהט דאָך, אַז די עוואַנגעליע איז געשריבן געוואָרן ברוח הקודש! וואָס זשע האָבן דאָ די קריסטן אייך אָפּגענאַרט? וואָס, איר מיינט אַז איר וועט לערנען דעם פויפסט קריסטנטום? איר וועט לערנען די בינען ווי אַזוי צו מאַכן „האָניק"? טאָ, וואָס קומט איר צו די אידן און ווילט זיי איינרעדן, אַז אין דעם בוזים פון קריסטנטום ליגן פויגעלעך פון זייערטוועגן? פאַרוואָס, מיינט איר, פאַסירט עס כמעט שטענדיק, כמעט ווי אַ כלל, וואָס אַז אַ איד שמדט זיך אויף אַ קריסט, ווערט ער אַליין אויך אַ שונא ישראל?

און איר ווייסט ווער עס האָט אַריינגעשריבן אין דעם נייעם טעסטאַמענט אָט־די אַלע ווערטער וואָס זיינען אַזוי טויטלעך פאַר אידן? דאָס האָבן געטאָן אידעלעך! די שלום אַשעס פון יענער צייט!

קומט איר אין אייער „בריוו צו די קריסטן" און זאָגט ניט, אַז דאָס קריסטנטום איז שולדיק אין אַנטיסעמיטיזם, נאָר דאָס אידנטום! „די ערשטע און וויכטיקסטע סיבה פאַר דער שנאה צו אידן — שרייבט איר — איז די באַזונדערע אמונה וואָס האָט זיי איזאָלירט".

אָ, וואָלט זיך נאָך געוואָלט שרייבן צו אייך! אַ גאַנץ באַזונדער ענין איז אייער שוידערלעכע העצע קעגן דעם מאַכמעדאַניזם. איר ווילט אָנצינדן אַ רעליגיעזע מלחמה צווישן אידנטום און מאַכמעדאַניזם פונקט דעמאָלט ווען אידן האָבן אויפגעשטעלט זייער לאַנד אינמיטן פון דער מאַכמעדאַנישער וועלט? „יעזוס איז מיט אייך", וואָס טוט איר?!

אַ שאָד וואָס איך מוז ענדיקן. נאָר צום שלוס וויל איך אייך זאָגן עפּעס וועגן דעם, ווי אַזוי מ'פילט וועגן אייך היינט אין די טויזנטער

אידישע הייזער אין אַמעריקע. אַז עס גייט אַרויס אייערס אַ בוך אין ענגליש, רוקט זיך אָן אַ במאַרע אויף אידישע הייזער. טאַטע־מאַמע נעמען טוליען זייערע קינדער צו זיך פאַר מורא זיי זאָלן ניט פאַרכאַפּט ווערן פון אייך. מ'שרעקט זיך פאַר אייך אַזוי ווי עפּעס פאַר אַ קינ־דער־כאַפּער, איר זאָלט זיי ניט כאַפּן און פאַרפירן צו שמד, חס ושלום. מען שרעקט זיך פאַר אייך אַזוי ווי אַמאָל פלעגט מען זיך שרעקן ווען ציגיינער פלעגן קומען אין שטעטל אַריין...

# „איסט ריווער“

## 1

אין צייטן פון גרויסע געזעלשאַפטלעכע צעטרייסלונגען קומען אָפט פּאַר משונהדיקע איבערקערענישן אין דער נשמה פון מענטשן. די מהומה אין דער וועלט איז גורם אַ מהומה אין זייער פּסיכיק און זיי שלאָגן זיך אַראָפּ פון זייער נאָרמאַלער קאָלייע און גייען אַוועק אין אַ ריכטונג, וואָס איז דער היפּוך פון דעם נאָרמאַלן וועג, וואָס זיי זײַנען געגאַנגען פריער. דעמאָלט מערקן זיך גאַנץ זעלטענע דערשיינונגען.

אין איטאַליע, למשל, אין דעם לאַנד פון קאַטוילֿיציזם, נאָך דער קאַטאַסטראָפע פון דעם פאַשיזם און דער מלחמה, זײַנען אַ סך גלויביקע קאַטאָליקן, אין זייער פּסיכישער פאַרווירונג, אַריבער צו אַ מין רעליגיעזער פאָרם, וואָס קען אָנגערופן ווערן קאָנטער־קאַטוילֿיציזם. די אָפיציעלע קירכע האָט געמוזט נעמען אַ שטעלונג צו דער מאָדערנער דערשיינונג, וועלכע זי האָט אָנגערופן „דינסט צום שטן“. דער צערעמאָניאַל פון דעם דאָזיקן „דינסט צום שטן“ איז דערזעלביקער וואָס דער געוויינלעכער קאַטוילישער געצנדינסט, נאָר אַלץ קאַפּויר:

עס ווערט געניצט דער צלם, נאָר מ׳שטעלט אים מיטן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרויף. עס ווערט געזאָגט דיזעלביקע תפילה, אָבער ניט פון אָנהויב צום סוף, נאָר קאַפּויר: פונם סוף אויף צוריק. און וואו עס שטייט דאָס וואָרט „גאָט“ ווערט אויף זיין אָרט געשטעלט „שטן“, און אויפן אָרט פון שטן — גאָט, אויפן אָרט פון „גוט“ — שלעכט, און אויפן אָרט פון „שלעכט“ — גוט; אינגאַנצן אַ פאַרקערטע וועלט, אין וועלכער מצווה ווערט עבירה, און עבירה ווערט מצווה.

עפּעס אַזאַ מין פּסיכישע איבערקערעניש האָט אויך געמוזט פאַרקומען אין שלום אַשן, וועלכער האָט פאַרלאָזן זיין „פּאָטערס הויז“ און איז אַוועק אויף פרעמדע וועגן. צוערשט אין זיינע דירעקט־קריסטלעכע ווערק, און לסוף אין זיין ראָמאַן „איסט ריווער“, וועלכער איז

אַזאַ קאָנטראַסט צו זיין אַמאָליקן „שטעטל", ווי דער „דינסט צום שטן" לגבי דעם אָפיציעלן קאַטוילישן גאָטעסדינסט.

אַזוי ווי „אַ שטעטל" איז געווען אַ פאַרהערלעכונג פון אידישן לעבן, אַזוי איז „איסט ריווער" אַ לעסטערונג פון אידישן לעבן. אויב דאָס ערשטע איז געווען אַ בענטשונג, איז דאָס לעצטע אַ שעלטונג. דאָס „שטעטל" האָט געשריבן אַן אייגענער, „איסט ריווער" האָט שוין געשריבן אַ פרעמדער, אַן „אחר".

„איסט ריווער" איז אַ ראָמאַן פון געמישטער הייראַט. ס'איז אַ דרשה און אַ געזאַנג פאַר געמישטער הייראַט צווישן אידן און קריסטן. געמישטע הייראַט, וואָס אַלע אידישע דורות האָבן געהאַלטן פאַר אַן אָפּגרונטיקער סכנה פאַר אידישן קיום און אידישן גייסט, שטעלט דאָ שלום אַש אַרויס פאַרן העכסטן אידעאַל פון „אידישקייט". מיט קינסט־לערישער גאווה, מיטן אָנשטעל אַז ער זעט טיפער און פילט גע־רעכטער ווי אידישקייט זעט און פילט, איז ער מבטל יעדער רעלי־גיעזע מניעה און יעדער נאַציאָנאַלע פּראָבלעמאַטיק אין געמישטער הייראַט. רעליגיע און נאַציע דאַרפן אָפּטרעטן פאַר דער ליבע.

אין זיינע פריערדיקע קריסטלעכע שריפטן פריידיקט אַש „איין קירכע" פאַר אידן און קריסטן; אין „איסט ריווער" פריידיקט ער איין שלאָפצימער. דאָרטן איז ער אויפגעטראָטן ווי אַ „רעליגיעזער רעפאָרמאַטאָר", דאָ טרעט ער אויף ווי אַ שדכן און אונטערפירער...

אַזוי ווי בלעם: אַז ער האָט געזען אַז זיינע קללות און ברכות העלפן ניט, האָט ער גע'עצה'ט בלקן זיך צו נעמען צו די מיידלעך...

נאָר אַ שדכן, אַז ער רעדט אַ שידוך, פירט זיך, אַז ער פאַרלויבט די מעלות אי פון חתן אי פון דער כלה, און ער שטעלט אַרויס דעם יחוס סיי פון חתנס צד, סיי פון כלה'ס צד. אָבער אין שלום אַשס שידוכים־ביורא, וואָס הייסט „איסט ריווער", ווערט דער קריסטלעכער צד געשטעלט אַזוי שיין און דער אידישער צד אַזוי ניט־שיין, אַז ס'איז שווער צו זען פאַרוואָס דער קריסט זאָל גאָר וועלן דעם שידוך...

אין אַנדערע ווערטער: אויך „איסט ריווער" איז אַ קריסטלעך בוך. איז ווען מ'קומט צו רעדן וועגן דעם דאָזיקן ראָמאַן, קען מען אים באַטראַכטן פון צוויי שטאַנדפּונקטן: פון דעם שטאַנדפּונקט פון דער אידייע גופא, די אידייע פון געמישטער הייראַט, און פון דעם שטאַנדפּונקט פון אַ „קריסטלעכן ראָמאַן" וועגן אידן.

וועגן דער אידייע גופא איז ניט זייער אינטערעסאַנט צו רעדן. נאָכאַלעמען איז שלום אַש ניט דער ערשטער צו פריידיקן שמד. אַ סך אינטערעסאַנטער איז צו באַטראַכטן דעם ראָמאַן פון צווייטן

שטאַנדפּונקט, פון דעם שטאַנדפּונקט — ווי אַזוי אַ אידישער שרייבער הויבט־אָן זען אידן, ווען ער הויבט אָן קוקן אויף זיי מיט גויאישע אויגן.

ס'קומט אַרויס די זעלביקע מעטאַמאָרפאָזע וואָס פון „גאָט" אויף „שטן".

שלום אַש עפנט דעם ראָמאַן מיט אַ שפּיל מיט טויבן. ביי דער 48־טער סטריט און איסט ריווער אין ניו־יאָרק באַרירן זיך דער אָרימער קוואַרטאַל און דער רייכער. אין דעם אָרימען קוואַרטאַל לעבט אַ געמיש פון פעלקער: אידן, איטאַליענער, פּאָליאַקן, איירישע, דייטשן. צווישן זיי דער איד הערי גרינשטאָק, וועלכער האָט ליב חיות און פויגל. זיין שטאָלץ, וואָס איז אויך דער שטאָלץ פון דעם גאַנצן אָרימען פערטל, איז אַ טויבנשלאַק מיט טויבן וואָס ער האָדעוועט.

אויף דער רייכער זייט פון דעם קוואַרטאַל איז אויך דאָ איינער, אַ מיליאָנער, וואָס האָט אַ טויבנשלאַק מיט טויבן. צווישן זיי איז דאָ אַ טויב פון גאָר אַ זעלטענער פּאָראָדע. און עס איז די גרויסע אַמביציע פון הערי גרינשטאָק און פון אַלע זיינע שכנים צו פאַרנאַרן יענע אויסנעמלעכע טויב און זי לאָזן זיך פּאָרן מיט איינער פון זיינע, מיט דער זיכערקייט אַז דערפון וועט אַרויסקומען אַ נייער, געהויבענער מין טויב. און ווען עס עפנט זיך דער ראָמאַן, זעען מיר אַ סצענע ווי אַזוי די טויבן פון ביידע זייטן פליען און שטיפן אין דער לופט, און ווי אַזוי עס געשעט דער שידוך מיט יענער זעלטענער טויב.

די דאָזיקע טויבן־סצענע איז די „אָווערטיורע" וואָס שלאָגט אָן דעם טאָן פון דער טעמע פון דעם ראָמאַן: ווי די מישונג פון די צוויי מינים טויב, אַזוי די מישינג פון די צוויי מינים מענטש, איד און גוי, אין אַ „העכערער" ראַסע...

אין אַ זייט, אויף אַ טראָטואַר, אין אַ קראַנקן־שטול, זיצט און קוקט אויף דער דאָזיקער טויבן־סצענע אַ פּאַראַליזירטער יונגערמאַן, נייטן דאַווידאָווסקי, און ביי זיין זייט שטייט זיין פאָטער ר' משה וואָלף. ביידע וועלן שפּעטער זיין צווישן די הויפּט־העלדן פון דעם ראָמאַן. ר' משה וואָלף איז אַ פרומער איד, אַ גערער חסיד, אַ למדן, אין דער אַלטער היים האָט ער געלערנט אויף רב, אויך אַ שטיקל משכיל. דאָ, אויף דער 48־טער גאַס, האַלט ער אַ שפּייז־קרעמל. פאַרמאַכט שבת, נאַטירלעך. דער זון, כאָטש אַ קרבן פון קינדער־פּאַראַליז, איז פונדעסטוועגן אַ „סטודענט". ער זיצט דאָ מיט אַ בוך אויף די קני. און פאָטער און זון הויבן אָן רעדן וועגן די טויבן און דעם טויבנשפּיל, און באַלד ווערט אַריינגעבראַכט די „אידישע פראַגע", און גלייך גיט אַ שלאָג אַנטי־אידישער אָטעם פון דעם בוך.

„די גמרא רופט אַזעלכע מפריח יונים, דאָס הייסט, טויבן־כאַפּער, און זיי זיינען פּסול פאַר עדות", זאָגט דער פאָטער צום זון.

„פאַרוואָס ?" — האָט דער זון געפרעגט מיט וואונדער.

„פאַרוואָס ווייס איך נישט, נאָר די גמרא זאָגט אַזוי" — ענטפערט ר' משה וואָלף.

„וואָס דיין גמרא זאָגט !" — האָט דער זון אָפּגעענטפערט מיט אַ צוק פון אַקסל.

אַ קליינינקע סצענע, נאָר אַ פּאַסקודנע.

ווען אַ גוי וועט עס ליינענען, אָדער אַ אידישער גוי וועט עס לייענען, וועט ער אַ טראַכט טאָן: עפּעס אַ מאָדנער ספר דער תלמוד און עפּעס מאָדנע מענטשן די אידן ! זיי פאַרטראָגן ניט אַזאַ שיינע, ליבע זאַך ווי טויבן. דאָס אומשולדיקע שפּילן און שטיפן מיט טויבן איז אין זייערע אויגן עפּעס אַזאַ שווערע און געהיימניספולע זינד, אַז מען ווערט דורכדעם אַזש פּסול לעדות. מאָדנע, ווילדע, ניט צו באַגרייפן די דאָזיקע מענטשן און זייערע ספרים.

און נייטן דאַווידאָווסקי גיט טאַקע אַ וואָרף די גמרא דעם טאַטן אין פּנים אַריין: „וואָס דיין גמרא זאָגט".

און ער מאַכט זיין אייגענעם פּירוש: „מיין גמרא זאָגט, אַז שפּיל איז אַ נויטיקע זאַך פאַרן מענטשן, פּונקט אַזוי ווי שפּייז און לופט. און טויבן־כאַפּן איז אַ שפּיל, ווי יעדער אַנדער שפּיל, פאַר דער־וואַקסענע מענטשן".

אָבער ווען שלום אַש וואָלט דאָ נאָר ניט געפעלשט ! ווען ער וואָלט דאָ נאָר ניט אַוועקגעשטעלט „שטן" אָנשטאָט „גאָט"...

די גמרא זאָגט ניט, אַז פאַר סתם שפּילן מיט טויבן ווערט מען פּסול לעדות, נאָר פאַר גאַמבלען מיט טויבן, פאַר טרייבן טויבן אין „רעיסעס", אין וועט־געלאַף: „אי תקדמיה יונך ליוני" — „אויב דיין טויב וועט אַריבעריאָגן מיין טויב" — צאָל איך דיר, אויב פאַרקערט — צאָלסטו מיר, ווי געמבלערײ אין קאָרטן, און דער דין, זאָגט די גמרא, איז דער זעלביקער פאַר יעדער בהמה, חיה און עוף.

די גמרא באַשיצט דאָ דאָס וועזן און דעם כבוד פון דער שטומער באַשעפעניש. זיי מעגן געניצט ווערן פאַר די צוועקן פאַר וועלכע זיי זיינען באַשטימט געוואָרן פון זייער באַשעפער, פאַר אַרבעט, פאַר שפּייז, און געוויס פאַר אומשולדיקן פאַרגעניגן, אָבער ניט פּייניקן חיות כדי צו באַפרידיקן די קרענקלעכע גלוסטונגען פון דעם מענטשן.

ווען ר' משה וואָלף וואָלט דאָס דערקלערט זיין זון, וואָלט יענער אים ניט אַ שמיץ געטאָן מיט פאַראַכטונג: דיין גמרא...

פאַרקערט, עס וואָלט פאַר זיינע אויגן אַ בליץ געטאָן דער גלאַנץ

פון אַ געהויבענער מאָראַל, וואָס איז גאָר פרעמד דער קריסטלעכער וועלט. די גמרא, און דער איד, וואָלטן געקראָגן העכערע חשיבות און טיפערן זין אין זיינע אויגן. גוי און אידישער גוי, לעזער פון „איסט ריווער״, וואָלטן דערזען איינע פון די שיינקייטן פון אידנטום.

אַזוי וואָלט עס מסתמא אַרויסגעקומען ביי שלום אַשן, ווען ער וואָלט נאָר געשריבן אידישע ביכער. אָבער „איסט ריווער״ איז אַ קריסטלעך בוך. און ווי עס געשעט אַזוי אָפט מיט קריסטלעכע ביכער וועגן אידן, ווערן אין זיי אידישע מעלות איבערגעקערט אין חסרונות, נאָר קיין אידישע חסרונות ווערן קיינמאָל ניט איבערגעקערט אין מעלות.

און דער דאָזיקער מאָמענט איז ניט דער איינציקער אין דעם בוך, וואו די טויב ווערט אויסגענוצט אַלס אַנטי־אידישער סימבאָל. האָט איר אַמאָל געהערט, אַז ליבשאַפט צו טויבן זאָל ביי אידן זיין אַ חסרון צו אַ שידוך?

אין „איסט ריווער״ איז עס אַ שטאַרקער חסרון. הערי גרינ־שטאָק ווערט אַן אַלמן און ער זוכט אַ מאַמע פאַר זיינע קינדער. נאָר ביז וואָס־ווען נעמט ער אַריין אַ געליבטע, אַ גויע, צו זיך אין הויז. איז ער זיך מתנצל פאַר ר׳ משה וואָלפן: „איך האָב ניט געקענט גע־פינען קיין אידישע טאָכטער וואָס זאָל אַכטונג געבן אויף מיינע קינ־דער״. באַמערקט משה וואָלף: „זאָג בעסער — אַכטונג געבן אויף דיינע טויבן. דו ווייסט, אַז אַ אידישע טאָכטער וועט ניט וועלן זיך אָפּגעבן מיט טויבן. מחמת דעם האָסטו אַריינגענומען די גויע״...

און כך הוה. הערי גרינשטאָק געפינט אַ אידישע טאָכטער וואָס איז גרייט אויפן שידוך, נאָר ווען זי דערזעט זיינע טויבן ווערט אויס שידוך...

אוירווינג דאווידאָווסקי, ר׳ משה וואָלפס צווייטער זון, האָט אויך פיינט טויבן, נאָר זיין מאָטיוו איז אַן אַנדערער: מ׳קען פון זיי קיין „פלייש״ ניט האָבן. זיי גיבן „צופיל אַרבעט און ווייניק פלייש״. אים ליגט ניט אין קאָפּ קיין טויב. אים ליגט אין קאָפּ „געלט״. אַז מען האָט געלט — זאָגט ער — האָט מען אַלץ, און אַז מען האָט דאָס ניט, האָט מען גאָרניט. דער איד אַלס געלט־יעגער — דאָס איז נאָך אַ אידישער טיפּ, וואָס מ׳באַגעגנט שטענדיק אין קריסטלעכע ראָמאַנען. און ער איז, פאַרשטייט זיך, אַ דאָמינירנדיקער כאַראַקטער אין „איסט ריווער״ אויך...

2

# איד, גוי און חיה

דער איד מיט די טויבן אין „איסט ריווער" איז הערי גרינ־שטאָק. הערי, דערציילט אונדז דער מחבר, איז גראָד ניט גלייכגילטיק צו זיין אמונה און צו זיינע מיטגלויביקע. נאָר זיינע פריינט אין קוואַרטאַל „זיינען דווקא ניט די אידן, נאָר די גויים".

פאַרוואָס? „שוין דאָס אַליין — דערציילט אַש — וואָס אַ איד האַלט טויבן, ציט־אויף קראַליקעס, וואָס זיינען טריף צום עסן, און אַנדערע „גויאישע" חיות, און דווקא די ליבשאַפט און דער אינטערעס וואָס ער פאַרמאָגט פאַר עופות און חיות" — דאָס אַליץ „האָט אים גע־מאַכט אַזוי נאָענט צו די קריסטלעכע שכנים און אים געהאַלטן אָפּ־געזונדערט, אָפּגעפרעמדט פון די אידישע שכנים" (ז. 23). מען האָט אים דערפאַר גערופן: דער גוי.

זיינען אידן, הייסט עס, „אַלערגיש" ניט בלויז צו טויבן, נאָר בכלל צו עופות און חיות.

און פון אַנטיפּאַטישקייט צו עופות און חיות איז שוין נאָר איין שריט צו גרויזאַמקייט צו זיי.

פאַראַן אין הערי גרינשטאָקס הויף אויך אַ פערדל, וואָס געהערט צום דזשאַנק־פּעדלער, דעם אידן זעליק. האַלטן די קריסטלעכע שכנים זעליקן אין איין מוסרן פאַרוואָס ער יאָגט אַרויס „דאָס חיות פון פערדל", און אַ קריסטלעכע שכנה שרייט, אַז „מען באַדאַרף לאָזן וויסן דער געזעלשאַפט „פריינט פון חיות" ווי דער איד האַלט די בהמה".

פון די דאָזיקע שטריכן און שטריכעלעך וואָס אַש צייכנט אָן וועגן אידן און זייער באַציאונג צו חיות און עופות, ווערט געשאַפן אַן אַטמאָספערע פון עפּעס אַן אומהיימלעכקייט אַרום אידן. צו דער פרעמדער געהיימניספולקייט, וואָס דער גוי פילט סיי־ווי אַרויס פון דעם אידן, קומט אים צו נאָך אַ סוד, נאָך אַן אומפאַרשטענדלעכקייט, נאָך אַן אומנאַטירלעכער עלעמענט אין דעם אידישן כאַראַקטער.

אידן און אידישקייט אינאיינעם ווערן דאָ אַרויסגעשטעלט אונטערן צייכן פון אַנטיפּאַטיע צו די שטומע באַשעפענישן פון דער ערד. אין דעם אידישן נוסח פון „איסט ריווער" ווערט געזאָגט, אַז די „גמרא" פאַרווערט אַ אידן זיך צו שפּילן מיט טויבן, אָבער אין דער ענגלישער איבערזעצונג ווערט געזאָגט: „אונדזערע הייליקע שריפטן".

אַ שמיר איבער גאַנץ אידישקייט!

עס קען זיך דוכטן, אַז דאָס זיינען אפשר קליינוקייטן, פון וועלכע ס'איז ניט כדאַי צו מאַכן קיין צו גרויסן וועזן. אָבער ס'איז אַ טעות. אַרום אידן אין דער וועלט זיינען ניטאָ קיין קליינוקייטן. אַז אידן פעלט חוש פאַר דעם ווען פון חיות און עופות — אָט די „קליינוקייט" שפּילט, למשל, אַ גרויסע ראָלע דאָרט, וואו אידישע שונאים ווילן פאַר־ווערן די אידישע שחיטה. און ס'איז ניט גוט אַז די דאָזיקע שונאים זאָלן קענען קומען און אויפמישן אַ בלאַט אין אַ בוך פון אַ אידישן שרייבער און זאָגן: נאָט, זעט, אָט זאָגט דאָך שלום אַש עדות אויף אידן, אַז די לעבעדיקע חיה און די לעבעדיקע עוף זיינען זיי פּסייכש דערווידערדיק, און ער זאָגט אויך עדות אויף זייער תלמוד און זייערע „הייליקע שריפטן"...

ס'איז נאַריש און זינדיק, ווייל ס'איז אַזוי שרעקלעך פאַלש, צו שטעלן דעם אידן און די אידישע אמונה אין אַ פיינטשאַפטלעכער באַ־ציאונג צו גאָטס באַשעפענישן. גאַנץ באַזונדערס איז עס נאַריש און זינדיק צו טאָן וואָס שייך דער טויב. דווקא צו דער טויב פילט דאָס אידישע האַרץ אַ באַזונדערע איידעלע צערטלעכקייט. אידן לערנען שיינע מידות פון דער טויב. „מיין זיס טייבעלע", „זיס, ווי אַ טייבעלע", „שטיל ווי אַ טייבעלע", „געטריי ווי אַ טייבעלע", „אומשולדיק ווי אַ טויב", זיי לעבן „ווי אַ פּאָר טייבעלעך" — דאָס זיינען טאָג־טעגלעכע אידישע אויסדרוקן. די טויב מיטן אוילבירט־בלאַט אין שנעבעלע אַלס סימבאָל פון שלום, איז דאָך אַ אידישע זאַך, נאָך פון נחס תיבה אָן.

און די גמרא און אַנדערע אידישע „הייליקע שריפטן", ניט נאָר וואָס זיי שטרעבן ניט צו פאַרפרעמדן דעם אידן פון דער טויב, נאָר זיי שאַפן די גרעסטע קרובהשאַפט צווישן זיי; זיי סימבאָליזירן דאָס אידישע פאָלק דורך דער טויב. אויף הונדערטער אופנים ווערט דאָס אידישע פאָלק פאַרגליכן מיט דער טויב. „מיט וואָס זיינען אידן געג־גליכן צו אַ טויב?" — פרעגט דער ירושלמי — און ער ענטפערט: „אַלע פייגל, ווען זיי פליען און ווערן מיד, לאָזן זיי זיך אַראָפּ אויף אַ בוים צי אויף אַ שטיין; אָבער די טויב פאַרמאַכט איינע פון אירע פליגל און פליט מיט איינער פון אירע פליגל". און אַ מדרש תנחומא זאָגט: „ישראל איז ווי די טויב. אַלע עופות, ווען מען שעכט זיי, צאַפּלען זיי זיך, נאָר די טויב צאַפּלט זיך ניט, נאָר זי ציט אויס דעם האַלדז; אַזוי איז ניטאָ קיינער וואָס זאָל אויסציען זיין האַלדז אויף קידוש־השם, נאָר ישראל". און ווייטער: „אַזוי ווי אַ טויב, פון דער צייט וואָס זי דערקענט איר פּאָר, בייט זי שוין קיינמאָל ניט אויס אויף קיין אַנדערער; אַזוי דאָס פאָלק ישראל, פון דער צייט וואָס עס

האָט זיך דערקענט צום גאָט פון ישראל, בייטן זיי אים ניט אויס אויף קיין אַנדערן".

ווען מ'זאָל אויפקלייבן אין איין קראַנץ אַלע פערלדיקע משלים וואָס זיינען געשאַפן געוואָרן אויף אידן און דער טויב, וואָלט קיין קראַנץ פערל פון די רייכסטע מלכים און האַרן אין דער וועלט נישט געווען גלייך צו אים אין שיינקייט און רייכקייט.

ביי אידן עסט מען ניט קיין „געבראָטענע טייבעלעך". מ'עסט זעלטן טויבן ביי אידן. מיט וואָס דערקלערט זיך עס? עס איז זיכער, אַז הינטער דעם איז דאָ די פסיכאָלאָגישע סיבה: אַ צערטלעכקייט וואָס גרעניצט זיך מיט פיעטעט אין אידישן האַרצן צו דער טויב. און די מעשה, אַז דער תלמוד הייסט ניט „זיך שפּילן" מיט טויבן, איז בלויז נאָך איין בלבול אויפן תלמוד.

און וואָס פאַר אַ טרויעריקע איראָניע דאָס איז בכלל, וואָס פאַר אַ טייוועלשער חוזק דאָס איז, ווען עס קומט אַ אידישער שרייבער, אין 1946, נאָך דער שחיטה אָן רחמנות אויף זעקס מיליאָן אידן, אנשים, נשים וטף, אָן רחמנות און אָן הילף פון קיין שום קריסטלעכן צד, און שטעלט פאָר ווי הינטערשטעליק ס'איז דער איד אין פאַר־גלייך צום קריסט אין רחמנות אויף דער בהמה און דער חיה און דער עוף; אַזוי ווייט אַז די „קריסטלעכע שכנה" דאַרף אַזש סטראַשען דעם אידן מיט דער צער־בעלי־חיים געזעלשאַפט.

ס'איז דאָך גאָר דער היפּך: דאָס האָבן דאָך אידן געעפנט דאָס מענטשלעכע האַרץ צו דער חיה.

„צער בעלי חיים" איז אַן אויסדרוק וואָס געפינט זיך שוין אין דער גמרא, אין יענער גמרא, מיט וועלכער עס האָט די העזה שלום אַש העלד, בייטן, אַ וואָרף טאָן דעם פרומען טאַטן אין פנים אַריין, מיט אָנשטעל און פאַראַכטונג: דו מיט דיין גמרא!

און דאָס האָט דאָך שלום אַש אַריינגעלייגט דאָס לעסטערנדיקע וואָרט זיין העלד אין מויל אַריין, כדי טויזנטער אַנדערע אידישע קינ־דער, אַזוי אומוויסנדיק אין אידישקייט ווי בייטן, זאָלן עס נאָכזאָגן.

און יענע געלעסטערטע גמרא זאָגט: „צער בעלי חיים דאורייתא" — רחמנות אויף לעבעדיקע באַשעפענישן איז אַ געבאָט פון דער תורה (שבת, קכ"ח).

„צער בעלי חיים" און „אַ שטומע צונג" זיינען צוויי אויסדרוקן, וואָס זיינען געוויינלעך אין אידישן מויל, און זיינען אָנגעלאָדן מיט פאַטעטישן געפיל צו דער חיה, צו דער בהמה און צו דער עוף.

אידן זיינען פון די עלטסטע צייטן געלערנט און דערצויגן גע־וואָרן, אַז אין דער באַציאונג צו דער חיה אַנטפּלעקט זיך דער באַ־

ראַקטער פון אַ מענטשן: אַ גוטע באַציאונג ווייזט אויף אַ גוטן מענטשן, אַ שלעכטע אויף אַ שלעכטן. ווען אליעזר, דער דינער פון אברהם, איז געגאַנגען זוכן אַ פּאַסיק ווייב פאַר יצחקן, איז ער גע־קומען צו אַ ברונעם און האָט פאַר זיך געשטעלט דעם כלל: ער וועט בעטן ביי די וואַסער־שעפּערינס אַ טרונק, און דאָס מיידל וואָס וועט זאָגן: איך וועל דיר געבן צו טרינקען און אויך דיינע אייזלען וועל איך אָנטרינקען, יענע איז דאָס פּאַסיקע מיידל פאַר אברהמס זון. אַזוי האָט גאָט אויסגעפּרואווט משהן אויך. ווען משה האָט אַ מיד שעפעלע גענומען און געטראָגן אויפן אַקסל, האָט גאָט געזאָגט: אַז דו פירסט מיט אַזוי פיל רחמנות די שאָף פון אַ בשר ודם, וועסטו דערפאַר זיין דער פּאַסטוך פון מיינע שאָף, ישראל.

אין תהילים ווערט געזאָגט: „אדם ובהמה תושיע ה׳", דעם מענטשן און דער בהמה העלפט גאָט גלייך, וויילביידע גלייך זיינען זיי נויטיק פאַרן קיום פון דער וועלט.

פאַראַן אַפילו אַמאָל צווישן אידן דער גלויבן, אַז די בעלי חיים האָבן שכר אויף יענער וועלט. אַ תלמיד חכם, ר׳ ישראל המערבי, אין אַ ספר אויף שחיטה, שרייבט, אַז „די חיה קריגט שכר פאַר איר ווייטיק".

און חסידים דערציילן: דער אַפּטער רבי, ר׳ יהושע העשל זצ״ל, איז אַמאָל געפאָרן אין וועג, און דער וועג איז געלעגן אַריבער אַ באַרג. אָנקומענדיק צום באַרג האָט דער רבי געהייסן אָפּשטעלן פערד און וואָגן, און ער איז אַראָפּגעקראָכן און איז אַרויף דעם באַרג צופוס. האָט דער שמש זיך געחידושט, וואָרים דער רבי איז געווען אַלט און שוואַך.

האָט דער רבי אים מבאר געווען. איך בין אַראָפּ פון וואָגן, האָט ער געזאָגט, ווייל איך האָב מורא געהאַט דאָס פערד קען מיך נאָך רופן צו אַ דין תורה אויף יענער וועלט. עס וועט טענהן, אַז איך האָב אויף אים קיין רחמנות ניט געהאַט און ער האָט מיך געמוזט שלעפּן אַרויף באַרג. ענטפערט אים דער שמש: דער רבי קען דאָך געווינען די דין תורה אויפן סמך וואָס דאָס פערד איז דערצו באַ־שאַפן געוואָרן.

דאָס איז אפשר אמת, האָט דער רבי געענטפערט, אָבער ס׳איז ניט רעכט צו וועלן געווינען קעגן אַ שטומער צונג...

פון די עלטסטע צייטן ביז די נייעסטע ציט זיך די דאָזיקע באַ־ציאונג צו דער חיה אין דער גאַנצער אידישער קולטור. דער איד האָט געפּריידיקט דרך ארץ און באַוואונדערונג פאַר דער חיה און סאָלידאַריטעט מיטן גאַנצן לעבעדיקן באַשאַף. „ער לערנט אונדז פון

די בהמות אויף דער ערד, און פון די פייגל פון הימל גיט ער אונדז חכמה", ווערט געזאָגט אין איוב (לה, יא). און קיין גרעסערע אָנער־קענונג און כבוד צו די בעלי חיים קען ניט געמאָלט זיין ווי די פאָלגנדיקע מימרא אין דער גמרא:

„ווען די תורה וואָלט ניט געגעבן געוואָרן צו די אידן, וואָלטן מיר געלערנט צניעות פון דער קאַץ, ערלעכקייט פון דער מילב, גע־שלעכטלעכע ציכטיקייט פון דער טויב, און דרך ארץ פון דעם האָן" (עירובין קע"ב).

די תורה, די נביאים און כתובים, דער תלמוד און די רבנישע ליטעראַטור, און די אידישע פאָלקס־חכמה, זיינען פול מיט די הומאַ־נישסטע דינים און איידלסטע לערן בנוגע חיות. און שלום אַש ווייזט ניט אַרויס דעם דרך ארץ פאַר זיין פאָלק, וואָס זיין פאָלק ווייזט אַרויס פאַר דער קאַץ, ווען ער שילדערט, אַז אַ איד וואָס איז געווען צוגעטאָן צו חיות איז געווען אַ פרעמדער צווישן זיינע אייגענע ברי־דער, און נאָר די גויים האָבן אים פאַרשטאַנען.

דער פועל יוצא פון דער אידישער לערע וועגן דער חיה איז, אַז ביי אידן ווייסט מען ניט פון קיין יאַגד לשם ספאָרט, אַוואַנטיורע, שפּאַס, צייטפאַרטרייב אָדער הנאה. עס איז ביי אידן ניט געמאָלט די פראַזע: „ס'איז היינט אַ שיינער טאָג, לאָמיר גיין עפּעס הרגענען"...

דווקא שלום אַשס אַדאָפּטירטע קריסטלעכע תורה, זי האָט ניט קיין געבאָטן פון רחמנות אויף חיות. זי לערנט, אַז דער מענטש האָט ניט קיין שום פליכט צו דער חיה, ווייל גאָט אַליין קימערט ניט פאַר דער חיה.

דאָס איז אַ בפירושער פסוק ביי פּאָולוסן. ער פרעגט: „זאָרגט דען גאָט פאַר אָקסן?" (קאָרינטער 9, 9, 10).

אָבער דער אידישער גאָט, ער זאָרגט יאָ פאַרן אָקס. „זאָלסט ניט פאַרבינדן דעם אָקס דאָס מויל ווען ער דרעשט", ווערט אָנגעזאָגט אין דער תורה. און „זאָלסט ניט אַקערן מיט אַן אָקס און אַן אייזל אינ־איינעם". און „אַן אָקס און אַ שאָף, אים און זיין קינד זאָלסטו ניט שעכטן אין איין טאָג". און „דיין אָקס און דיין אייזל, און אַלע דיינע פיי" זאָלן רוען אום שבת גלייך מיט דיר. און „אַז דו וועסט זען דיין שונאס אָקס אָדער אייזל געפאַלן אונטער זיין משא", זאָלסטו אים העלפן. אַפילו דיין שונאס.

פּאָולוס, פון דעם געבאָט „זאָלסט ניט פאַרבינדן דעם אָקס דאָס מויל ווען ער דרעשט", דרינגט, אַז דאָס איז ניט געמיינט לטובת דעם אָקס, נאָר ווי אַ משל פאַר די מענטשן, אַז דער וואָס דרעשט זאָל האָבן האָפענונג אויף אַ חלק אין זיין אַרבעט: „זאָרגט דען גאָט פאַר

אָקסן, אָדער זאָגט ער דאָס בכלל פון אונדזערטוועגן? פירוואָר, פון אונדזערטוועגן איז דאָס געשריבן" (דאָרט).

אויפן סמך דערפון לערנט ניט דער קאַטוליציזם, אַז עס איז אַ זינד צו פאַרשאַפן צער, אָדער פּיין, אָדער אומרעכט צו אַ לעבע־דיקער באַשעפעניש, אַזוי ווי עס לערנט דאָס אידנטום. אומגעקערט, עס לערנט, אַז דאָס איז ניט קיין זינד. עס איז אַ היסטאָרישער פאַקט, אַז פּויפּסט פּיוס דער עלפטער האָט אָפּגעזאָגט אַ בקשה אויף אַ דער־לויבעניש צו גרינדן אַ צער בעלי חיים געזעלשאַפט אין רוים, און האָט מאָטיווירט זיין אָפּזאָג מיט דער דערקלערונג, אַז ס'איז אַ טעאָלאָגישער טעות צו מיינען, אַז דער מענטש איז שולדיק עפּעס אַ פליכט דער חיה. עס איז די שטעלונג פון קאַטוילישע טעאָרעטיקער, אַז די חיות קענען ניט האָבן קיין רעכט ווייל זיי האָבן ניט קיין פאַרשטאַנד. און איינער פון זיי דריקט אויס די קאַטוילישע שטעלונג אין פאָלגנדיקע ווערטער:

„ס'איז אַפילו קיין שאָטן פון זינד ניטאָ אין דעם, וואָס מען פאַר־שאַפט ווייטאָק צו אַ פי אין ספּאָרט... מיר זיינען ניט מחויב צו זאָרגן, אַז דער דאָזיקער ווייטאָק זאָל זיין אַזוי קליין ווי נאָר מעגלעך" (זע: וועסטערמאַרק, „קריסטיאַניטי ענד מאָראַלס").

פאַר אַ אידן איז גאָר אוממעגלעך זיך פאָרצושטעלן אַזעלכע ווערטער אין נאָמען פון רעליגיע. אָבער אין זיי איז אויסגעדריקט דער היתר און דער הכשר אויף אַזעלכע בלוטיקע ספּאָרטן ווי אָקסן־קאַמף און הענער־קאַמף, וואָס זיינען כשר פאַר קריסטן און זיינען פאַרשפּרייט אין די פרימסטע קריסטלעכע לענדער.

אַ גלח האָט אַפילו באַרעכטיקט יאַגד מיט אַ „צייכן" פון הימל אַליין: ביי האָזן איז אונטער די עקלעך די האָר אַביסל העלער ווי אויף דער איבעריקער פעל. האָט דער גלח געברייעט, אַז דאָס האָט גאָט בכוון אַזוי געמאַכט, כדי דער יעגער זאָל קענען בעסער צילן און טרעפן...

„ס'איז ניטאָ קיין איין סעקטע אין קריסטנטום, וואָס לערנט רחמנות צו חיות ווי אַ רעליגיעזע דאָגמע" (וועסטערמאַרק, דאָרט).

אָבער אידנטום לערנט עס יאָ. און מיטן האַרבן וואָרט. „צער בעלי חיים דאורייתא". אין די אידישע הייליקע ספרים זיינען דאָ אַ סך דינים וועגן דעם אידנס פליכט צו דער חיה. איינער פון זיי איז, אַז פריער ווי מ'עסט אַליין דאַרף מען געבן דער שטומער באַ־שעפעניש צו עסן.

די צער בעלי חיים געזעלשאַפטן, און די געזעצן צום שוץ פון חיות, אין די קריסטלעכע לענדער, זיינען איינגעפירט געוואָרן פון

דער ציוויליזירטער אָדער סעקולערער מאַכט, פון רעגירונגען, און זייגען גאַנץ שפּעטע דערשיינונגען. די קירך האָט דערמיט ניט געהאַט צו טאָן.

אַלע היימישע און הויזלעכע חיות האָבן ביי אידן שטענדיק גע־האַט אַ גוטע מערכה, געהייליקט און געשיצט פון אידישן דין, אין גייסט פון ורחמיו על כל מעשיו.

און די אידן האָבן זיך גאָר ניט געהאַט וואָס צו שעמען קעגן אַשס דייטש און פּאָליאַק, ניט אין דייטשלאַנד, ניט אין פּוילן און ניט אויף דער 48־טער גאַס און איסט ריווער אין ניו־יאָרק.

בלויז מיט הינט איז עס געווען אַן אויסנאַם. קיין הינט האָבן אידן ניט געהאַלטן.

ווייל זיי האָבן קיינעם ניט געוואָלט בייסן.

און דער עיקר, זיי האָבן ניט געוואָלט אָפּשרעקן קיין אָרימאַן פון דער טיר.

ס'איז נויטיק געווען אַזוי אויספירלעך זיך אָפּצושטעלן אויף דעמדאָזיקן מאָמענט אין שלום אַשס ראָמאַן, ווייל דער נוסח איז אונדז אַזוי ווייטאָגדיק באַקאַנט פון דער אַנטיסעמיטישער ליטעראַטור, אַפילו פון יענער, וואָס קומט מיט די „בעסטע רעקאָמענדאַציעס". ניט קיין קלענערער ווי אַרטור שאָפּענהאַוער, אַ זייל אין דער אייראָפּעאישער פילאָזאָפיע, האָט געשריבן:

„די הנחה, אַז חיות האָבן ניט קיין רעכט, דער געדאַנק אַז אונדזער אויפפיר בנוגע צו זיי האָט ניט קיין מאָראַלישע באַדייטונג, אָדער אַז עס איז איבערהויפּט ניט פאַראַן אַזאַ אַזך ווי אַ פליכט צו חיות, איז אַבסאָלוט אַ ווידערווילִיקער באַרבאַריזם, וואָס זיין מקור ליגט אין אידנטום".

דאָסדאָזיקע האָט דער דייטשישער פילאָזאָף געשריבן אין זיין אָפּהאַנדלונג: „די יסודות פון מאָראַל". אין אַ שריפט, וואו ער מאָנט מאָראַלישע באַציאונג צו חיות פילט ער ניט קיין מאָראַלישן חוב צו אידן. אַן אויך ניט צום אמת. דעם אמת, ווי מיר האָבן אים דאָ־סקיצנהאַפט אָנגעוואָרפן.

די תורה פון אידנטום האָט שוין אין לאַנגן אַמאָל געגעבן דער חיה לשון און איר געלאָזט אויסשרייען איר גרויסע קריוודע קעגן דעם מענטשן און איר גרויסע מאָנונג אויף רעכט און יושר. ווען בלעמס אייזל האָט געעפנט דאָס מויל, האָט עס אויסגעדריקט דעם צער פון דער גאַנצער וועלט פון חיות ווען עס האָט געפרעגט דעם רשע: פאַרוואָס שלאָגסטו מיך? איך דין דיר געטריי און דו שלאָגסט!...

אָבער מיט דריי און אַ האַלב טויזנט יאָר שפּעטער, אין שאָפּענ־האַוערס אייגענעם געביט, אין דעם געביט פון דער אייראָפּעאישער

פילאָזאָפיע, האָט אַ מענטש נאָך פיל גרעסער פון אים, וועלכער ווערט באַצייכנט ווי „דער פאָטער פון מאָדערנעם געדאַנק", און זיין גאַנץ לעבן געווען אַ פרומער קאַטאָליק, רענע דעקאַרט (1650־1596) — דערדאָזיקער מענטש האָט געלערנט וועגן חיות, אַז זיי זיינען אויטאָ־מאַטן, וואָס ווערן אינגאַנצן באַהערשט און געפירט פון די געזעצן פון פיזיקע, און האָבן ניט קיין געפילן און קיין באַוואוסטזיין.

און דידאָזיקע לערע האָט לאַנג געגאָלטן אין איראָפּע.

נאָר די חרפּה דערפון ווערט אָוועקגעלייגט ביי דער אידישער שוועל.

די באַציאונג צו דער חיה איז אַ גרויסער ענין אין דעם קאַמף פון דער וועלט קעגן אידנטום. דערפאַר איז אַזוי וויכטיק צו זיין קלאָר דעריןְ.

און דערפאַר איז עס אַזוי פיינלעך צו כאַפּן שלום אַש אויך ביי דער האַנט ווי ער לייגט אונטער דעם שרץ ביי דער אידישער שוועל.

3

## אַ חרפּה־איד

„איסט ריווער" דאַרף פאַררעכנט ווערן צווישן אַשס קריסטלעכע ווערק. ער שטעלט זיך אויס נאַטירלעך, און לויט אַ געוויסער היס־טאָרישער לאָגיק, אין איין שורה מיט זיין „מאַן פון נצרת" („נאַזאַרין") און זיין „אַפּאָסטל". אין יענע ווערק האָט ער זיך פאַרנומען מיט אידנטום און קריסטנטום, דאָ באַשעפטיקט ער זיך מיט אידן און קריסטן.

און די היסטאָרישע לאָגיק איז שטענדיק געגאַנגען אַזוי: מ'האָט אידן קיינמאָל ניט געוואָלט צורו לאָזן אין זייער אייגענעם גלויבן. און פון צייט צו צייט זיינען אויפגעשטאַנען רעליגיעזע בעלי חלומות און געוואָלט „ראַטעווען" די אידישע נשמה. און אַז אידן האָבן זיך ניט געלאָזט, האָט מען געברענט זייער גוף. אַזוי איז עס געווען מיט אייגענע נשמה־רעטער און פרעמדע, פון די ערשטע אידישע קריסטן, דורך מאַכמעדן און לוטהערן, ביז די שפּעטערע אידישע אָפּטריניקע. מ'הויבט אָן מיט אַנטי־אידישקייט און מ'ענדיקט מיט אַנטי־איד.

„איסט ריווער" טראָגט שוין אין זיך די סימנים פון דער דאָזיקער „היסטאָרישער לאָגיק".

אַן ענגלישער קריטיקער, דוכט זיך פון דער „ניו־יאָרק טאַימס", האָט געשריבן, אַז „איסט ריווער" איז „ניט קיין אידיש בוך". ניין,

עס איז ניט קיין אידיש בוך. אָבער דאָס זאָגט נאָך ניט אַלץ. דער ביטערער אמת איז, אַז עס איז אַ שרעקלעך אַנטי־אידיש בוך. איך ווייס ניט פון נאָך אַ בוך וואָס אַנטהאַלט אַזוי פיל אידישע נבזה־ניקעס און מנוולים ווי „איסט ריווער", אָדער וואָס זאָל שטעלן אַזאַ חשובן טייל פון אידנטום, ווי ס'איז דאָס אימיגראַנטישע אידישע ניו־יאָרק, אונטער אַזאַ טונקעלן ליכט. עס איז גאָר שווער זיך פאָרצו־שטעלן, אַז דער אייגענער מענטש, וואָס האָט געשריבן דאָס „שטעטל" און „ר' שלמה נגיד" האָט אויך געשריבן „איסט ריווער". ניין, ס'איז ניט דער אייגענער מענטש. עס איז ניט דער אייגענער שלום אַש. יענער שלום אַש איז מער ניטאָ. ער איז חרוב געוואָרן און אונטער־געגאַנגען. עס איז אונטערגעגאַנגען דאָס „שטעטל" אינאיינעם מיט איר דיכטער. דאָס „שטעטל" איז אונטערגעגאַנגען אין בלוט און פייער, שלום אַש איז אונטערגעגאַנגען אינם „נאַזאַרין" און דעם „אַפּאָסטל".

„אַ שטעטל" און „איסט ריווער" —ביידע קענען ניט זיין אמת. איינס פון זיי איז אַ ליגן. און מיר ווייסן וועלכעס ס'איז דער ליגן. מיר ווייסן גוט און זיכער, אַז די אידן פון „שטעטל" האָבן ניט געקענט ווערן די אידן פון „איסט ריווער".

נאָר דער „שטן" האָט אַריינגענומען אַשן אין זיינע הענט, האָט צעדרייט זיין האַרץ און צעמישט זיין וויזיע. און פון אמת מאַכט ער שקר, און פון נאַטור מאַכט ער אומנאַטור.

וואָס איז נאָך מער נאַטירלעך ווי אַ מאַמע? אַ מאַמע איז אַ מאַמע, און אַ אידישע מאַמע איז נאָך אַביסל מער מאַמע. „אידישע מאַמע" איז דאָך אַ שם דבר אין דער וועלט. און ס'איז ניט קיין שאָוויניזם אַזוי צו זאָגן. מ'קען עס דערקלערן מיט אומשטענדן. דאָס אידישע קינד האָט געהאַט אַ שווערערן גורל ווי דאָס ניט־אידישע, איז די זאָרג פון דער אידישער מאַמע געווען גרעסער. זי האָט גרע־סערע קרבנות געדאַרפט ברענגען צו דערהאַלטן איר קינד, און זי האָט געבראַכט.

און די טבע פון יעדער מאַמע, אידישער צי ניט־אידישער, איז — זיך גאָר טיף איינצוואָוואַקסן אין אַ קראַנקן קינד, אין אַ קאַליקע־קינד. דווקא אין אַ געשטראָפטן קינד. ערשט צו אַזאַ קינד ווייזט זיך אַרויס די אמתע מאַמעשקייט. ביי יעדער מאַמע אַזוי, בפרט ביי אַ אידי־שער מאַמע.

וויפיל וואונדערבאַרע מאַמעס האָט דען אַש אַליין ניט געמאָלן? וואונדערלעכע, אומפאַרגעסלעכע טיפּן.

אָבער דאָס אַלץ איז געווען אין „שטעטל", ניט אין „איסט ריווער". דאָ איז דאָ דאָס קאַליקע־קינד, נייטן, דער הויפּט העלד פון דעם

בוך. ער איז געשלאָגן געוואָרן מיט קינדער־פּאַראַליז ווען ער איז שוין געווען אַ היפּשער בחור, אַ סטודענט. און די מאַמע הייסט דבורה, און וואָס איז איר געפּיל צו נייטענען? זי ווינטשט אים דעם טויט. זי וואָלט געוואָלט וואָס שנעלער פּטור ווערן פון דער הכבדה, פון דער לאַסט.

אָבער עס שלאָגט זיך צו צו דעם הויזגעזינד מערי מעקאַרטי, אַן איירישע שיקסע. אַזוי רופט זי שלום אַש: שיקסע. און זי ווערט די אמתע מאַמע פון נייטענען. זי איז זיך מקריב פאַר אים. זי גיט אָפּ איר צייט, איר לעבן פאַר אים.

מאַמע און שיקסע, און עס איז אויס „אידישע מאַמע״! שיקסע איז מער ווי אידישע מאַמע אין „איסט ריווער״.

ווייל אַזוי פאָדערט די דרשה וואָס אַש וויל דרשענען אין דעם בוך: די דרשה פון קריסטלעכער ליבע.

ווייל מערי איז ניט סתם קיין שיקסע, און אַפילו ניט סתם קיין קאַטוילישקע. און ניט צופעליק איז זי געקומען צו די דאַווידאָווסקיס אין הויז: ישו האָט זי אַהער בכיוון געשיקט, אַזוי זאָגט זי, אַ מין „אַפּאָסטאָל צו די אידן״, צו ווייזן אידן וואָס קריסטלעכע ליבע איז, צו לערנען אידישע מאַמעס ווי אַזוי צו זיין מאַמעס...

פאַראַן אין „איסט ריווער״ נאָך אַ גויע, מרס. קראַנץ. זי איז גראָד ניט קיין פרומע און לויפט ניט אַלע ווילע אין קלויסטער אַריין ווי מערי. אָבער אַ גויע איז זי, און דאָס איז שוין גענוג, אַז זי זאָל זיין אַ מלאך. און אַזוי ווי מערי שענקט איר לעבן די דאַווי־דאָווסקיס, אַזוי טוט מרס. קראַנץ שענקען איר לעבן די גרינשטאָקס. ווען מרס. גרינשטאָק לעבט נאָך, אַ שטענדיקע חולאת, קומט מרס. קראַנץ אין הויז אַריין און ראַמט און קאָכט, און רייניקט די קינדער, און פּוצט ראַשעלען, וועלכע איז אַ כלה־מויד און דאַרף באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט. און ווען מרס. גרינשטאָק שטאַרבט, נעמט מרס. קראַנץ איבער די פירערשאַפט פון גאַנצן הויז. ווען ניט זי, וואָלטן די גרינשטאָקס אונטערגעגאַנגען. קיין אידישע שכנים וואָס זאָלן קומען העלפן זעט מען ניט.

און עס טרעפט, אַז ראַשעל פאָרט צו גאַסט צו די זילבערבערגס, אירע קרובים, פעטער און מומע, דוכט זיך. מען איז דאָרט אָנגע־שטאָפּט מיט גאָלד, נאָר ווי מען איז רייך אַזוי דבר־אחריש איז מען דאָרט. און די טאַנטע די אָלרייטניצע טרייבט ממש אַרויס די אָרימע קרובה. ראַשעל אַנטלויפט פון דאָרט ווי פון פייער. צו דער גויע מרס. קראַנץ.

און די ווירקלעכקייט איז דאָך געווען גאַנץ אַנדערש אין יענע

יאָרק ווען „איסט ריווער" שפּילט זיך אָפּ. ס'איז באַוואוסט פון יענער צייט ווי אַזוי אידן פלעגן אָפּט פאַרוואָרפן ווערן מיט שטיינער אין די „איירישע" קוואַרטאַלן. איבערהויפט אַ איד מיט אַ באָרד. און וואָס שייך די אידן צווישן זיך, איז עס געווען די צייט פון דער גרויסער אימיגראַציע, ווען די אידישע משפּחהשאַפט האָט זיך אַרויס־געוויזן אין איר שענסטן פּראַכט, ווען קרובים האָבן געשניטן פון זיך פאַסן צו ברענגען אַנדערע קרובים פון אייראָפּע, מ'האָט געשיקט שיפסקאַרטן, געלט, אידן האָבן געראַטעוועט אידן, און דעמאָלט האָבן מיר זיך עס אָפּגעשפּאָרט דאָס אַמעריקאַנער רעשטל פון אידישן פאָלק, וואָס היטלער האָט פאַרניכטעט אין אייראָפּע.

שיין וואָלטן מיר היינט אויסגעזען ווען מיר וואָלטן דעמאָלט גע־וואַרט אַז די מערי מעקאַרטיס און די מרס. קראַנצעס זאָלן אונדז אַרויסנעמען קיין אַמעריקע...

גאַנץ אַנדערש וואָלט שלום אַש געזען יענע שטירמישע וואַנדער־צייט פון „שטעטל" אין „שטאָט" אַריין, יענע גוואַלדיקע איבערזידלונג און איבערפלאַנצונג פון מיליאָנען אידן אין אַ נייער וועלט, ווען ער וואָלט נאָך געקוקט מיט אידישע אויגן. ווי ער האָט עס געזען, למשל, אין זיין בוך „אַמעריקע". אָבער דאָס איז נאָך געווען „פאַר דער קריסטלעכער צייטרעכענונג"....

ווען די אידישע מאַסן האָבן אָנגעהויבן שטראָמען קיין אַמעריקע, דער עיקר קיין ניו־יאָרק, איז נאָך ניו־יאָרק געווען, אין פאַרגלייך מיט היינט, אַ דאָרף. עס איז געווען די אידישע ענערגיע און פּראַצע, דער אידישער אימפּעט און וויזיע, דער אידישער שעפערישער גייסט וואָס האָבן מער ווי יעדער אַנדער כוח געבראַכט ניו־יאָרק צו דער מדרגה פון דער גרעסטער שטאָט אין דער וועלט. און דער וואונ־דערלעכסטער. און דער גייסטיק רייכסטער. און דער פאָרטגעשריטנ־סטער. וואָס פאַר אַן עפּאָפּייע אַש וואָלט געקענט אָנשרייבן וועגן אידן אין ניו־יאָרק!

אָבער אַרויסגעקומען איז עפּעס אַנדערש. אַרויסגעקומען איז — גלייך ווי אידן וואָלטן געווען אַ היישעריק, וואָס איז באַפאַלן ניו־יאָרק און געגעסן אירע מענטשן. און געטרונקען זייער שווייס און געזויגן זייער בלוט. ניו־יאָרק, אין „איסט ריווער", קרעכצט ממש אונ־טערן אידישן יאָך. אידן זיינען די עקספּלואַטאַטאָרס, די אונטערדריקער פון די אַרבעטער, די יוניאָן־ברעכער, די באַשאַפער פון די סוועט־שעפּער. קיין ניט־אידישע קאַפּיטאַליסטן זעט מען ניט. ווען אַש וואָלט געשילדערט די עקספּלואַטאַציע, וואָס האָט דעמאָלט געהערשט אין אַמעריקע בכלל, אין די עקאָנאָמישע מלוכות פון די ראַקעפעלערס

און קאַרנעגיס, וואָלט דער אידישער חלק דערין פאַרנומען זיין אָרט אין דער געהעריקער פּראָפּאָרציע. שלום אַש ווייזט אָבער גאָרנישט דערפון. ער ווייזט נאָר אידן. און עס שאַפט זיך דער איינדרוק, אַז די אידן זיינען געווען די בלוטיקע עקספּלואַטאַטאָרס, די גרויס־אינ־קוויזיטאָרן פון דער עקספּלואַטאַציע אין אַמעריקע. די ווירקונג איז אַ דערדריקנדיקע. אַפילו אויפן אידישן לעזער, ווי־זשע שוין אויפן ניט־אידישן ?

דער גייעג נאָך געלט איז אומגעהייער. עס איז די איינציקע, אַלץ־פאַרשלינגענדיקע אידישע ליידנשאַפט. דאָ זעט זיך דער אמתער מאַטעריאַליסטישער איד. געלט איז אַלץ. און אַלע מיטלען זיינען כשר. און קיין גוטע מידות זיינען ניטאָ וואָס זאָלן כאָטש אַ ביסל אויסקויפן. צדקה גיט מען נאָר צוליב געשעפט אָדער פּאָליטיק. מיט דעם ביסל אמונה האַנדלט מען אויך נאָר ווי מיט סחורה. אוירווינג איז די פאַרקערפּערונג פון גייסטלאָזן געלט־גייץ. די זילבערבערגס, שמולעוויטש און אַ גאַנצע ריי קלענערע פּערזאָנען אַרום זיי האָבן ניט קיין גלייכן אין דער אידישער ליטעראַטור. זיי זיינען געשילדערט מיט אַ שנאה און פאַראַכטונג, וואָס מיר האָבן ניט געקענט ביי שלום אַשן: פּראָסט, גראָב, אומדערצויגן, כאַמסקע, ווילדע, חזירים אין אַ אידישער הויט. אַזוי ווי אַמאָל האָט ער אידעאַליזירט זיינע אידן און זייער לעבן, אַזוי איצט באַטייוולט ער זיי. אַש האָט פריער גאָר ניט געוואוסט פון אַזעלכע אידן, פריער — „פאַר דער קריסטלעכער צייט־רעכענונג". וואו האָט ער זיי גאָר געפונען, אַזעלכע אָפּשיילעכע, עקלדיקע אידן, אַזעלכע נידעריקע, געמיינע, ווערימדיקע נפשות ? און אַזוי פיל פון זיי ?

אַ איד ווי שמולעוויטש איז אַ פּאַסיקער חבר צו „יאַנקל", אין גאָגאָלס „טאַראַס בולבאַ", וואָס איז אַ שוואַרצער „אידישער" פלעק אין דער רוסישער ליטעראַטור. און שמולעוויטש וועט זיין אַזאַ שוואַר־צער פלעק אין דער אידישער ליטעראַטור. צי אין דער ענגלישער — עס איז שוין ניט קלאָר וואוהין די דאָזיקע ווערק געהערן. די גאַנצע גאַלערייע פון די דאָזיקע טיפּן אין „איסט ריווער" געהערט צו אַ באַ־שטימטן „אידישן" זשאַנר אין דער וועלט־ליטעראַטור: צו גאָגאָלס „טאַראַס בולבאַ", טורגעניעווס „זשיד", דאָסטאָיעווסקיס טיפּ בומשטיין — טיפּן, וואָס זיינען די פאַראַכטונג פון גויים, די שרעק פון אידן, און די חרפּה פון די שרייבער...

אַמאָל האָט אַש געשריבן אַ „תהילים־איד", היינט האָט ער אָנגע־שריבן אַ חרפּה־איד.

4

## צווייַ שטיינערנע פֿרויען

אַזוי ווי דער בנין פֿון אַ קלויסטער ציט זיך מיט יעדער ליניע צום שפּיץ צלם, אַזוי ציט זיך „איסט ריווער" מיט יעדער שורה צום קלויסטער.

זייַן גאַנצן טאַלאַנט האָט אַש דאָ איינגעשפּאַנט כּדי מקיים צו זייַן אַ קריסטלעכן פּסוק, כּדי אמתדיק צו מאַכן אַן אַלטע קריסטלעכע דאָגמע, וואָס איז קיינמאָל ניט אמת געווען און וועט קיינמאָל אמת ניט ווערן. אַפֿילו ניט מיט אַשס הילף.

ס'איז דער פּסוק און די דאָגמע, אַז דער קלויסטער איז פֿון הימל באַשטימט געוואָרן צו זייַן דער יורש פֿון דער שול. אַז דער גאָט פֿון ישׂראל איז שוין לאַנג אַוועק פֿון דער אידישער בית הכּנסת און רוט שוין באַלד צוויי טויזנט יאָר אין קאָסציאָל. אַז די שול האָט שוין לאַנג פֿאַרלאָרן איר נשמה און איר זין, און זי האַלט זיך נאָר דערפֿאַר וואָס אידן זייַנען אַ האַרטנעקיק פֿאָלק, אַ פֿאָלק פֿון ווידערשפּעניקער קעגן גאָטס ווילן.

ס'איז אַ פֿונדאַמענטאַלע דאָגמע אין דעם קריסטנטום און די קירכע האָט זי שוין אויסגעשפּילט אויף אַלע כּלים: טעאָלאָגיש, מאָלעריש, סקולפּטוריש.

איינע פֿון די באַרימטסטע רעפּרעזענטאַציעס פֿון דער דאָזיקער דאָגמע, אין שטיין, געפֿינט זיך אין דער קאַטעדראַלע פֿון שטראַסבורג. צוויי גרויסע פֿרויען־פֿיגורן שטייען בייַ דער פֿאָדערוואַנט פֿון דער קאַטעדראַלע. איין פֿיגור שטעלט פֿאָר די „קירכע", די אַנדערע שטעלט פֿאָר די „שול". די „קירכע" קוקט שטאָלץ, שטרענג און בייז אויף דער „שול". זי טראָגט אַ קרוין וואָס זי האָט אַרונטערגענומען פֿון דעם קאָפּ פֿון דער שול. אין איר לינקער האַנט האַלט זי אַ בעכער, וואָס זי האָט אויך איבערגענומען פֿון דער שול. אין איר רעכטער האַנט האַלט זי אַ צלם־פֿאָן, וואָס שטייט האַרט און פֿעסט אויף דער ערד.

די „שול"־סטאַטוע שטייט מיטן קאָפּ אַראָפּגעלאָזט. די אויגן זייַנען איר פֿאַרבונדן — זי זעט, נעבעך, ניט דעם „אמת". אין איר לינקער האַנט האַלט זי אַ שטיקל שטיין — אַ ברוכשטיק פֿון די צעבראָכענע לוחות, צו וועלכן זי קלאַמערט זיך נאָך. און אין דער רעכטער האַנט האַלט זי אַ לאַנגן שפּיז — אַ צייכן פֿון איר אַמאָליקער ממשלה, נאָר דער שטאַב פֿון דעם שפּיז איז איבערגעבראָכן, און זיך אָנשפּאַרן אויף אים קען מען שוין ניט...

אַט דאָס איז דער טעאָלאָגישער קוק פון קריסטנטום אויף דער שול, דער סינאַגאָגע, דעם בית מדרש, און דאָס איז דער יסוד אויף וועלכן שלום אַש האָט אויפגעשטעלט זיין „איסט ריווער".

גרויס, מעכטיק, איינדרוקספול, פול מיט היילנדיקער קראַפט איז די קאַטוילישע קירך ביי אַשן. קליין, שוואַך, געבראָכן, אויסגעליידיקט פון יעדן כוח, אויסגעלאָשן פון יעדער השפעה איז די אידישע שול.

אין גאַנץ ניו־יאָרק האָט אַש גאָרניט געפונען קיין איינציקע רעכטע שול, שוין ניט רעדן פון אַ רעכטער עדה אידן, נאָר אַ שול כאָטש מיט אַן אָנשטענדיקן בנין, צו ווייזן פאַר זיינע לייענער, נאָר גאָלע „איינגעפאַלענע סוכות", אין אַ „האָל", צי אין עפעס אַ פאַר־דריפּעטן בנין, וועלכן שמולעוויטש בויט־איבער אין אַ שול, און לסוף פאַרקויפט ער עס גאָר פאַר אַ מואווי. אָבער די קלויסטערס — זיי זיינען ביי אַשן אַזוי שיין...

זיינע גלחים אין די קלויסטערס זיינען אַלע אַזעלכע דערהויבענע מאָראַלישע פערזענלעכקייטן, גאַנץ מיט גאָט און ערלעך צו לייט. דעם „טרייענגל־פייער", וואו הונדערט און פופציק מיידלעך זיינען פאַרברענט געוואָרן, האָבן גורם געווען די אידן מיט זייער סוועט־שאַפּ סיסטעם. אָבער אַז מען דאַרף פון דעם אומגליק עפעס אָפּלערנען און פאַרבעסערן די שעפער — דאָס ליגט אַש אַריין אין מויל פון אַ גלח. און אַנטקעגן זיינע הויך־מאָראַלישע גלחים אין די קלויסטערס, וועמען שטעלט ער אַרויס אין דער שול? דעם רעליגיעזן צבועק און שווינדלער שמולעוויטשן...

אַזאַ ליטעראַרישע מעטאָדע פון שילדערן איז אין אמתן אויך שווינדל. מ'קען שווינדלען ניט נאָר מיט רעליגיע, נאָר אויך מיט קונסט. אַז מ'נעמט איין פנים און מ'שמירט אויס מיט סאַזשע און אַ צווייטן פנים מיט פודרע, איז גרינג צו באַווייזן, אַז דער צווייטער איז ווייס. אין ספאָרט רופט מען אַזאַ מעטאָדע „אונטערן גאַרטל", אין ליטעראַטור רופט מען עס „אונטער קריטיק". שלום אַש אַליין, מיט אַזאַ מעטאָדע, דערגייט נענטער צו זיין שמולעוויטש ווי צו זיין גלח. נאָר דערויף איז דאָ אַן אַלטער תירוץ אין קריסטנטום: דער צוועק הייליקט די מיטל. און אַש מיינט עס דאָך נאָר פון „גאָטס־וועגן", ברענגען דער קירכע די בשורה דירעקט פון „איסט ריווער" קוואַרטאַל, אַז אידישקייט האָט שוין באַלד אָפּגעצאַנקט און דער נצחון פון דער קירכע וועט זיין אַ גאַנצער.

נעמט מערי און הערי. מערי מעקאַרטי און הערי גרינשטאָק. אַז אַש דערציילט אונדז ווי מערי גייט אין קלויסטער, דערציילט ער עס מיט דרך־ארץ, אַפילו מיט יראה און פחד. מיט יראה און פחד

רעדט ער פון דעם קלויסטער און די תפילות אין אים, און מתפּלל'ים. מערי ווייסט פאַרוואָס זי גייט. ווען זי האָט עפּעס אַ וואונטש אין האַרצן, גייט זי און זאָגט עס ישון אויפן צלם, און שטענדיק, פאַר־זיכערט אונדז אַש דורך איר מויל, ווערט איר פאַרלאַנג דערפילט. זי קומט קראַנק און גייט אַרויס געהיילט. זי קומט מיט ליידיקן און גייט אַוועק מיט פולן.

אָבער ווען הערי גייט אין שול אַריין, גייט ער נאָר אין צייט פון אַ קריזיס, „ווען מ'דאַרף אָפּגעבן אַ רעפּאָרט און מעלדן זיך אין אָפיס פון דעם „דיסטריקט אַטוירני" פון דעם אידישן גאָט" (ז. 201). וועגן דעם „גויאישן גאָט" וואָלט זיך אַש ניט דערלויבט צו רעדן מיט אַזאַ ביליקן ציניזם. ווען מ'שטעלט הערין אויף פּראָבע, — איז אַש מודה — וואָלט ער זיכער באַצאָלט מיט זיין לעבן און ניט געענדערט זיין אמונה, אָבער „מיט דעם האָט ער געענדיקט זיינע התחייבותן צו גאָט. אַלדאָס איבעריקע לאָז צורו. דו טשעפּע מיך ניט, וועל איך דיך ניט טשעפּען".

ביים „טרייענגל־פייער" דערמאָנט מערי ישוס נאָמען און באַלד קריגט זי כוח און ראַטעוועט זיך. אָבער איר אידישע חברטע דער־מאָנט ניט ישון, און כאָטש זי שטייט נעבן מעריס זייט, ווערט זי פאַרברענט.

ס'איז שוין, הייסט עס, אַ טויטע אמונה, די אידישע אמונה. אָבער קריסטנטום, גייט, זעט, וואָס מ'קען אויפטאָן מיט קריסטנטום, רופט אַש מיט קולי קולות! נעמט נייטענען, דעם פּאַראַליזירטן קריפּל. זיין מאַמע, אַ היימישע אידענע, איר פאַלט גאָרנישט איין צו האָפן אויף איר אידישן גאָט. זי האָט נייטענען אויפגעגעבן. זי בעט נאָר אויף אים דעם טויט. די דאָקטאָריע האָט אים אויך אויפגעגעבן. אָבער ניט מערי. זי גייט אין קלויסטער אַריין און איז מתפּלל צו ישון, און וואונדער איבער וואונדער: ישו, און דערצו אַ ביסעלע „געשלעכט", און זעט — נייטן רירט מיט אַ גליד! דערנאָך ווערט שוין די דאָק־טאָריע אויך אַ בריה, און נייטן געווינט אַביסל זיינע גלידער צוריק.

נייטן ליגט אין שפּיטאָל און נעבן אים ליגט אַ גוי אַ שיכור און האַלט ביים שטאַרבן. און דער שיכור רעדט צו נייטענען וועגן ישון, און ווידער אַ וואונדער: נייטן, דער אַלטער אַפּיקורס, דערזעט גאָט! זיין טאַטע, ר' משה וואָלף, אַ פיינער איד, אַן איידעלער מענטש, אויך אין וועלטלעכער חכמה ניט קיין עם הארץ, און אַלע יאָרן זינט נייטן איז געוואָרן אַ בר־דעת האָט ער געטענהט און פילאָזאָפירט מיטן זון וועגן אמונה און גאָט, און ס'איז געוועזן געזייט אויף אַ שטיין. און דאָ, אַ פרעמדער, אַ פּראָסטער גוי, אַ שיכור פון רינשטאָק, און

ער האָט אים געעפנט די בלינדע אויגן! ווי אַזוי? צי האָט דען דער שיכור געזאָגט עפּעס אַזעלכע טיפע געדאַנקען?

ער האָט געערעדט די געוויינלעכע קריסטלעכע ווייררויך־רייד. אָבער דער טאַטע האָט מיט אים גערעדט וועגן אידישן גאָט, און דער שיכור וועגן ישון...

שלום אַש איז אַ גוטער סאָלדאַט פון דער „סאַלוועישאַן אַרמי". די „סאַלוועישאַן אַרמי", ווען זי גייט איבער די גאַסן ווערבירן רעקרוטן פאַר ישון, שטעלט זי אויך שטענדיק אַרויס אַ „באַם", וואָס האָט „געקראָגן רעלידזשאַן", ער זאָל „נעמען"...

און שלום אַש שרייבט אין „איסט ריווער" און שרייבט, און שונ־דעוועט און שונדעוועט, און ליגנערט און ליגנערט, אַזוי לאַנג און אַזוי ברייט, ביז ער ברענגט ר' משה וואָלפן אַליין אויך אין דער ממשלה פון ישון.

מערי די קאַטאָליטשקע און ר' משה וואָלפס צווייטער זון איר־ווינג, וואָס זיין רעליגיע איז געלט, האָבן חתונה געהאַט. מ'האָט אָפּ־געשמועסט ניט צו שטערן איינער דעם אַנדערן אין גלויבן. אַ קינד וועט מען לאָזן וואַקסן ניט־איד און ניט־קאַטאָליק, ביז ער וועט קומען צום פאַרשטאַנד און וועט אַליין אויסקלייבן וואָס אים וועט געפעלן בעסער (פון וואַנעט וועט ער וויסן?). עס ווערט זיי געבוירן אַ אינגל — מ'מלט אים ניט און מ'טויפט אים ניט. אָבער ישו איז שטאַרק. ער לאָזט מערין ניט רוען וואָס איר אינגל איז ניט גע־טויפט. גייט זי אַוועק אין דער שטיל און טויפט אים אָפּ. אוירווינג פאַרלאָזט זי מיט כעס, און די קאַטוילישע שנור מיטן געטויפטן איי־ניקל דעם ערל קומען זוכן שוץ ביים שווער, דעם גערער חסיד, ר' משה וואָלף.

און ס'איז פונקט ערב פסח. און מערי גרייט דעם סדר. מערי, ניט משה וואָלפס ווייב דבורה. זי איז ניטאָ אין דער היים. זי איז צעקריגט מיט משה וואָלפן און זי לאָזט אים איבער אָן אַ מלכה אויף פסח. מערי, ווידער, איז צעקריגט מיט אוירווינגן, און פונם גאַנצן ריזיקן ניו־יאָרק געפינט זי ניט קיין אַנדער פּלאַץ וואוהין צו גיין ווי צום שווער. און אַזוי ווערט עס צוגעשפּיצט, אַז מערי מיט איר שייגעצל זאָלן זיין ביי משה וואָלפן אויף פסח, און נאָך מער — מערי זאָל אַריינברענגען דעם פסח און גרייטן דעם סדר. און זי מאַכט עס כדבעאי. מיט אַ סך פרומקייט. פרימער ווי דבורה וואָלט עס געמאַכט. און דאָ קומט דער עיקר, דער שפּיץ צו וועלכן דער ראָמאַן האָט געצילט פון אָנהויב אָן: דאָס שייגעצל זיצט ביים סדר מיט זיין צלמל אויפן האַלדז, און דער גערער חסיד מיט דער הגדה, און דער פרומער

זיידע מאַכט זיין אידישע „המוציא״, און דאָס גויאישע איינִיקל מאַכט זיין גויאישע „המוציא״, און דער גערער חסיד דערזעט, אַז אייגנטלעך איז עס דאָך כמעט דיזעלביקע „המוציא״ צום זעלביקן גאָט, און ער מאַכט שלום...

גאָר אָן מי און מאַטערניש קומט עס אָן ישון גובר צו זיין איבערן אַלטן, פרומען אידן, דעם חסיד פון גערער גזע...

וואו האָט שלום אַש גאָר אַמאָל די מעגלעכקייט פון אַזאַ חסיד געזען ?

ניט אין לעבן און ניט אין טויט, ניט אויף דער וועלט און ניט אויף קיין אַנדערער פון אַלע ש״י עולמות, האָט אַזאַ קוואַטש און פאַר־זעעניש פון אַ חסיד געקענט געמאָלט זיין. בלויז אין אַ געשמדטער פאַנטאַזיע האָט אַזאַ אומגעלומפּערטקייט געקענט געבאָרן ווערן, אין קלויסטערלעכן שונד, אין וועלכן שלום אַש האָט פאַרקויפט זיין בכורה פון אַ קינסטלער און האָט פאַרלאָרן זיין רעכט פון אַ אידישן שרייבער.

דער איד איז פאַרפעלשט און דער קריסט איז אָפּגענאַרט, און די ליטעראַטור איז געשענדט אין אַ מין ווּיסטער, שדישער שטיק חוזקעריי, ביז די עצם זאַך ליטעראַטור ווערט קאָמפּראָמיטירט.

אָט פאַר אַזעלכע ליגנערישע אויסטראַכטענישן און וויסטע פאַר־ווירונגען האָט עס פּלאַטאָן געזאָגט, אַז אין דער ריכטיקער געזעל־שאַפט, אין דער אידעאַלער „רעפּובליק״, טאָר קיין אָרט ניט זיין פאַר די דיכטער און ליטעראַטן. אַרויסטרייבן דאַרף מען זיי פון אָנשטענ־דיקן ישוב.

אין דעם לאַנד, וואו די שיינע ליטעראַטור האָט געהאַט איר וויגעלע, דאָרט האָט מען אויך אַזוי גיך, און אַזוי קלאָר, דערזען די סכנה, וואָס זי קען זיין.

פּלאַטאָנס וואָרנונג קעגן דער אומגעצוימטקייט פון דער דיכ־טערישער פאַנטאַזיע און איר כח צו נאַרן, פאַרפירן און פאַרדאַרבן, איז ניט געווען די איינציקע פון איר מין. יאָרהונדערטן שפּעטער הערן מיר זי ביי זשאַן זשאַק רוסאָ, וועלכער אַנטוויקלט די טעאָריע, אַז דעמאָלט ווען עס הויבט זיך אָן די שטייגערונג פון דער קונסט און דער ליטעראַטור ביי אַ פאָלק, הויבט זיך אָן זיין מאַרש צו ירידה און פאַנאַנדערפאַל. פּאַסקאַל האָט געשריבן, אַז „די פאַנטאַזיע איז אַ מייסטערין פון טעות און פאַלשקייט, אַ גאוּוהדיקע מאַכט, וואָס איז פיינטלעך צו דעם פאַרשטאַנד״.

און דער רמב״ם האָט אויך געזאָגט, אַז „די פאַנטאַזיע איז דאָס זעלביקע וואָס דער יצר הרע. וואָרום אַלע אונדזערע חסרונות אין

לשון אָדער אין כאַראַקטער זיינען די דירעקטע אָדער אומדירעקטע אַרבעט פון דער פאַנטאַזיע" (מורה נבוכים, חלק ב', פרק י"ב).

ביי דעם ראָמאַנטיקער שלעגעל, וואָס ער האָט, פאַרקערט, אַרויס־געהויבן די פאַנטאַזיע איבערן שכל, געפינען מיר אויסגעדריקט אויף אַ טיפן אופן די סיבה פאַרוואָס ער האָט זי פאַרגעצויגן, וואָס איז גלייכצייטיק די סיבה פאַרוואָס אַנדערע פאַרמשפּטן זי. ער וואָלט אָפּ־געשאַפט, שרייבט ער, אַלע געזעצן פון דעם שכלדיק רעזאָנירנדיקן פאַרשטאַנד, און וואָלט די מענטשהייט „אַריינגעשליידערט צוריק אין דעם פאַרשיכורטן טומל פון דער פאַנטאַזיע, דעם אורשפּרינגלעכן תהו ובהו פון דער מענטשלעכער נאַטור".

תהו ובהו — דאָס איז די ריכטיקע באַצייכענונג פון שלום אַשס פאַנטאַזיע ווי זי אַנטפּלעקט זיך פאַר אונדז אין דעם „איסט ריווער".

פונדעסטוועגן האָט דאָ שלום אַשן זיין פאַנטאַזיע ניט אויסגערייכט לויט די מעגלעכקייטן פון זיין אייגן געשאַפענער פאַרזעעניש פון אַ סיטואַציע אין דעם „איסט ריווער".

ער איז געבליבן שטיין ביי דער אידישער „המוציא", וואָס דער גערער חסיד האָט געמאַכט צו זיין גאָט, און דער גויאישער „המוציא", וואָס זיין קאַטוילישע איניקל האָט געמאַכט צו זיין גאָט. אָבער ביים פּסחדיקן סדר האָט אַש געהאַט די מעגלעכקייט צו שאַפן גאָר עפּעס אויסטערלישעס, עפּעס וואָס איז באמת נאָך קיינמאָל ניט געווען: ער האָט געקענט מאַכן צוויי באַזונדערע הגדהס, גאַנצע הגדהס, איינע פאַרן זיידן, די אידישע, און אַ צווייטע פאַרן איניקל, אַ קאַטוילישע.

אַ אידישע הגדה מיט קאַטוילישן נוסח.

אַ נייעם נוסח: נוסח אשכנז, נוסח ספרד, און נוסח אדום...

בלויז אַ קליינער שנוי, און דער וואונדער האָט געקענט געשען...

דער זיידע האָט זיך געקענט זאָגן, אַזי ווי אַלע אידן האָבן אייביק געזאָגט: עבדים היינו לפרעה במצרים, קנעכט זיינען מיר געווען ביי פּרעהן אין מצרים, און גאָט אונדזער גאָט האָט אונדז אַרויסגעצויגן פון דאָרט מיט אַ שטאַרקער האַנט.

און פאַרן איניקל האָט אַש געקענט פאַרפאַסן די קאַטוילישע הגדה, צו זאָגן:

„און יעזוס אונדזער גאָט האָט אונדז אַרויסגעצויגן פון דאָרט".

וואָרום די קאַטאָליקן טייטשן דעם פּסוק „אַנדערש". ביי זיי האָט קיין אַנדערער, נאָר ישו אַרויסגעפירט די אידן פון מצרים. אַזוי שטייט אין דער קאַטוילישער ביבל.

זאָל שלום אַש דאָרט אויפמישן דעם אַפּאָסטאָל יהודה, דעם איין קאַפּיטל, וואָס ס'איז דאָ פון אים, 5־טן פּסוק, וואָס לייענט זיך אַזוי:

„איך וועל אייך דעריבער וואָרענען, הגם איר ווייסט שוין אַלץ פון לאַנג, אַז יעזוס, נאָכדעם ווי ער האָט אַרויסגעצויגן דאָס פאָלק פון לאַנד מצרים, האָט דערנאָך פאַרטיליקט די וואָס האָבן נישט גע־גלויבט".

מיט אַזאַ טראַדיציע אין דער סאַמע קאַטוילישער ביבל, האָט שלום אַש געקענט „סמיעלאַ" אויסשטעלן אַ קאַטוילישע הגדה פאַרן קליינעם קאַטאָליק ביים סדר. אָדער לאָזן דעם גערער חסיד אַליין צו־נויפשטעלן אַזאַ הגדה פאַר זיין קאַטויליש אייניקל.

שלום אַשס פאַנטאַזיע האָט אים ניט גוט געדינט. ער האָט זיך נאָר דערטראַכט צו אַ נאַצישן פאָגראָם אין וואַרשעווער געטאָ, פון וועלכן ישו האָט געראַטעוועט די אידן; אָבער די קאַטוילישע קירך האָט געהאַט אַ גרעסערע פאַנטאַזיע: זי האָט געמאַכט, אַז יעזוס זאָל ראַ־טעווען די אידן פון מצרים...

וואָס פאַראַ נייע „פערספעקטיוון" עס עפענען זיך דאָ פאַר אַשעס „קונסט"!...

יעזוס האָט גאָר אַרויסגעצויגן די אידן פון מצרים, ניט דער אַלטער אידישער גאָט... ווי האָט עס אַש געקענט פאַרזען אַזאַ אבן טוב?

נון, ר' משה וואָלף מאַכט שלום מיטן געדאַנק. עס ווערט ביי אים רעכט צו האָבן אַן אייניקל מיט אַ צלם ביי זיך אין הויז. פאַרן אייניקל אַ צלם, פאַרן זיידן טלית און תפילין. ער טרייסט זיך: עס וועט קומען נאָך אַ קינד, וועט שוין יענער זיין אַ איד. האַלב אויף האַלב. איינס דעם אידישן גאָט, איינס דעם גויאישן גאָט. אין זעלביקן הויז איין קינד מיטן צלם, איינס מיט ציצית.

און וואָס וועט זיין אויב עס וועלן קומען דריי קינדער?

דערווייל, ביני לבינו, איז דער גערער חסיד, ר' משה וואָלף, מפקיר אַ האַלב אידיש פאָלק...

אָט צו אַזאַ וויסטער מהומה דערפירט שלום אַש זיין אידיש־קריסטלעכן ראָמאַן.

ניט אומזיסט קלייבט אויס שלום אַש די סדר־נאַכט פאַר דער דאָזיקער „פאַמיליע־פאַראייניקונג". אין דער סדר־נאַכט, מיט צוויי טויזנט יאָר פריער, האָט די געשיכטע צעשיידט איד און קריסט, און אין אַ סדר־נאַכט וועט ער, אַש, זיי ווידער צונויפפירן. ס'איז „סימ־באָליש".

און דאָס איז דער סאַמע שפיץ פון שלום אַשס ראָמאַן. און דער שפיץ פון דעם ראָמאַן לויפט זיך צונויף מיטן שפיץ פון קלויסטער.

דאָ פייערט שלום אַש זיין גרעסטן „נצחון" פאַר יענער דאָגמע

פון דער קירך: טאָמער איז אויף דער 48־טער גאַס און איסט ריווער געווען איין גאַנצער איד, פון דער גאַנצער און פולער היסטאָרישער אידישער טראַדיציע, האָט אים שלום אַש אויך געבראַכט, אַן אונ־טערגעגעבענעם, אַ געבויגענעם, אַ געבראָכענעם, און אים אַוועקגעלייגט צו די פיס פון יענער שטיינערנער „דאַמע" ביי דער שטראַסבורגער קאַטעדראַלע: נאַ, אָט האָסטו דיר דעם לעצטן אידן...

נאָר סוף כל סוף, ווען מיר קומען אַהער, נעמען אונדז אָן ספּאַז־מען, און מיר פּלאַצן אַרויס אין אַ גרויסן געלעכטער: אַ גערער חסיד אַ שותף מיטן קלויסטער? מזוזה פּראַוועט מיט צלם אינאיינעם דעם סדר? אַ פרומער איד איז מסכים אויף געמישטער הייראַט, און אויף אַ פּשרה: זיך טיילן מיט דער קירך מיט אידישע קינדער העלפט אויף העלפט?

וואָס איז עס פאַר אַ מין טשעפּוכאַ, וואָס אַש האָט דאָ צונויפ־געבלאָזן?

און זעט די אומקינסטלערישע, שונדישע, בייז־כוונהדיקע צושפּי־צונג: ר' משה וואָלף, דער שיינער איד, דער רעפּרעזענטאַנט פון דעם בעסערן, דעם אָרנטלעך־אָרטאָדאָקסישן אידנטום — ער איז מסכים אויף אַלץ: אויפן שידוך פונם פּאָר פאָלק, און אויפן שידוך פון שול און קלויסטער, נאָר ווער איז קעגן? שמולעוויטש! דער מיאוסער איד מיט זיין מיאוסער כאָפּטע...

דער מוסר השכל: בלויז דער המון עם צווישן אידן, דער אָפּפאַל פון אידישן פאָלק איז נאָך פאַרעקשנט און האַלט נאָך פאַרהאַקט די אידישע טיר פאַרן נוצרישן גואל, אָבער די „נדיבי עם", זיי זיינען שוין גרייט...

נאָר ס'איז אַלץ איין גרויס שטיק חוזק. די גאַנצע מעשה איז נאָר אַ פאַרבלענדעניש פון דעם שטן און זיינע ניט־גוטע, וואָס האָבן פאַרכאַפּט שלום אַשס נשמה און פראַוועןן אָרגיעס מיט איר: די אידן זיינען קיין אידן ניט, די קאַטאָליקן זיינען קיין קאַטאָליקן ניט, און דער חסיד איז קיין חסיד ניט...

ר' משה וואָלף איז טאַקע אַ פיינער איד, נאָר אָן אַ חוט השדרה, און וואָס איינער האָט געוואָלט דאָס האָט ער פון אים געמאַכט. און פון קיין שוטה ברענגט מען קיין ראיה ניט. פאַרוואָס האָט אַש ניט גענומען אַן „אמתן" אידן, אַן עם־קשה־עורפניק?

דאָס אייגענע איז מיט די אַנדערע אידישע פאַרשוינען אין דעם ווערק, און אויך די קריסטלעכע.

דאָס זיינען פון קייט אָפּגעריסענע מענטשן, מיט וועלכע אַש בויט זיין בנין, און עס לאָזט זיך פון זיי גאָרנישט דרינגען ניט אויף

אמתער אידישקייט און ניט אויף אמתער קאַטויליִשקייט. ס'איז אַ הפקר־סיטואַציע פון אַ הפקר־ראָמאַן, וואָס אַש לייזט אויף אַ הפקר־אופן, און ווייטער גאָרנישט.

און וואָס איז שייך זיין „אידיליע" צווישן צלם און מזוזה, איז אָט איז זי אין דער אמתער, אין דער ווירקלעכער ווירקלעכקייט:

ווען דער צווייטער מבול, די צווייטע וועלט־מלחמה, האָט זיך געענדיקט, איז אַ אידישער כלל־טוער און שרייבער פון אַמעריקע, סעמיועל וואָהל, געפאָרן אויף קבר אָבות פונם אונטערגעגאַנגענעם אידישן פאָלק אין פוילן. ער האָט באַרייזט אַ ריי שטעט, דאָרט וואו ס'איז געווען צום ווינציקסטן סכנה פאַר אַ אידן זיך צו ווייזן, און דער עיקר האָט ער געזען חורבן וואַרשע. פון זיין נסיעה האָט ער אָנגעשריבן אַ ביכעלע, „מיין רייזע קיין וואַרשע". און אָט איז אַ קורצע שטעל פונם ביכעלע:

„איך האָב אַריינגעקוקט אין די אַמאָליקע אידישע געשעפטן. איבעראַל העגנגט אַנטקעגן דער טיר אַ בילד פון דער „הייליקער מוטער" מיט אַ ברענענדיק לעמפעלע, און ביי מאַנכע טירן איז נאָך אַלץ צוגעקלאַפּט דאָס קליינע מזוזהלע, וואָס איז געבליבן פון די אַמאָליקע אייגנטימער"...

אָט דאָס איז דער אמתער „שלום" צווישן צלם און מזוזה אין יאָר 1946, דאָס יאָר פון „איסט ריווער".

# „אַ אידישער יום טוב"

.1

לכבוד קריסטמעס פון דעם „געטלעכן יאָר" 1945 איז שלום אַש, אין דער ענגלישער צייטונג „שיקאַגאָ דעילי ניוס", אַרויס מיט אַ מאַניפעסט, לאמר, אַזוי צו זאָגן:

„איך באַטראַכט די געבורט פון יעזוסן אויך פאַר אַ אידישן יום־טוב. מיר אידן האָבן אין דער גליקלעכער פאַסירונג אַ גלייכן חלק מיט אַלע מענטשן אויף דער וועלט, און מיר האָבן גוטע אורזאַכן צו דאַנקען און לויבן גאָט דערפאַר".

אין אַ צווייטער שטעלע פון דעם אַרטיקל זאָגט אַש, אַז גאַנץ באַזונדערס אין די היינטיקע טעג, ווען די מענטשהייט גייט דורך אַזאַ איבערקערעניש, די צווייטע וועלט־מלחמה האָט קריסטמעס נאָך אַ גרעסערע באַדייטונג ווי שטענדיק, און ער שרייבט:

„דאָס איז די סיבה פאַרוואָס איך גלויב, אַז היינטיקס יאָר האָט קריסטמעס נאָך אַ גרעסערע באַדייטונג ווי ווען עס איז פריער פאַר אַלע מענטשן איבער דער וועלט".

ווי אַ מין אַנשי כנסת הגדולה פון איין מענטשן, פּראָקלאַמירט דאָ שלום אַש קריסטמעס ווי אַ נייעם „חוק לישראל".

יעדעס מאָל וואָס אידן ווי שלום אַש קומען אַרויס מיט אַזעלכע גוטע עצות פאַר אידן, איז גוט אַ קוק צו טאָן וואָס אַ גוטער גוי זאָגט וועגן דעם זעלביקן ענין.

עס איז דאָ אַן אַלט בוך, „דהי לאָאָס אָוו דהי עינשענט היבּרוס" (די געזעצן פון די אַמאָליקע אידן), געשריבן פון אַ גלח, אי. סי. וואַינז, און דאָרט, אין איין אָרט, רעדט ער וועגן דעם ווי אַזוי מאַנכע אידן פאַלן אַרונטער אונטער קריסטלעכע השפעות, און ער באַדויערט עס. „אין אונדזער לאַנד (אַמעריקע), למשל — שרייבט ער — פייערן אַ סך אידן קריסטמעס, כאָטש דאָס איז פונקט אַזוי ווייניק אַ טייל פון זייער רעליגיע אָדער מנהגים ווי דער יום־טוב פון דער געצנ־

דינסט בעל־פּעור. איך אַליין בין איינמאָל איינגעלאַדן געוואָרן צו אַ קריסטמעס־פייערונג ביי אַ אידישער פאַמיליע, און איך האָב געצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון דעם באַלעבאָס אַז אַזאַ פייערונג פּאַסט ניט פאַר אַ אידן" (זייט 468).

און אפשר איז שלום אַשן איין גוי ווייניק, וועל איך אים ברענגען נאָך איינעם. דאָס איז פּראָפעסאָר וויליאַם קעללי ראַיט. ער האָט אַ בוך: „סטודענטס פילאָסאָפי אָוו רעלידזשאָן". אין איין אָרט מאַכט ער דאָרט אַ פאַרגלייך צווישן די אידישע ימים טובים און די קריסט־לעכע, און ער זאָגט:

„די אידישע ימים טובים, ווי יום כפור, ראש השנה און שבועות, האָבן נאָך היינט זייער אַלטע איינדרוקספולקייט, און זיי פאַרטיפן און שטאַרקן דעם גלויבן פון זייערע אָפּהיטער, בשעת אַפילו די סאַמע וויכטיקסטע טעג פון דעם קריסטלעכן יאָר, ווי איסטער און קריסטמעס, האָבן, צום באַדויערן, פאַר די מערסטע קריסטן פאַרלאָרן זייער גייס־טיקע באַדייטונג און זיינען געוואָרן גלאַט פייערטעג" (ז. 7־146).

הערט! הערט! בשעת ביי די קריסטן האָט דער קריסטמעס זיך שוין לאַנג אויסגעוועפּט, קומט שלום אַש און רופט ערשט אידן אים אָנצונעמען! דאָרט פאָרט מען שוין פונם יאַריד, און שלום אַש שמייסט ערשט זיין פערדל, די פאַדלע, צום יאַריד...

היינט די גוואַלדיקע טעאָלאָגישע גאונות וואָס ער וויזט אַרויס אין דעם ענין! איך באַטראַכט, זאָגט ער, די געבורט פון יעזוסן אויך פאַר אַ אידישן יום־טוב. ער נעמט, הייסט עס, אָן דעם גלויבן פון דעם קריסטלעכן המון, אַז יעזוס איז טאַקע געבאָרן געוואָרן אין דעם טאָג פון קריסטמעס. אָבער עס איז ניטאָ קיין איין ערנסטער קריסט־לעכער געלערטער וואָס האַלט אַזוי. לאָמיר אַ קוק טאָן אין קריסטלעכע קוואַלן וועגן דעם ענין. און זיי דערציילן אונדז אָט וואָס:

עס איז ניטאָ קיין זיכערע און פעסטע דערקלערונג פאַרוואָס דער 25טער דעצעמבער איז אויסגעקליבן געוואָרן אַלס דער טאָג פון יעזוסעס געבורט. אין דער קריסטלעכער ביבל איז גאָרניט ניטאָ וועגן דעם. אין די ערשטע צוויי און אַ האַלב הונדערט יאָר איז בכלל ניט געווען קיין קריסטמעס און די קירכע האָט ניט אַרויסגעוויזן קיין שום אינ־טערעס אין פייערן דעם טאָג פון יעזוסעס געבורט. דער ערשטער וואָס האָט איינגעפירט אַזאַ פייערטאָג איז געווען היפּאָליטוס, בישאָף פון רוים, אין דער ערשטער העלפט פון דריטן יאָרהונדערט. און ער האָט גאָר אויסגעקליבן דעם 2טן יאַנואַר. אַנדערע האָבן אויסגעקליבן דעם 20טן מאַי, דעם 18טן אַפּריל, דעם 19טן אַפּריל, 25טן מערץ אָדער 28טן מערץ. אַ געוויסע צייט איז קריסטמעס געפייערט געוואָרן דעם

6טן יאַנואַר (זע : „ענסאַיקלאָפּידיאַ אָוו רעלידזשאָן", רעדאַגירט פון פּראָפ. ווערגיליוס פערם, אונטער „קריסטמעס", ז. 164).

אָבער שלום אַש איז זיכער אַז די „גליקלעכע פּאַסירונג" האָט געטראָפן דווקא דעם 25טן דעצעמבער, און אַז אין דעמדאָזיקן טאָג דאַרפן אידן זיך אָפּגעבן מזל טוב.

ווי אַזוי איז מען אָבער פּאָרט געקומען און אויסגעקליבן דעם דאָזיקן טאָג ?

געוויסע חכמים, אַזעלכע חכמים מסתמא ווי שלום אַש, האָבן מיט אַלערליי פאַנטאַסטישע חשבונות אויסגערעכנט, אַז די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן דעם 25טן מערץ, און אַזוי ווי יעזוס איז געווען „די נייע באַשאַפונג פון דער וועלט", איז ניט אַנדערש אַז זיין מאַמע איז פאַרגאַנגען אין טראָגן מיט אים אויך דעם 25טן מערץ, און אויב אַזוי, איז ער געבאָרן געוואָרן ניין חדשים שפּעטער, דעם 25טן דעצעמבער.

און אַזוי איז שלום אַשן שוין אַלץ קלאָר.

און עס איז, ווידער, ניטאָ קיין איין קריסטלעכער געלערטער וואָס איז ניט מודה, אַז קריסטמעס איז אַ ריין געצנדינערישער יום־טוב, וואָס די קירכע האָט איבערגענומען, האַק און פּאַק, פון די אַמאָליקע גריכישע, רוימישע און עגיפּטישע „געהיים־קולטן", ווי זיי ווערן אָנגערופן. אין די דאָזיקע קולטן איז געווען אַ נאַטור־יום־טוב, ווען מען פלעגט פייערן „די געבורט פון דעם פרילינג און פון דער זון". דאָס איז געווען דער קירצסטער טאָג פון ווינטער, וואָס גייט אַוועק, און ווען די טעג הויבן־אָן צו ווערן לענגער, אַן אָנזאָג אַז די געשטאָרבענע נאַטור שטייט אויף תחית המתים.

אין רוים האָט דער דאָזיקער יום־טוב געהייסן סאַטורנאַליאַ, און ער איז געפייערט געוואָרן מיט אַ שרעקלעכער ווילדקייט און אויסגעלאַסנקייט. דער זעלבער קולט ביי די גריכן און העלעניסטן אין סיריע איז געווען פאַרבונדן מיט דער געטין אַפראָדיטע, „די מוטער פון לעבן", און איר זכר אַדאָניס. יעדן יאָר פלעגט אַדאָניס שטאַרבן, אַפראָדיטע פלעגט דערפאַר אויפהערן זיין פרוכטבאַר, און דאָס איז געווען דער ווינטער. און די גלויביקע פלעגן אים באַוויינען. אָבער, ווען דער טאָג האָט אָנגעהויבן ווערן לענגער, האָט עס געהייסן אַז אַדאָניס ווערט צוריק געבאָרן און עס איז געווען אַ גרויסע פרייד דעם 25טן דעצעמבער.

איז געקומען די קריסטלעכע קירכע און האָט איבערגענומען די דאָזיקע געצנדינערישע פייערטעג פאַר זיך, נאָר אָנשטאָט דעם גאָט אַדאָניס האָט זי אַריינגעשטעלט דעם גאָט יעזוס. און אַזוי איז געוואָרן קריסטמעס.

און דאָס איז געווען בכלל דער אופן ווי אַזוי און פאַרוואָס דאָס קריסטנטום האָט זיך פאַרשפּרייט צווישן די היידן: די קירכע האָט איבערגענומען דעם גאַנצן היידנטום און האָט עס צוגעקלעפּט צום ביסל אידישע עלעמענטן וואָס עס האָט גענומען פון דעם אידנטום. און דאָס איז געוואָרן קריסטנטום.

און דערפאַר וואָס קריסטמעס האָט זיין שורש אין אַזאַ אומהייליקן יום־טוב פון אויסגעלאַסנקייט ווי די רוימישע „סאַטורנאַליאַ", זיינען דאָ קריסטן, וואָס האַלטן אינגאַנצן ניט פון קריסמעס.

אַזעלכע קריסטן זיינען די „דזשעהאָ—ס וויטנעסעס", אַ סעקטע, וואָס איז אַנטשטאַנען אין אַמעריקע אין לעצטן פערטל פון ניינצנטן יאָר־הונדערט, און פונדאַנען האָט זיך די באַוועגונג פאַרשפּרייט צו אַ סך לענדער. קריסטמעס איז ביי זיי אַן אמתע אומווירדיקייט און זיי פאַראַכטן די צערעמאָניעס און די מנהגים פון דעם יום־טוב. ניט זיי גיבן און ניט זיי נעמען אָן קריסטמעס־פּרעזענטן. וואָס אַלע טאָג פון אַ גאַנץ יאָר איז דערלויבט און איז שיין, איז יענעם טאָג ביי זיי אַ שווערע עבירה. דער קריסטמעס־בוים איז אין זייער לערע דער אַנטי־טיפּ פון אַ לעגענדאַרן בוים, וואָס איז אויסגעוואָקסן אין נמרודס גאָרטן, ווען יענער פאַרצייטיקער רשע איז געשטאָרבן. אויף אַזאַ אופן איז דער קריסטמעס־בוים פאַר דער סעקטע דער סימבאָל פון דער דויערנדיקער קראַפט פון דעם בייז אויף דער ערד. האָבן אַ קריסטמעס־בוים אין הויז, מיינט ביי זיי, אַז איינער איז גרייט צו דינען דעם בייז, וואָס ציט זיין אָפּשטאַם פון נמרודן אָן. די ליכטלעך אָדער לעמפּלעך אויפן קריסטמעס־בוים, האַלטן זיי, שטאַמען פון אַ געצנדינערישן מנהג פון אַ גערמאַנישן שבט, די „בעלטן". מיט הונ־דערטער יאָרן צוריק, לערנען די „דזשעהאָ—ס וויטנעסעס", האָט דער־דאָזיקער שבט געדינט צום שטן, און אין די ווינטער־נעכט פלעגן זיי אין זייערע דערפער אָנבינדן ברענענדיקע ליכט אויף די גרינע נאָדל־בוימער, גלויבנדיק אַז דערמיט פאַרטרייבן זיי די בייזע רוחות פון דער נאַכט. און ווער עס צינדט אָן היינט אַ קריסטמעס־בוים אין זיין הויז, טענהן די „דזשעהאָ—ס וויטנעסעס", יענער, ניט וויסנדיק אַליין, פּראַווועט אַ געצנדינערישן ריטואַל אַנטקעגן שדים און בייזע גייסטער.

און אַזוי ווי אויפן קריסטמעס־בוים, אַזוי איז ביטער זייער קריי־טיק אויך אויפן סאַנטאַ־קלאָז.

וואָס שייך דעם „25־טן דעצעמבער" האַלטן זיי אויך, אַז דער טאָג איז פאַרבונדן מיט דער „סאַטורנאַליאַ", מיט אַפראָדיטע און אַדאָניס, און ענלעכע היידנישע גלויבנס.

„דזשעהאָ—ס וויטנעסעס" איז אַ שטירמישע סעקטע, און זי פירט איר פּראָפּאַגאַנדע אויפן הויכן קול. אויך איר פּראָפּאַגאַנדע קעגן קריסטמעס פירט זי הויך און שטירמיש, מיט דער האָפענונג צו פסלענען און סוף כל סוף בטל צו מאַכן דעמדאָזיקן פייערטאָג ביי קריסטן.

אָבער שלום אַש האָט אים ערשט געבראַכט צו אידן...

דער גריכיש־רוימישער נאַטור־אָפּגאָט אַדאָניס האָט אַמאָל ביי די פּערזיער געהייסן „אדומוז", און אויף לשון קודש — תמוז. און אידישע ווייבער אַמאָל האָבן אויך געדינט צו אים, און דערויף קלאָגט דער נביא יחזקאל: נשים מבכות את התמוז — אידישע ווייבער באַוויינען דעם תמוז.

און ווען שלום אַש רופט אידן צום קריסטמעס, רופט ער זיי, אין תוך, צוריק צו יענעם אַלטן געצנדינסט פון תמוז, וואָס פאַרפירטע אידישע ווייבער האָבן אַמאָל באַוויינט ביי זיין ווינטערדיקן שטאַרבן און פאַרוואָס דער נביא האָט מיט אַזעלכע ביטערע רייד זיי פאַרשאָלטן...

און דווקא ביים שפּיץ פונם היטלער־חורבן, אין יאָר 1945, האָט שלום אַש אויסגעקליבן צו פּראָקלאַמירן קריסטמעס פאַר אַ אידישן יום־טוב, דאָס יאָר 1945, וואָס האָט געבראַכט דעם לעצטן סך הכל און געוויזן, אַז ניט ווייניקער ווי זעקס מיליאָן אידן זיינען אויסגעשלאַכט געוואָרן אין סאַמע האַרצן פון דער קריסטלעכער וועלט.

אַזאַ ציניש האַרצלאָזיקייט פון אַ אידן לגבי אידן איז נאָך קיינמאָל ניט געזען געוואָרן.

עס האָט ביי שלום אַשן אוודאי ניט געפעלט קיין קריסטמעס־בוים אין יענעם „אַנום דאָמיני" 1945. דער קריסטמעס־בוים — דאָס איז אַ דייטשישער איינפיר. דער גערמאַנישער צושטייער צום יום־טוב פון דעם „גואל". אין 17טן יאָרהונדערט האָבן עס די דייטשן איינגעפירט, און פון זיי האָט זיך דער מנהג פאַרשפּרייט אין אַלע קריסטלעכע לענדער. נאָר אין די יאָרן פון דער היטלער־מלחמה האָבן די דייטשן עפּעס צוגעגעבן צום קריסטמעס־בוים, אַ נייעם „דעקאָראַטיוון" דעטאַל: אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן האָבן זיי, זייט ביי זייט מיט די „ווייַנאַכט־בוימער", אויפגעשטעלט תליות און געהאַנגען אידן, אין דעם טאָג פון קריסטמעס.

עס זאָל זיי פריילעכער זיין.

יום־טוב דאַרף זיין פריילעך...

.2

# אַלקמענע און פּאולינאַ

אין שייכות מיט דער קריסטלעכער מעשה וועגן דעם געטלעכן אָפּשטאַם פון דעם נוצרי, איז נויטיק צו וויסן דעם קולטור־היסטאָרישן פאַקט, אַז אין די אַלטע צייטן זיינען אין אַ סך רעליגיעס דערציילט געוואָרן ענלעכע מעשות וועגן „געטלעכע" מענטשן. דיזעלבע געשיכטן וועגן „געטלעכע" געבורטן זיינען אַפילו דערציילט געוואָרן וועגן וועלט־לעכע מענטשן, ווי למשל וועגן דעם גריכישן פילאָזאָף פּלאַטאָן. פון די גלויבונגען אין די רעליגיעס איז די זאַך אַריין ווי אַ טעמע אין דער ליטעראַטור, אַפילו אין דער קאָמעדיע.

די פּרעהס פון מצרים האָבן זיך גערעכנט פאַר די זין פון זייער הויכן גאָט רע. די גריכישע געטער צעאוס און אַפּאָלאָ זיינען, לויט דעם גלויבן פון די גריכן און רוימער, געווען די פאָטערס פון אַ סך באַ־רימטע מענער, צווישן זיי פּלאַטאָן, אַלכסנדר מוקדון און צעזאר אוי־גוסטוס. ראָמולוס, דער גרינדער פון דער שטאָט רוים, איז, לויט דער רוימישער לערע, געווען דאָס קינד פון אַ בתולה, אַ טעמפּל־דינערין, און דעם גאָט מאַרס.

אין דער ליטעראַטור געפינען מיר די טעמע פון געטלעכער באַ־העפטונג מיט ערדישע ווייבער אין אַ קאָמעדיע פון דעם רוימישן דראַ־מאַטורג פּלאַוטוס — מ'האָט זיך שוין אַמאָל, הייסט עס, אַפילו געוויצלט וועגן דעם. די קאָמעדיע הייסט: „אַמפיטריאָ". אַמפיטריאָ איז אַ קריגספירער, און ער איז אַוועק אין מלחמה. אין דערהיים איז געבליבן אַליין זיין שיין ווייב אַלקמענע. יופּיטער, דער הויפּט פון די רוימישע געטער, האָט זי געזען און האָט זי געגלוסט. האָט ער זיך אָנגעטאָן די געשטאַלט פון אַמפיטריאָ און איז געקומען צו אלקמענע און האָט גע־שפּילט די ראָלע פון איר מאַן. פאַר אַ וועכטער ביי דער טיר האָט יופּיטער געשטעלט זיין מלאך־שליח מערקור.

אַמפיטריאָ האָט געוואונען די מלחמה און ער קערט זיך אום אַהיים. אָבער פריער שיקט ער זיין דינער סאָפּיאַס, אָנצוזאָגן דער ווייב די גרויסע בשורה פון זיין נצחון. ווען סאָפּיאַס קומט אַהיים געפינט ער ביי דער טיר מערקורן, און עס קומט אַרויס אַ סך שפּאַס פון זייער באַ־געגעניש און סאָפּיאַסעס פאַרווירטקייט, געפינענדיק פרעמדע געסט אין הויז. לסוף איז יופּיטער זיך מודה אין אַלץ, און ער זאָגט אָן, אַז אַלקמענע וועט געבערן אַ גרויסן גיבור. און דאָס איז געווען הער־קולעס.

נאָר אַ מערקווירדיקע געשיכטע אין לעבן, אויף דערדאָזיקער טעמע, האָט געטראָפן אין רוים, און מיר געפינען זי באַשריבן מיט אַ סך פּרטים ביי דעם אידישן היסטאָריקער יאָזעפוס פלאַוויוס, אין זיין בוך „אידישע אַלטערטימלעכקייטן".

מיר גיבן דאָ אַ ווערטערלעכע איבערזעצונג פון פלאַוויוסן:

עס איז געווען אין רוים אַ פרוי. זי האָט געהייסן פּאולינאַ. זי איז געווען פון אַ פיינעם אָפּשטאַם און האָט געשמט מיט איר צניעות. זי איז אויך געווען רייך. הגם זי איז געווען אַ מערקווירדיקע שיינהייט און אין די בליענדיקע יאָרן, ווען פרויען זיינען געוויינלעך פול מיט לעבנסלוסט, האָט זי זיך אויפגעפירט זייער באַשיידן. זי איז געווען פאַרהייראַט צו סאַטורנינוסן, וואָס האָט געגעני ווי זי, געהאַט אַן אויסגעצייכנטן כאַראַקטער. האָט פאַסירט, אַז דער רוימער דעציוס מונדוס האָט באַגעגנט פּאולינען און זיך אין איר פאַרליבט. מונדוס האָט געהערט צו די אַדליט פון רייטער שטאַנד און האָט באַזעסן אַ גרויסן פאַרמעגן. ער האָט גאָרנישט געשוינט פאַר פּאולינען און ער האָט איר געגומען שיקן צאָלרייכע מתנות. אָבער זי האָט מיט ווירדע צוריקגעקערט אַלע זיינע פּרעזענטן. מונדוסעס ליבע האָט זיך דורך דעם נאָך מער צופלאַקערט. ער איז געגאַנגען אַזוי וויט, אַז ער האָט איר פאָרגעלייגט צוויי הונדערט טויזנט דראַכמעס אַלס פרייז פאַר איין נאַכט ליבע... אָבער אויך דאָס האָט ניט געהאָלפן. מונדוס האָט אַזוי שטאַרק געליטן פון זיין דורכפאַל אין ליבע און פון פּאולינאָס אָפּזאָג, אַז ער האָט באַשלאָסן צו שטאַרבן. ער האָט אויפגעהערט צו נעמען יעדע שפּייז און געוואַרט עס זאָל אויסגיין זיין נשמה.

מונדוס האָט געהאַט אין זיין רשות אַ פרוי, אַ געוועזענע שקלאַפין, וועמען זיין פאָטער האָט געהאַט אומגעקערט די פרייהייט. זי איז געווען אַ גרויסע בריה אין אַלע מינים כישוף. איר נאָמען איז געווען אידע. אידען האָט זייער וויי געטאָן דעם האַר'ס באַשלוס צו מאַכן אַ סוף מיט זיין יונגן לעבן. איז זי געקומען צו אים און אים געגעבן האָפענונג, אַז ער וועט קענען פאַרברענגען אַ נאַכט מיט פּאולינען. זי האָט געזאָגט, אַז זי באַדאַרף ניט מער ווי פופציק טויזנט דראַכמעס כדי עס צו דערגרייכן. מונדוס האָט מיט שמחה איר געגעבן דאָס נויטיקע געלט.

אידע האָט פאַרשטאַנען, אַז פּאולינען איז אוממעגלעך אַריינצוקריגן מיט געלט. זי האָט אָבער אויך געוואוסט, אַז יענע איז זייער איבערגעגעבן דעם קולט פון דער געטין איזיס. האָט זי אויסגעאַרבעט פאָלגנדיקן פּלאַן. זי איז אַוועק צו אייניקע פּריסטער פון איזיסעס טעמפּל, און זיי דערציילט וועגן די ליידנשאַפטלעכע געפילן פון דעם יונגן מונדוס. זי האָט זיי געבעטן העלפן באַקומען פאַר אים די פרוי

נאָך וועלכער ער לעכצט. דערפאַר האָט זי זיי געגעבן פינף און צוואַנציק טויזנט דראַכמעס אויפן האַנט, און נאָך אַזאַ סומע האָט זי זיי פאַר־שפּראָכן צו געבן נאָך דעם ווי די זאַך וועט געלינגען. די פּריסטער האָבן זיך געלאָזט פאַרבלענדן פון דער גרויסער סומע געלד, און זיי האָבן איינגעוויליקט צו טאָן וואָס זי האָט געבעטן.

דער עלטסטער פון די פּריסטער איז באַלד אַוועק צו פּאולינען און געבעטן אים צולאָזן צו איר. ווען זי האָט אים אויפגענומען, האָט ער איר דערציילט, אַז ער איז אַ שליח פון דעם גאָט אנוביס. אנוביס האָט זיך אין איר פאַרליבט און ער באַגערט זי זאָל קומען פאַרברענגען מיט אים. פּאולינאַ האָט אויפגענומען די ידיעה מיט צופרידנקייט און איז געווען זייער שטאָלץ מיט דעם, וואָס אַ גאָט האָט געוואָרפן אויף איר זיין אויג. זי האָט געמאָלדן איר מאַן, אַז זי איז אַרויסגערופן צו עסן מאָלצייט און ליגן מיט אנוביסן. אַזוי ווי סאַטורנינוס איז געווען זיכער אין דער צניעות פון זיין פרוי, האָט ער אויף דעם איר געגעבן זיין הסכמה.

דאַן איז פּאולינאַ אַוועק אין טעמפּל. נאָכדעם ווי זי האָט דאָרט געגעסן און עס איז געקומען די שעה פון גיין שלאָפן, האָט דער פּריסטער געשלאָסן די טירן פון דעם הייליקן טייל פון טעמפּל. די ליכט זיינען געוואָרן אויסגעלאָשן. מונדוס, וועלכער איז דאָרט געווען באַהאַלטן, איז דאַן אַרויס פון זיין באַהעלטעניש און איז געקומען צו דער פרוי. פּאולינאַ האָט אים אָנגענומען פאַרן גאָט און זי האָט זיך מיט פרייד אים איבערגעגעבן, און מונדוס האָט אַ גאַנצע נאַכט גענאָסן פון איר ליבע.

פּאולינאַ האָט זיך אויף מאָרגן אומגעקערט צו איר מאַן און אים דערציילט ווי אַזוי דער גאָט אנוביס האָט זיך באַוויזן צו איר. אויך אירע פריינט האָט זי געזאָגט, ווי גליקלעך זי איז פון דעם חסד, וואָס איז געטאָן געוואָרן צו איר. אַ טייל פון זיי האָבן ניט געוואָלט גלויבן אין אַזאַ מין זאַך. די אַנדערע זיינען געווען זייער איבערראַשט.

נאָר אויפן דריטן טאָג נאָך דעם ווי דאָס איז געשען, האָט מונדוס באַגעגנט פּאולינאַן און געזאָגט: „זעסט, פּאולינאַ, דו האָסט מיר גע־ראַטעוועט צוויי הונדערט טויזנט דראַכמעס, מיט וועלכע דו האָסט געקענט פאַרמערן דעם פאַרמעגן פון דיין משפּחה. דאָך האָב איך דיך געהאַט אין מיין באַזיץ אויפן אופן ווי אך האָב עס געוואונטשן. עס קימערט מיך ווינציק אַנוביסעס נאָמען, אונטער וועלכן איך האָב דיך געקראָגן, אַבי איך האָב אין פולער מאָס גענאָסן פון מיין הנאה". נאָך די ווערטער איז ער זיך אַוועק מיט זיין וועג.

פּאולינאַ האָט באַגריפן די שאַנדע, וואָס זי איז באַגאַנגען. זי האָט

צעריסן אויף זיך די קליידער און זי איז אַוועק און דערציילט איר מאַן וועגן דער בייזער פּאַסטקע, וואָס מען האָט איר געשטעלט. און זי האָט געבעטן מען זאָל איר העלפן אין איר צרה. סאַטורנינוס האָט געבראַכט די געשיכטע פאַרן אימפּעראַטאָר. טיבעריוס האָט אויסגעפאָרשט דעם ענין און האָט פאַראָרדנט צו קרייציקן די שולדיקע פּריסטער. אויך אידען, וועלכע האָט פאַרקאָכט די גאַנצע זאַך, האָט ער געהייסן צו־נאָגלען צום קרייץ. ער האָט אויך צובראָכן דעם טעמפּל פון דער געטין איזיס און האָט באַפוילן, אַז איר סטאַטוע זאָל ווערן אַריינגעשליידערט אין טייך טיבער. וואָס איז שייך מונדוסן, האָט ער זיך באַגנוגנט מיט פאַרטרייבן אים פון לאַנד, מחמת ער האָט געאורטיילט, אַז יענער איז באַגאַנגען זיין פאַרברעכן אונטערן גוואַלט פון ליידנשאַפט (יאָזעפוס פלאַוויוס : „אַלטערטימלעכקייטן”, בוך 18, קאַפּיטל 3).

# אויף גלייכע ווענט

פון מיינע קינדער־יאָרן אין אַ קליין אוקראַיניש שטעטל געדענקט זיך מיר אַ לידעלע, וואָס מיר קינדער פלעגן זינגען וועגן עפּעס אַ משומדת מיטן נאָמען שרהלע. עד היום ווייס איך ניט צי דאָס איז געווען אַן אַלגעמיין אידיש פאָלקס־ליד וועגן משומדים און משומדתטעס, אָדער ס'איז טאַקע געווען ביי אונדז אין שטעטל אַ פאַל מיט אַ שרהלע וואָס האָט זיך געשמדט, און ס'איז געשאַפן געוואָרן וועגן איר אַ ליד אין דעם שטעטל גופא, און איז נאָר דאָרט אַליין געזונגען געוואָרן.

דאָס ליד, ווי איך זע עס היינט, איז געווען זייער טשיקאַווע מיטן אופן ווי עס איז געבויט געווען. עס האָט געהאַט אַ טייל פּראָזע און אַ טייל פּאָעזיע, אַ מין קאָמבינאַציע פון דערציילונג און ליד. ווען מיר אינגלעך פלעגן עס וועלן זינגען פלעגט איין אינגל קודם זיך אַוועק־שטעלן און געבן די דערציילונג. דאָס איז געווען דער אַריינפיר צום ליד, און ס'איז געגאַנגען אַזוי:

„און אַז שרהלע האָט זיך געשמדט, איז זי אַרויפגעקראָכן אויפן שפּיץ קלויסטער, און זי האָט פונאַנדערגעלאָזט די האָר, און האָט זיי געקעמט מיט אַ גאָלדענעם קעמל, און זי איז דאָרט געזעסן אַז אַלע אידן זאָלן זי זען, און זי האָט זיך געריצט מיט זיי. און איר טאַטע־מאַמע זיינען אַרויסגעלאָפן צו איר און —

און דאָ האָט זיך אָנגעהויבן דאָס ליד, און מיר אַלע אינגלעך פלעגן אונטערכאַפּן דאָס געזאַנג (איך געדענק נאָך היינט דעם ניגון):

„איז דער טאַטע געקומען צוגיין,<br>
און מיט אַ גרויס געוויין:<br>
שרהלע מיין קרוין,<br>
קום צו מיר אַהיים . . .״

און שרהלע ענטפערט:

„ווען צען גלאָקן קלינגען,<br>
ווען צען חזנים זינגען,<br>
וועל איך אויך ניט גיין״.

דערנאָך דאָס אייגענע מיט דער מאַמע.

אָט דאָס איז געווען דאָס ליד. דערנאָך איז געקומען אַן עפּילאָג, ווידער אין פּראָזע:

אַ צווייטער איינגעלע פלעגט פרעגן:

„און פאַרוואָס האָט זי ניט געוואָלט גיין אַהיים?"

און דער ערשטער אינגל פלעגט ענטפערן:

„ווייל מען האָט איר געגעבן אַ גאָלדענעם קעמל".

ביי אונדז אין שטעטל זיינען געווען צוויי קלויסטערס, ביידע זייער הויכע, און איך האָב מיט מיין קינדישן שכל ניט געקענט פאַרשטיין ווי אַזוי שרהלע האָט געקענט אַרויפקריכן אַזוי הויך. האָב איך איינמאָל געפרעגט מיין מאַמען און זי האָט דאָס מיר דערקלערט:

— אַז אַ איד שמדט זיך — האָט זי געזאָגט — ווערט ער דאָך אַן עשו, און ער קריגט עשוס כוח. קען ער שוין אַרויפקלעטערן אַזוי הויך.

און מיין טאַטע האָט מיר געזאָגט דערויף אַ פּסוק: „כל המיצר לישראל נעשה ראש", איז דער טייטש: ווער עס טוט אידן שלעכטס, דער קלעטערט אַרויף הויך. און צוריק די אייגענע זאַך: ער קלעטערט אַרויף הויך, כדי ער זאָל אַראָפּפאַלן שטאַרקער...

**
*

איך בין שוין לאַנג אַוועק פון יענעם שטעטעלע, און דאָס שטעטעלע איז זייער, זייער ווייט פון ניו יאָרק, נאָר דאָס לידל וועגן שרהלען האָט מיר איין אַ „שיינעם טאָג" פלוצלונג אַ קלאַפּ געטאָן אין זכרון, און אין האַרצן, ביי אַ זייער מאָדנער געלעגנהייט: אין סאַמע מיטן פון דעם איסט־סיידער אידישן קוואַרטאַל האָב איך פּלוצלונג דערזען אַ אידן וואָס האָט אַרויפגעקלעטערט הויך אויף אַ גלייכער וואַנט, אַזוי ווי שרהלע אויפן שפּיץ קלויסטער, כדי זיך צו רייצן מיט אידן...

די וואַנט איז גראָד געווען אַ פּשוטע וואַנט, פון אַ פּשוט הויז, ניט פון אַ קלויסטער. נאָר דער איד האָט אויפגעטאָן גאָר אַ מאָדנעם פאָרטל: ער איז אַרויפגעקראָכן אַהין און האָט אַרויפגעשלעפּט דעם קלויסטער מיט זיך:

נאַט אייך, קוקט, אידעלעך! אָט בין איך מיטן קלויסטער, און וואָס הער איך אייך? און וואָס דאַרף איך אייך? און טוט מיר עפּעס!...

דאָס אָרט פון דעם טשיקאַוון ספּעקטאַקל איז געווען העסטער סטריט, נויאָרק, לעבן סואַרד פּאַרק — אונדזער אַלטע, גוט־באַקאַנטע, אָרימע אידישע העסטער סטריט, וואָס אידן און אידענעס רופן זי אסתר סטריט...

אַ גוטער פּלאַץ פון וואַנען צו אָבסערווירן דעם ספּעקטאַקל איז געווען די „פאָרווערטס"־געביידע.

אַז איר האָט זיך געשטעלט אויף די טרעפּ פון דער „פאָרווערטס"־געביידע, אָדער אַז איר האָט אַרויסגעקוקט פון אַ פענצטער פון דער „פאָרווערטס"־געביידע, מיטן פּנים צו סואַרד פּאַרק, איז אייער בליק געפאַלן אויף אַ הויכער, גלאַטער, טויבער וואַנט אויף דער אַנדערער זייט פּאַרק, אַ וואַנט אָן אַ פענצטער און אָן אַ טיר.

יאָרן־לאַנג איז די וואַנט געשטאַנען נאַקעט, ליידיק, אָפּגעקראַכן און מיאוס. קיינער האָט זיך אויף איר ניט אומגעקוקט. זי איז געווען אַ ווייטאָק פאַר די אויגן.

נאָר איינמאָל איז אַרום יענער טויטער וואַנט פּלוצלונג געוואָרן לעבעדיק. עס האָבן זיך באַוויזן אַרבעטער, וואָס האָבן פון דאַך אַרונטערגעלאָזן שטריק איבער דער וואַנט, אויף די שטריק האָבן זיי אויפגעהאַנגען אַזעלכע לייוונטענע באַלקאָנען אויף וועלכע זיי האָבן זיך געשטעלט מאָליעווען. וואָס זיי האָבן געמאָליעוועט האָט מען פון דער גאַס ניט געקענט זען, ווייל זיי האָבן געאַרבעט הינטער גרויסע, הענגענדיקע, לייוונטענע לייל עכער.

אַ היפּשע צייט האָט געדויערט דאָס פאַרבאָרגענע מאָלען. נאָר איינמאָל, ווי געזאָגט, אין אַ „שיינעם טאָג", שטייענדיק אויף די טרעפּ פון „פאָרווערטס", דערזע איך פּלוצלונג ווי די וואַנט פינקלט און בלישטשעט מיט אַלע קאָלירן פון רעגנבויגן. אויסגעשייערט, אויסגעצוואָגן און אויסגעפּוצט מיט שרייאיקע פאַרבן, אַזוי ווי צו עפּעס אַ פריילעכן, פאַרשייטן קאַרניוואַל. איך קוק זיך צו שאַרפער:

גאַנץ אויבן אויף דער וואַנט, אין לינקן ווינקל, זיצט, און קוקט, און שיינט, און בלישטשעט, און שרייט, אַ גרויסער פּאָרטרעט פון ניט קיין אַנדערן ווי שלום אַש!

אַנטקעגן אים, אין דעם רעכטן ווינקל, שטייען אויסגעמאָלט אין גרויסן, דיקן פאָרמאַט צוויי ביכער, טאַקע שלום אַשס ביכער.

וואָס פאַר אַ ביכער זיינען עס געווען? אפשר זיין „שטעטל"? אָדער „קידוש השם"?

ניין: זיינע צוויי קריסטלעכע ביכער — „דער נאַזאַרין" און „דער אַפּאָסטאָל".

עס האָט מיך שטאַרק פאַראינטריגירט און שנעל האָב איך אַריבערגעשפּאַנט דאָס פּאַרקל און אין אַ מינוט בין איך שוין געשטאַנען ביי דער וואַנט און איך זע: די גאַנצע לענג פון דער זעקס־שטאָקיקער וואַנט, כמעט ביז אַרונטער צו דער ערד, אונטערן פּאָרטרעט מיט די צוויי ביכער, איז פאַרשריבן מיט גרויסע אותיות, אין ענגליש און אין

אידיש, אַז שלום אַש, דער פּאַרפאַסער פון „נאַזאַרין" און „אַפּאָסטאַל", שרייבט אין דער „מאָרגן־פרייהייט", אין דער קאָמוניסטישער צייטונג, הייסט עס.

און אָט ווען איך האָב דערזען די דאָזיקע וואַנט אין איר גאַנצער „פּראַכט", מיט שלום אַשן און זיינע קריסטלעכע ווערק אויפן סאַמע שפּיץ, האָב איך זיך דערמאָנט אין יענעם לידעלע וועגן שרהלען.

אַ היפּשע ווײַלע בין איך געשטאַנען ביי דער וואַנט. כ'האָב גע־קוקט אין אַלע זייטן, געוואָלט זען צי שטייען ניט דאָרט שלום אַשס טאַטע־מאַמע, אָדער אַנדערע אידישע טאַטע־מאַמעס, און וויינען:

„שלומקע מיין קרוין,
קום צו מיר אַהיים"...

נאָר איך האָב קיינעם ניט געזען. ס'איז געווען שטיל און ליידיק אַרום דער וואַנט. נאָר קוקנדיק אויף אַשס פּנים האָב איך געקענט שווערן, אַז איך האָב געהערט פון זיינע ליפּן שרהלעס געזאַנג:

„ווען צען גלאָקן קלינגען,
ווען צען חזנים זינגען,
וועל איך אויך ניט גיין"...

ס'איז פאַר מיר געווען אַ פולקאָמענע אילוזיע פון שרהלען. עס האָט אַפילו ניט געפעלט דער גאָלדענער קאַם. וואָרים אַביסל ווייטער צו לינקס, אויף דער וואַנט פון אַ שכנישן הויז, פּאַראַלעל צו שלום אַשס וואַנט, איז געווען אויסגעמאָלט, אַזוי ווי מעשה־שטן, אַ גרויסער לאַנגער אַנאָנס פון אַ באַנק...

**

אַז איך האָב געקוקט אויף שלום אַשס וואַנט אַ לענגערע ווײַלע, האָט אויפגעטויכט אין מיר אַ געפיל, אַז אין דעם געמעל פון אַשן מיט זיינע צווי ביכער איז געווען עפּעס, וואָס איז מיר פון לאַנג, לאַנג באַקאַנט געווען.

לכתחילה האָב איך זיך ניט געקענט כאַפּן וואָס דאָס איז אַזוינס וואָס האָט אויסגעזען אַזוי קענטלעך. ס'איז געווען אַזוי ווי אַ פּנים, וואָס איר האָט אַמאָל געזען, און איר קענט זיך ניט דערמאָנען ווער, וואָס, ווען און וואו.

נאָר דאָס געפיל האָט מיך ניט אָפּגענאַרט. פּלוצלונג איז מיר גע־

וואָרן קלאָר, אַז שלום אַשס וואַנט איז אַ נאָכאַמונג נאָך עפּעס וואָס איז צווישן אידן זייער גוט באַקאַנט!

באַקאַנט, ליב, טייער און הייליק, אַזוי ווי שלום אַשס וואַנט איז פרעמד און טריף...

נעמט אַרויס אַ חומש און איר וועט עס באַלד כאַפּן. איינעם פון יענע חומשים, וואָס האָבן אַ שער־בלאַט מיט געמעלן פון משה רבינו און אהרן הכהן. אַמאָל געפינט זיך אויף אַזאַ שער־בלאַט דאָס בילד נאָר פון משה רבינו אַליין.

דאָס פּנים פון משה רבינו, און ווי ער טראָגט אויף זיין אָרעם די צוויי לוחות.

משה רבינו און די צוויי הייליקע לוחות — די דאָזיקע פאָרם איז אונדז אידן באַקאַנט פון די חומשים, און אין דער גאַנצער וועלט איז זי באַקאַנט פון אומצייליקע בילדער וואָס מאַלער פון אַלע צייטן האָבן געמאָלן.

און אַקוראַט דעמדאָזיקן סטיל פון משה רבינו מיט די צוויי לוחות האָט, להבדיל, שלום אַש קאָפּירט פאַר זיך מיט זיינע צוויי קריסטלעכע ביכער.

משה רבינו מיט זיינע לוחות, און — ניט מיטן זעלבן מויל אויס־צורײדן — שלום אַש מיט זיינע לוחות...

און ווען איר האָט געכאַפּט אָט דעם „שניט" פון דעם געמעל, דעמאָלט איז ערשט אַרויסגעקומען דער פולער און אמתער זין פון דער גאַנצער וואַנט:

שלם אַש האָט זיך אַראָפּגעלאָזט פון דער הויך, אַ נייער משה רבינו מיט נייע לוחות פאַר אידן!...

אַ נייער באַרג סיני אין העסטער פּאַרק! און ווי פון סאַמע הימל האָט ער געגנידערט: וואָרים הימל איז געווען דער הינטערגרונט איבער זיין קאָפּ...

און כדי אין אַ וואָלקנדיקן טאָג זאָל עס אויסזען אַזוי ווי ער קומט אַרויס מיט זיינע לוחות פון צווישן די וואָלקנס...

און פון צווישן דונערן און בליצן, ווען עס וועט דונערן און בליצן אין העסטער פּאַרק...

אין גראַנדיעזן, פּירכטערלעכן, משה רבינושן סטיל...

און ווען די זון וועט אונטערגיין אין מערב, און די לעצטע שטראַלן וועלן פאַלן אויפן שפּיץ פון דער וואַנט, זאָלן זיי פאַלן אויף אַשס שטערן, און אים געבן משה רבינוס קרנים...

אָדער ווען מען וועט איינריכטן איבער דעם בילד עלעקטרישע באַ־

לײכטונג אױף בײנאַכט, און אין די נעכט, װען מענטשן װעלן גײן איבער די גאַסן, אָדער װען פרומע אידן װעלן אַרױסגײן אױף די דעכער מחדש צו זײן די לבנה, זאָלן זײ זען װי אַשס קאָפּ איז אײנגעװיקלט אין הײליקן שײן, ממש װי דער „הײליקער גײסט" לויכט אױף אים...

ס'איז אַלץ אַזױ שעלמיש באַרעכנט געװאָרן...

***

אַ װאַנט האָט צװײ זײטן. איר האָט געקוקט אױף דער װאַנט פון דרױסן, אױף שלום אַשס זײט, און איר האָט זיך געפּרעגט: װאָס טוט זיך אינעװײניק, אױף דער אַנדערער זײט?

אײער דמיון מאָלט אײך דאָס אינעװײניקסטע בילד:

די געגנט איז אַ טיף־אידישע, אַן אַלט, פרום־אידישע. און אין דעם הױז װאױנען אידן. מעגלעך, אַז אױף דער אַנדערער זײט הענגט אױף דער אײגענער װאַנט דאָס בילד פון דעם װילנער גאון; אױף די טירן זײנען אָנגעשלאָגן מזוזות; בײ אַ טיש זיצט אַן אַלטער איד איבער אַ גמרא, אָדער ער זאָגט תהילים, און אפשר, אין דער שטילקײט פון דער נאַכט, שטײט מען דאָ אױף און מען זאָגט חצות.

אױף יענער זײט װאַנט האָט אפשר אַ איד אױפגעשטעלט פאַר זיך אַ קלײנעם בית־המקדש. און אױף דער זײט װאַנט האָט שלום אַש אַרױסגעשטעלט דעם נוצרי מיט זײן גרעסטן „נביא", סעינט פּאָול...

בלױז די ברײט פון אַ ציגל טײלט אָפּ דעם דרױסן פון דעם אינעװײניק, אָבער אינצװישן ליגט אַ תהום פון צװײ טויזנט יאָר בלוטיקער געשיכטע...

און אײער אױג גײט אַװעק װאַנדערן איבער דער אַרומיקער געגנט און איר זעט:

אַ טיר בײ אַ טיר מיטן „פאָרװערטס" געפינט זיך אַן אָרטאָדאָקסישער רעסטאָראַן. יעדע שעה פון טאָג קומען אַהער עסן פרומע לײט פון דער גאַנצער אידישער געגנט: רבנים, ראשי־ישיבות און זײערע תלמידים, און גלאַט לומדים מיט לאַנגע בערד, מיט פּאַטריאַרכאַלע אידישע פנימער. זײ קומען אַהער ניט נאָר עסן, נאָר אױך שמועסן תורה און רעדן פון זאַכן פון כלל־ישראל.

ס'איז אַ פרום־אידישער צענטער.

און גראָד אַנטקעגן פענסטער פון דעמדאָזיקן רעסטאָראַן שטײט שלום אַשס װאַנט, און זײן בילד קוקט אַרײן גלײך אינעװײניק, ער מיט זײנע נײַע לוחות. און װען די רבנישע אידן דאָרטן אינעװײניק װאַשן זיך צום עסן, און זײ בענטשן נאָכן עסן, האַלט שלום אַש זײ

פאַר די אויגן דעם „נאַזאַרין" און דעם „אַפּאָסטאָל", און ווייזט זײ צו וועלכן גאָט זיי דאַרפן באמת בענטשן . . .

גראָד אין יענע צייטן האָט די „פרייהייט" אָנגעהויבן שמייכלען צו רבנים. געוועזן די „ליניע" פון דעם מאָמענט. זי האָט געזוכט רבנים ווי מיט ליכט. און האָט זי געקראָגן אַ רב, אָדער אַ גוט וואָרט פון אַ רב, איז עס ביי איר געווען גאָר אַ גרויסער יום־טוב. נאָר מאָדנע איז געווען די קאָמבינאַציע: רבנים און שלום אַשס קריסטלעכע ווערק, וואָס זיינען געוואָרן איר הויפּט שיינדל. געוואָלט צוזאַמענפירן רבנים מיט יעזוסן. וואָס האָט זי געוואָלט פון די רבנים? מאַכן פון זיי, חלילה, גלחים? דרוקנדיק שלום אַשס „נאַזאַרין" איז די „פריי־הייט" געוואָרן די גרעסטע מיסיאָנערסקע אַגענטור, וואָס האָט ווען גע־אַרבעט צווישן אידן. ווי קליין און בישטיק די צייטונג איז ניט, דאָך, קיינמאָל, דורך אַלע באַמיאונגען פון אידישע מיסיאָנערן, איז יעזוסעס תורה ניט אַריינגעדרונגען אין אַזוי פיל אידישע הייזער, ווי דעמאָלט דורך דער „פרייהייט". האָט זי געוואָלט אַ „הכשר" פון די רבנים אויף דער דאָזיקער אַרבעט אירער?

אייער בליק וואַנדערט ווייטער און נעמט אַרום דעם גאַנצן אַרומיקן קוואַרטאַל, און איר זעט: עטלעכע הייזער ווייטער פון דעם רעסטאָראַן, צו דער רעכטער זייט און צו דער לינקער זייט, שטייען ישיבות און תלמוד תורהס, צווישן זיי די ישיבה תפארת ירושלים. און אינגעלעך אין די הונדערטער, מיט פאה'קעלעך און יאַרמולקעלעך, לויפן דאָ אויף און אָפּ אַ גאַנצן טאָג איבער דער גאַס. אידישע קינדערלעך מיען זיך דאָ אין דער תורה, זיי בויען דאָ די אידישקייט וואָס איז חרוב געוואָרן אין איראָפּע.

אָבער פון ווייטנס, איבער זייערע קעפּ, זיצט און ווינקט צו זיי דאָס געשטאַלט פון שלום אַשן, טראָגנדיק צו זייערע אויגן זיינען צוויי לוחות, דעם „נאַזאַרין" און דעם „אַפּאָסטאָל".

פון איין זייט פון דעם העסטער פּאַרק ציט זיך אַוועק קאַנאַל סטריט, וואָס איז פול מיט אידישע בוכהאַנדלונגען. אַהער גייען אידן קויפן ספרים. דאָ איז דער מאַרק פון דער תורה. די גאַנצע אידישע תורה און חכמה פון אַלע צייטן איז דאָ צונויפגעזאַמלט. אַלע אונדזערע חכמים און תנאים, גאונים און רבנים, פון תורת משה ביז דעם אינגסטן ספר פון תורה, חכמה און מוסר.

אָבער איצט, הויך איבער דעם אַלעמען, שוועבט דאָס געשטאַלט פון שלום אַשן, טראָגנדיק זיינע צוויי לוחות — דעם „נאַזאַרין" און דעם „אַפּאָסטאָל".

און פון אַן אַנדער זייט, גראָד אויס דעם ווינקל פון אַשס וואָנט,

ציט זיך אַוועק נאָרפאָלק סטריט. דאָ שטייט קודם־כל דער אַלטער באַרימטער בית־המדרש הגדול. דאָ איז דער מאַרק פון די אידישע רייניקייטן און הייליקייטן. קראָם אויף קראָם געפינט זיך דאָ, וואו אידן קויפן ספר תורהס, און מענטעלעך, און אָרון־קודשן, און פּרוכתן, און טלית און תפילין, און קידוש־בעכערס, און אַלע אַנדערע הייליקע הצטרכותן. אָבער הויך איבער דעם אַלעמען שוועבט דאָס געשטאַלט פון שלום אַש טראַגנדיק זיינע צוויי לוחות — דעם „נאַזאַרין" און דעם „אַפּאָסטאָל".

ווייט אַרום אין אַלע גאַסן שוויבלט עס און גריבלט דאָ מיט שולן און בתי־מדרשים און חסידים־שטיבלעך פון די חסידישע רביים, וואָס האָבן זיך אַרויסגעראַטעוועט פון דעם היטלער־גיהנום.

מען זעט זיי אַזוי אָפט גיין, די רביים, איבער איסט בראָדוויי און די דערבייאיקע גאַסן, מיט זייער פרומען טריט און רביאישער טראַכט.

און גראָד דאָ האָט זיך עס שלום אַש אויפגעהויבן, און הויך איבער זיי אַלעמען. עס שוועבט איצט זיין געשטאַלט, טראָגנדיק זיינע צוויי לוחות — דעם „נאַזאַרין" און דעם „אַפּאָסטאָל".

פונקט צו די ימים נוראים האָט שלום אַש זיך דאָ באַוויזן, שוועבנ־דיק מיט זיינע לוחות פון דעם הימל אַראָפּ. צו די פּאַרכטיקע טעג קומען אידן פון אַלע ווינקעלעך פון ניו־יאָרק און פון אַנדערע שטעט, און ציען זיך אַהער איינצוהאַנדלען הייליקע זאַכן פאַרן יום־הדין. און פון זיין הויך קוקט שלום אַש אַראָפּ אויף זיי און שטומערהייט זאָגט ער צו זיי:

„געווגוג אייך, אידן, מיט דער אַלטער תורה! גייט ניט מער קויפן אייערע אַלטע הייליקע זאַכן. קויפט מיין „נאַזאַרין" און „אַפּאָסטאָל"! אַ נייע תורה ברענג איך אייך...

„דער הייליקער אַפּאָסטאָל האָט אַלץ בטל געמאַכט — זאָגט צו זיי דאָס בילד פון דער וואַנט — בטל איז אייער תורה, בטל איז אייער תלמוד, בטל אייער שולחן־ערוך, אייערע כלים זיינען שוין מער ניט שיין אין די אויגן פון גאָט, אייערע תפילות, ניט צו ישוו, זיינען מער ניט אָנגעלייגט ביי דעם פאָטער אין הימל".

ראש־השנה און יום־כיפור גייען אידן אין דעם גאַנצן גרויסן קוואַרטאַל אין די שולן און שולכלעך אויסבעטן אַ גוט יאָר; פון טיר און פענסטער טראָגן זיך די תפילות און די געוויינען און דער קול פון שופר.

סוכות־צייט טוט די גאַנצע געגנט זיך צושמעקן מיט אתרוגים און ערבות און הושענות; שמחת תורה גייט מען מיט די ספר־תורהס איבער דידאָזיקע גאַסן —

און הויך איבער דעם אַלעמען שוועבט דאָס געשטאַלט פון שלום

אַשן, טראַגנדיק זיינע צוויי לוחות — דעם „נאַזאַרין" און דעם „אַפּאָס־טאָל".

אידן צו־להכעיס, און זיך אַליין צו שאַנד...

***

אין דעם איסט־סאַידער קוואַרטאַל האָט זיך שלום אַש באַוויזן צו די פרומע אידן. אָבער ניט זיי אַליין האָט ער געזוכט. ער וויל כל ישראל. און ער איז אַוועק אויסצושפרייטן זיינע פליגל אויך איבער די פאַר־שייטע אידן. און וואו זיינען אידן נאָך אַזוי פאַרשייט ווי אין קאָני איילענד? אויך דאָ איז ער אַרויפגעקראָכן אויף אַ וואַנט, צו ריידן צו זיי, צו רופן זיי, צו וועקן זיי צו תשובה.

אין קאָני איילענד איז דאָ אַ גאַס וואָס הייסט סוירף עוועניו.

אויף סוירף עוועניו, ביי דער 22־טער סטריט, איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ מיסיאָנס־הויז. און לעבן יענעם הויז איז גראָד געשטאַנען אַ גרויסע גלאַטע וואַנט. און די מיסיאָנערן האָבן גענומען די וואַנט און האָבן אויפגעשריבן אויף איר קול־קוראס צו אידן, אַז די אידן וואָס קומען זיך טובלען אין ים, זאָלן גיין און זיך אָפּטובלען אויך אין שמד־וואַסער.

נאָר קיין גרויסע הצלחה האָבן די מיסיאָנערן דאָ ניט געהאַט.

האָט זיי דער „הייליקער גייסט" צוגעשיקט אַ העלפער.

אינגאַנצן מיט אין בלאַק ווייטער, אויף סוירף עוועניו און 23־טע סטריט, איז געשטאַנען נאָך אַזאַ וואַנט, אַ גלאַטע, אַ גרויסע, אַ טויבע. איז געקומען שלום אַש און איז אַרויפגעקראָכן אויף יענער וואַנט. ער מיט זיינע צוויי לוחות, פונקט אין אַזאַ געמעל ווי אין העסטער סטריט.

האָבן זיך אין קאָני איילענד צוזאַמענגערעדט צוויי ווענט, צו שרייען און רופן צו אידן זיי זאָלן אַראָפּגיין פון קרומען וועג און אַרויפגיין אויפן גלייכן וועג: די קאַטוילישע מיסיאָנס־וואַנט און שלום אַשס וואַנט...

כותל שלום אַש...

איצט שטעלט אייך פאָר אין אייער דמיון די גאַנצע פּאַנאָראַמע:

עס זיצט שלום אַש אויף דער וואַנט און קוקט מיט זיינע גרויסע אויגן צום ברייטן, ווייטן ים אַרויס. און דאָ, אין אַ הייסן טאָג, ווען טויזנטער אידן קומען זיך באָדן, קען ער זיך ווידער פילן אין דעם „סטיל" פון משה רבינו: שלום אַש מיט די אידן אויפן ברעג ים, גרייט צו שפּאַלטן דעם ים פון זייערט־וועגן, אַרויסצופירן זיי פון שקלאַפעריי צו פרייהייט, צו פרייהייט אין דעם לאַנד וואו ער האָט געפונען מילך און האָניק, אין דעם לאַנד פון קלויסטער און צלם...

שיפן וואָס קומען־אָן פון אייראָפּע שווימען פאַרביי פּאַזע קאָני אײַלענד.

ווען־ניט־ווען ברענגט אַזאַ שיף אַ הויפן אידן, וואָס זיינען ניצול געוואָרן פון היטלערס געטאָ. דערמאָנט אייך אַשס דערציילונג: „יעזוס אין געטאָ", וואָס האָט „געראַטעוועט" די אידן.

און אַש האָט זיך געפּעדערט און איז אַוועק קיין קאָני־אײַלענד, כדי דאָרט, פון דער הויך, זיין דער ערשטער מקבל פּנים צו זיין די פּליטים פון די געטאָס, טראָגנדיק זיי אַנטקעגן דעם „נאַזאַרין" און דעם „אַפּאָס־טאָל", און זאָגנדיק צו זיי: „אלה אלהיך ישראל", — אָט דאָס איז דער גאָט וואָס האָט אייך אַרויסגעבראַכט פון דער היטלער־מצרים און גע־שפּאָלטן פאַר אייך דעם ים; צו אים זאָלט איר דינען און זיינע געזעצן זאָלט איר געהאָרכן . . .

און נאָך אַ דריטע וואַנט אַזאַ איז געשטאַנען אין צענטער פון נויאָרק.

די ווענט האָבן זיך באַוויזן אין יאָר 1943 און זיי זיינען געשטאַנען און באַליידיקט אידן ביז 1948.

אָה, שלום אַש, שלום אַש! דו האָסט זיך אויפגעשטעלט אַ וואַנט, אָבער דיין הויז איז צעפאַלן . . . און אַ צווייטע וואַנט האָסטו זיך אויפ־געשטעלט, און אַ דריטע, אָבער ווייסן זאָלסטו וויסן, אַז וויפיל ווענט דו וועסט זיך ניט אויפשטעלן, וועסטו אַלץ בלייבן אינדרויסן . . .

**
*

און דאָס איז דער צופאַל וואָס איך בין געקומען ווידער צו טראַכטן וועגן דעם לידל פון מיין קינדהייט, וועגן שרהלען אויפן שפּיץ קלויס־טער.

נאָר מחשבותן, איין זאַך דערמאָנט אַן אַנדערע: שלום אַשן איז אויך אַמאָל געווידמעט געוועזן אַזאַ מין לידל. אַרום די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז אין די אינטעליגענטע קרייזן אויף דער אידישער גאַס אומגעגאַנגען, מיט אַ ניגון, דער פאָלגנדער פערז:

שלום אַש איז אַ הויכער בחור,
האָט זעהר שיינע אויגן,
שרייבט אין אידיש פיינע ווערק,
פאַר גוים זאָל עס טויגן.

דערדאָזיקער פערז איז געווען איינער פון אַ גאַנצער קייט וואָרט־פּאָרטרעטן פון אידישע שרייבער און שוישפּילער, פאַרפאַסט פון דער שוישפּילערין סאָניאַ גורסקאַ.

יע, גאַנץ פרי האָט מען שוין ביי אידן געזען צו וועלכע ווינטן ער האָט פאַרצויגן זיינע זעגלען.

# מיטן רוקן צו ישראל

נאָכדעם ווי שלום אַש האָט זיך דערווייטערט פון אידנטום, און פון אידן, איז עס געווען נאַטירלעך ער זאָל זיך אויך אָפּרוקן פון מדינת ישראל, וואָס שטייט אין צענטער און סאַמע האַרץ פון ביידע.

עס איז גראָד ניט קיין מוז פאַר אַ קריסטלעכן מענטשן צו זיין קעגן מדינת ישראל. די פּראַקטיק האָט געגעבן אַ סך קריסטן, וואָס זיינען געווען, און זיינען, אויפריכטיקע פריינט און העלפער פון מדינת ישראל, פאַר איר גרינדונג און נאָכדעם. זיי האָבן אין זייער האַרצן גובר געווען די דאָגמאַטישע איינווענדונגען פון קריסטנטום קעגן דער אויפלעבונג פון אידישן פאָלק אין זיין הייליקן לאַנד. נאָר אַ „קריסטלעכער איד" איז עפּעס אַנדערש. מיר האָבן דאָך אַ חזקה: אַ משומד איז ערגער ווי אַ גוי...

און אפשר האָט עס צו טאָן דערמיט, וואָס שלום אַש, אין זיין קריסטלעכן גאַנג, האָלט זיך נענטער פון אַלץ צו די טריט פון דעם קאַטויליציזם, און קאַטאָליקן זיינען פאַרשטייפטער קעגן דער אויפריכטונג פון אַ אידישער מדינה ווי אַנדערע קריסטן. מוזן עס זיין, דאָגמאַטיש.

עס איז געווען טראַגיש צוצוקוקן ווי אַזוי שלום אַש, וועלכער האָט זיך אַלע יאָר געהאַלטן פאַר אַ גאָר נאָענטן מחותן מיטן ציוניזם, איז געווען אינגאַנצן אַ זייטיקער אין יענעם שטירמישן האַלבן יאָרצענדליק, פון 1945 אָן, וואָס האָט געבראַכט די געבורט פון דער אידישער מדינה. אין יענע העלדישע טעג, ווען די שארית הפליטה האָט געשטורעמט די ברעגען פון דעם פאַרשלאָסענעם אידישן לאַנד, די טעג פון דער „עקזאָדוס 1947"; אין יענע דערהויבענע טעג, ווען ביי די טישן פון די „פאַראייניקטע פעלקער" האָט זיך יעקב געראַנגלט מיט עשון איבערן הייליקן לאַנד פון ישראל; אין יענע טעג פון ניסים ונפלאות, ווען מדינת ישראל איז אויסגעקעמפט געוואָרן מיט דער שווערד אין האַנט קעגן די מחנות פון ישמעאל — אין די דאָזיקע אַלע טעג און יאָרן פון אומפאַרגלייכלעכע וואונדער און העלדישקייטן, וואָס האָבן אָנגעצונדן

די פאַנטאַזיע פון אַלע אידישע שרייבער און אויך ניט־אידישע, איז שלום אַש געווען אָפּגערוקט אין אַ זייט, געזעסן אין שאָטן. ניט מען האָט אים גערופן, ניט ער איז געקומען. ער האָט געוואוסט, אַז ער קער זיך מער ניט אָן...

און סיי צוליב אַלטע סענטימענטן, סיי פון פשוטער אַנשטענדיקייט האָט אַש געדאַרפט אַננעמען און בלייבן ביי דער פּאָזיציע, וואָס ער האָט אַליין פאַר זיך באַשאַפן, די פּאָזיציע פון אַ זייטיקן און פרעמדן.

אָבער ניין, ער האָט אויסגעקליבן פאַר זיך די פּאָזיציע פון אַ קעגנער. אַפילו אַ שונא. אַן אָפענעם קעגנער און שונא.

די דאָזיקע פּאָזיציע זיינע האָט ער אויסגעדריקט אין אַ בריוו צו זיינעם אַ פריינט, און דער פריינט האָט עס פאַרעפנטלעכט. ס'איז דערשינען אין דעם „אַמעריקען היברו" פון 20־טן יאַנואַר, 1950. אין אַן אַרטיקל פון יאָזעף לעפטוויטש.

יאָזעף לעפטוויטש, אַ בריטיש־אידישער שרייבער, איז סוף יאָר 1949 געווען אויף אַ באַזוך אין אַמעריקע, און ער האָט זיך געטראָפן מיט שלום אַשן און האָט מיט אים געשמועסט, און אַש האָט פאַר אים אויסגעלייגט זיינע געדאַנקען און זיינע געפילן. שפּעטער האָט אים אַש געשריבן אַ בריוו, און פון יענעם בריוו האָט עס לעפטוויטש אַרויס־גענומען און פאַרעפנטלעכט אַשס שטעלונג צו מדינת ישראל.

געוויס ניט קעגן אַשס ווילן, אָדער אָן זיין הסכמה...

„אַש — שרייבט לעפטוויטש ווי אַן אַריינפיר צו דעם ענין — וואָס איז אין צייט געווען („וואָז עט וואָן טאַים") אַ ליבהאָבער פון ארץ ישראל, איז אין די לעצטע יאָרן אַלץ מער און מער צוגעצויגן געוואָרן צום אייראָפּעאישן און אַמעריקאַנישן אַרט לעבן".

דער „אין צייט", דער „אַמאָל געווען" איז דאָ פיל־באַדייטנדיק. אַמאָל, הייסט עס, האָט ער ליב געהאַט ארץ ישראל, און היינט?

יאָזעף לעפטוויטש דערמאָנט אויך, אַז אויפן ציוניסטישן קאָנ־גרעס פון 1929, ווען די אידישע אַגענטור איז געגרינדעט געוואָרן, איז שלום אַש אויסגעקליבן געוואָרן פאַר אַ מיטגליד אין דער אַגענטור. ער איז אויסגעקליבן געוואָרן אַלס פאַרטרעטער פון פוילישן אידנטום, און שמריהו לעווין האָט עס דעמאָלט אין אַ רעדע באַצייכנט אַלס „סימ־באָליש". און אַש אַליין האָט דעמאָלט געהאַלטן אַ רעדע און געזאָגט אין נאָמען פון פוילישן אידנטום:

„מיר זיינען דאָ, מיר פוילישע אידן זיינען דאָ. און ארץ ישראל איז די האָפענונג און די פרייד וואָס פאַראייניקט אונדז".

אָבער אַז די פוילישע אידן זיינען אויסגעהרגעט געוואָרן, וואָס איז נאָכדעם?

וועגן דעם דערציילט אונדז יאָזעף לעפּטוּוויטש, ציטירנדיק פון אַשס בריוו צו אים:

„מיין אידיש פאָלק, ליבער פריינט — שרייבט שלום אַש אין זיין בריוו צו זיין בריטישן קאָלעגע — איז אומגעקומען. ישראל וועט ניט געבוים פון מיינע אידן, נאָר פון אָריענטאַלן. אין מיינע אויגן ווערט עס אַ לאַנד פון אָריענטאַלן. איך בין אַן אייראָפּייער, און אַלץ וואָס איז נאָ־ענט און טייער און הייליק דעם אייראָפּעאישן מענטשן, איז נאָענט און טייער און הייליק מיר".

און דאָ האָט איר, קורץ, שאַרף און בינדיק, שלום אַשס שטעלונג צום נס, וואָס הייסט מדינת ישראל. ער וואַרפט זיך אָפּ פון ישראל און דעם פאָלק וואָס אין איר. זיי זיינען ניט פאַר אים. זיי זיינען אָריענטאַלן. אַפילו ניט אָריענטאַלישע אידן, נאָר סתם אָריענטאַלן. ער געהערט צו דער „העכערער ראַסע אייראָפּייער".

די ביטערקייט און שנאה, וואָס ליגען אין דער דאָזיקער שטעלונג, איז קאָנצענטרירט אין דעם וואָרט: אָריענטאַלן. דאָס איז דאָס אייגענע וואָס אַזיאַטן. און אַזיאַטן איז דאָס אייגענע וואָס ווילדע אַזיאַטן.

אין יענע צייטן, ווען אייראָפּע איז נאָך גרויס געווען, און איז גע־ווען גרויס אויפן חשבון פון די אַזיאַטישע פעלקער, וועלכע זי האָט אונטערדרדיקט און עקספּלואַטירט און באַרויבט און באַגנבעט, האָט אייראָפּע געשטילט איר אייגענעם געוויסן דורך דעם וואָס זי האָט זיך געוואָלט איינריידן, אַז די אַזיאַטן אָדער אָריענטאַלן זיינען דער אָפּפאַל פון דער מענטשהייט. ווילדע ברואים, און ניט מער, כאָטש הערלעכע ציווילי־זאַציעס האָבן געבליט אין אַזיע פרער ווי אין אייראָפּע.

און די דאָזיקע פאַראַכטונג ליגט אין דעם וואָרט „אָריענטאַלן", וואָס שלום אַש האָט באַנוצט, אויף וועמען?

אויף די ספרדישע אידן, די אַראַבישע אידן, די אידן פון תימן, און איראַק, און מאַראָקאָ, און פון אַנדערע אַפריקאַנישע און אַזיאַטישע לענדער, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן ציען קיין ישראל אין דעם גרויסן „קיבוץ גליות", אויף וועלכן אידן האָבן געוואַרט צוויי טויזנט יאָר!

דאָס זיינען ניט זיינע אידן, זאָגט שלום אַש, און ער וויל ניט קיין לאַנד, וואָס די דאָזיקע אידן בויען. אַזאַ לאַנד שמעקט ניט זיין אייראָ־פּעאישער נאָז...

אינגאַנצן פאַרגעסנדיק ווי ער האָט, אין „מאַן פון נצרת", פּרום און ביטער געמוסרט די אידישע חכמים, אַז זיי האָבן, מכלומרשט, צעטיילט אידן אויף „ריינע" און „אומריינע".

זיינע אידן זיינען אויסגעהרגעט געוואָרן, זאָגט אַש ליידער זייער ריכטיק. אָבער ווער האָט זיי אויסגעהרגעט?

איירָאָפּע. קומט דאָך אויס, אַז ער וואָלט געדאַרפט דערפאַר פיינט קריגן איירָאָפּע. אָבער דווקא איצט האָט זיך צעגליט זיין ליבע צו איר...

ווי, וויפיל געפאַלנקייט עס ליגט אין דער דאָזיקער זאַך!

אָריענטאַלן — אַלע אידן זיינען דאָך אָריענטאַלן. מיר קומען דאָך אַלע פון מזרח.

און אַלע אַנטיסעמיטישע באַוועגונגען פון דער „שיינער איירָאָפּע" האָבן דאָך געזעגלט אונטערן לאָזונג, אַז אידן זיינען אָריענטאַלן, מיט אַן אָריענטאַלישער מענטאַליטעט, מיט אָריענטאַלישן כאַראַקטער, און דעריבער איז זייער פּלאַץ ניט אין איירָאָפּע, און דעריבער האָט מען זיי אויסגעהרגעט און שלום אַש איז נעבעך געבליבן אָן אַ פאָלק...

און שלום אַש איז דאָך אויך אַן אָריענטאַל, און זיין נייער גאָט, ישו הנוצרי, איז דאָך אויך אַן אָריענטאַל... און סעינט פּאָול, און די מאַמע „מערי", אַלע, אַלע.

נאָר די דאָזיקע טענה העלפט ניט ביי די גויים, און זי העלפט ניט, זעען מיר, ביי שלום אַשן אויך...

און דאָס איז אפשר דאָס ערשטע מאָל וואָס מיר הערן פון אַ אידן מאַכן אַזאַ חילוק און אַזאַ גוואַלדריס צווישן אידן און אידן. ער וואָלט איבערגעלאָזט די „אָריענטאַלישע" אידן אין אַראַבישן מדבר...

נייִן, צו ווייט איז שלום אַש אַוועק, און פרעמד איז אים שוין געוואָרן די גאַנצע אידישע פּסיכאָלאָגיע.

אַלע אידן זיינען ברידער. די אידן איבער דער גאַנצער וועלט זיי־נען איין פאָלק. און אין ארץ ישראל איז יעדער איד טייער.

און מיט אַ באַזונדערער ליבשאַפט איז דאָרט אָנגעלייגט דער „אָריענטאַלישער" איד. און דער אָריענטאַלישסטער פון זיי אַלע, דער תימנער איד, מיט זיין אידישער תמימות, וואָס איז ניט פאַרפּעלשט געוואָרן זינט ער איז אַוועק אין גלות נאָך פאַרן חורבן בית ראשון. און ווער ווייס צי איז אים ניט באַשערט צו ברענגען באַנייאונג דעם אידישן פאָלק אין ישראל דערמיט, וואָס ער איז ניט צעפרעסן געוואָרן פון די ווערים פון דער איירָאָפּעאישער דעקאַדענץ.

דער „ערשטער מיליאָן" אידן איז געפייערט געוואָרן אין ישראל אין חנוכה תש"י, און מען האָט אָנגעהויבן ציילן און ציטערן אי־בערן צווייטן מיליאָן. און ווען מען האָט זיך אין ישראל געפרעגט: פון וואַנען וועט ער קומען? האָט מען זיך געענטפערט: פון די אַראַ־בישע לענדער, פון תימן, איראַק, און אַזוי ווייטער. ווי וואונדערלעך דאָס איז, דער דאָזיקער נייער צוריקקער פון די זעלבע לענדער פון וועלכע ס'איז געקומען דער ערשטער שיבת ציון, נאָך גלות בבל! מ'וועט לייענען אין שפּעטערדיקע יאָרטויזנטער וועגן דעם היינטיקן צוריקקער,

מיט דער זעלבער פאַרכלינעטקייט, וואָס מיר לייענען היינט עזרא און נחמיה. מיט וואָס פאַר אַ מיסטישקייט ס'איז אָנגעפילט די גאַנצע עפּאָכע! ווער ווייס וואָס פאַר אַ וואונדער־פאָלק עס וועט אַנטשטיין פון דעם נייעם אויסמיש פון די אַלע אידן־טיפּן פון אַזוי פיל לענדער, קלימאַטן און קולטורן, אין אַ נייער געשטאַלטונג!

נאָכדעם ווי דער איראָפּעאישער איד איז אונדז אָפּגעשניטן געוואָרן, איז יעדער אידיש קינד, אַפילו פון הינטער די פינסטערסטע הרי חושך, געוואָרן נאָך ליבער און טייערער ווי אימער געווען. און די פּראָבלעמאַטיק פון אַ ניי־אויפגעריכטעטן און ניי־אויסגעשטאַלטיקטן אידן איז אַזוי געוואַלדיק, אַז עס באַפאַלט אַ הייליקער פחד ווען דער געדאַנק פרואווט זיך אריינשניידן אין דער צוקונפט. דאָס האַרץ וויל פאַרפילן, דאָס אויג פאַרזען.

דידאָזיקע גאַנצע גוואַלדיקע עפּאָכע האָט שלום אַש פאַרפעלט. ער האָט זי פאַרשלאָפן אין קלויסטער. פאַרטשאַדעט אין ווירוך.

און אַז ער האָט זיך אויפגעכאַפּט האָט ער געדאַרפט געווען שווייגן. אַזוי ווי ער האָט געשוויגן, אין די טעג פון דער „עקזאָדוס 1947", אין די יובל־טעג פון דער פּראָקלאַמירונג פון דער אידישער מלוכה, אין די אומעט־טעג פון בלוט־פאַרגיסונג, און אין די פריידיקע טעג פון נצחון. אָבער ער האָט ניט אויסגעהאַלטן. און אַז ער האָט געעפנט דאָס מויל, האָט ער געשאָלטן.

ניט גאַנץ מאַכן דאָס שווער־פאַרוואונדיקטע פאָלק, הייסט ער, נאָר לאָזן עס צעשניטן.

אַזוי ווי עס האָט גערעדט די פאַלשע מאַמע ביי שלמהס משפּט...

נאָר סוף כל סוף, איז עס אַן איבעררעאַשונג?

ניין, ס'איז ניט קיין איבעררעאַשונג ווען מען באַקענט זיך מיטן הינטערגרונט פון זיינע קריסטלעכע ווערק, און מיט זיין קריסטלעכער מחשבה ווי ער אַליין איז עס מבאר. איך האָב דאָ אין זינען דעם אינטערוויו וואָס ער האָט איינמאָל, צווישן אַ גאַנצער ריי אַנדערע אינטערוויוען, געגעבן דעם באַוואוסטן אַמעריקאַנער זשורנאַליסט פרענק ס. מיד.

תחילת האָט אים אַש געשילדערט זיין פאַרליבטקייט אין דער קריסטוס־געשטאַלט. „איך בין אויפגעוואַקסן, ווי איר ווייסט — האָט ער געזאָגט — אויף דער גרענעץ פון פוילן און רוסלאַנד, וואָס איז ניט געווען דער פאַסיקסטער אָרט אין דער וועלט פאַר אַ אידן זיך אַוועקצוזעצן און אָנשרייבן די ביאָגראַפיע פון ישו הנוצרי. אָבער שוין אין מיינע אינגערע יאָרן האָט זיך ביי מיר געוועקט דער פאַרלאַנג אַזוינס צו טאָן. תחילת בין איך ניט געווען זיכער ביי זיך, איך האָב געזוכט דאָס וואָס אַ סך פון אונדז זוכן — יענע זיכערקייט, יענעם גלויבן, יענעם

גייסטיקן אָנהאַלט אין לעבן, וואָס זאָל אונדז ברענגען מנוחה און שלווה. איך דערקלער דאָ פייערלעך, אַז איך האָב עס געפונען ביי ישו".

„ישו הנוצרי — האָט ער ווייטער געזאָגט — איז פאַר מיר די סאַמע גרעסטע פערזענלעכקייט פון אַלע צייטן און דורות. אַלצדינג וואָס ער האָט ווען עס איז געזאָגט אָדער געטאָן, האָט אַ באַדייט פאַר אונדז, און אַזוינס קען מען ניט זאָגן פון קיין שום אַנדערן מענטשן. קיין אַנדערער גייסטיקער לערער האָט געהאַט אַזאַ גוואַלטיקע השפעה אויף דער וועלט ווי דער נוצרי... קיין אַנדערער רעליגיעזער פירער איז ווען געוואָרן אַזאַ פערזענלעכער טייל פון דער מענטשהייט ווי דער נוצרי. ווען איר פאַרשטייט ישון, דאַן פאַרשטייט איר, אַז ער איז געקומען אייך מציל צו זיין, זיך מיט אייך צו באַהעפטן. דאָס איז ניט קיין נעפּלדיקע, אומ־זיכערע באַציאונג צווישן אַ מאמין און אַ גאָט, וואָס איז אַן אינו נראה; ישו איז נאָענט און פערזענלעך!"

אויף דער פראַגע פון מר. מיד, ווען ער האָט אָנגעהויבן צו שרייבן דעם „מאַן פון נצרת", האָט אַש געענטפערט:

„דאָס איז ניט געווען גלאַט אַזוי אַ פראַגע פון שרייבן. גיכער איז עס געווען אַ פראַגע פון דערגייין דעם אמת וועגן דעם נוצרי. עס זיינען געווען יאָרן ווען איך האָב געהאַלטן אין איין פאַרשן און שטודירן דעם ענין. און אַ גרויסער־געראַנגל איז פאָרגעקומען אין מיין האַרצן איי־דער איך האָב זיך גענומען פאַר דער פען. עס פאַרשטייט זיך, אַז מיר איז בכלל ניט איינגעפאַלן דאָס ווערק אַרויסצוגעבן אין פוילן. דאָס וואָלט דאָך געהייסן טאָן דאָס אוממעגלעכע: אידן וואָלטן דאָס באַקעמפט, און אויך קריסטן וואָלטן דאָס באַקעמפט...

„די אינספּיראַציע צו שרייבן איז מיר געקומען אין ארץ ישראל"...

און דאָ קומען מיר צום סאַמע מקור פון אַשס צעקרימטער גע־שטאַלט, ווען ער קוקט אויף מדינת ישראל.

„איך האָב ממש געפילט — האָט ער געזאָגט ווייטער צו זיין אינ־טערוויוער — אַז איך וועל קיינמאָל ניט קענען שרייבן וועגן ישו, סיידן איך וועל באַזוכן זיין געבוירן־לאַנד. געפאָרן אַהין בין איך אין 1907. ערשט דאָרטן איז די געשיכטע לעבעדיק געוואָרן פאַר מיר. די גאַנצע לאַנדשאַפט פון ארץ ישראל האָט געטראָגן סימנים פון זיינע פוס־טריט. יעטוועדער קוסט און בוים און שטיין האָט געגליט מיט ישון. שפּעטער־צו האָב איך באַכאַמאָל און ווידעראַמאָל באַרייזט ארץ ישראל, און אויב איר ווילט דווקא אַ דאַטע, אַזוי איז 1908 דאָס יאָר ווען איך האָב גע־מאַכט אַן ערנסטע התחלה צו שרייבן דאָס ווערק"...

דאָס איז אַ טייל פון אַ לענגערן אינטערוויו, וואָס די איבעריקע זאַכן אין אים אינטערעסירן אונדז דאָ ניט.

דאָ האָבן מיר אַלץ אויסגעלייגט ווי אויף אַ טעלער.
אַן אמתע קריסטלעכע קאָנפּעסיע...
פון דעם געבראַכטן איז צו זען, אַז אַש איז שוין גאַנץ פרי ניט געווען קיין אונדזעריקער, מאנשי שלומנו, און אַז זיין אינטערעס אין ארץ ישראל איז ניט געווען קיין אידישער אינטערעס. אים האָט ארץ ישראל אינטערעסירט נאָר ווי דאָס לאַנד, וואו עס האָט זיך אָפּגע־שפּילט די קריסטלעכע טעמע.
צוליב דעם איז ער אייגנטלעך געפאָרן אַהין איינמאָל און נאָכ־אַמאָל, און ווידעראַמאָל, ניט צוליבן אויפבוי פון אַ אידישער מדינה.
און דאָס „געזאַנג פון טאָל" איז נאָר געווען אַ ביי־פּראָדוקט.
זעט אָבער וויפיל גייסטיקן שווינדל דער מענטש האָט באַטריבן דורך די אַלע יאָרן!
אומגעגאַנגען איז ער מיט די ציוניסטן אין דער ציוניסטישער באַ־וועגונג, ווי איינער פון זיי. פון זיי געשעפּט און גענאָסן נחת און כבוד און שפע. אָבער די גאַנצע צייט איז זיין האַרץ גאָר געווען ערגעץ אַנ־דערש, ביים אותו האיש...
און דער פּאַרראַט שטייגט צו גאָר אַ פאַנטאַסטישער הויך ווען ער לאָזט זיך, אין יאָר 1929, אויסקלייבן צו דער אידישער אַגענטור אַלס פּאַרטרעטער פון די פוילישע אידן.
ער האָט געוואוסט, אַז אַ תהום ליגט צווישן אים און די פוילישע אידן, וואָס ער רופט זיי אָן „מיינע אידן". ער האָט מורא געהאַט, זאָגט ער, אַז צווישן די פוילישע אידן וואָלט פאַר אים אוממעגלעך גע־ווען צו שרייבן זיין יעזוס־בוך. כדי זיך צו שטעלן מיט זיין פעדער דינען דעם נוצרי, האָט ער געמוזט עוקר זיין פון דאָרט. עטלעכע מאָל איז ער געפאָרן קיין ארץ ישראל אויף קבר אָבות צום נוצרי, ניט פאַר קיין אַנדער זאַך, איז ער מודה, ווי נאָר כדי איינצוזויגן דעם אָטעם פון דעם ישו־מיטאָס ווי אַ הכנה פאַר זיין ישו־ווערק. און נאָכדעם ווי ער האָט אַזוי פולע צוויי צענדליק יאָר זיך אַרומגעטראָגן מיטן נוצרי־סוד אין האַרצן, האָט ער געלאָזט זיך קרוינען אַלס פּאַרטרעטער פון די ער־לעכע און כשרע פוילישע אידן!...
דאָס וועט בלייבן ווי אַ קלאַסישע צביעות אין דער געשיכטע פון דער אידישער ליטעראַטור...
וואָס אַזוינס האָט געקענט רעכט מאַכן אין אַשס אויגן אַזאַ צוויי־פּנימדיקייט? די תאווה צו כבוד?
ס'איז אוודאי געווען אַ גרויסער כבוד צו זיין אין דער אידישער אַגענטור, דערצו אַ פּאַרטרעטער פון די פוילישע אידן. נאָר אַש האָט געהאַט נאָך אַנדערע אַמביציעס, אַ סך גרעסערע.

איך ווייס ניט, צי ס'איז אַמאָל געשריבן געוואָרן וועגן דעם, אָדער צי דאָס איז בכלל געווען באַוואוסט אין ברייטערע קרייזן; נאָר אין די ענגערע קרייזן אַרום שלום אַשן האָט מען גוט געוואוסט, אַז ער חלומט דעם חלום, אַז אין יענע טעג וועט עס ווערן פאַרווירקלעכט דער ציוניזם און עס וועט אויפקומען אַ אידישע מלוכה אין ארץ ישראל, זאָל ער, שלום אַש, אויסגעקליבן ווערן פאַר איר ערשטן פּרעזידענט, אָדער געזאַלבט ווערן פאַרן ערשטן אידישן מלך...

ער האָט זיך געהאַלטן ראוי דערויף סיי מיט זיין זעלבסט־באַוואוסטזיין פון גרויסקייט, סיי מיט זיין מלכותדיקער געשטאַלט: איז ער דען ניט, ווי שאול המלך, „פון זיין אַקסל אַרויף העכער פון גאַנצן פאָלק״?

און אויב ניט פאַר מלך, איז לכל הפחות פאַר פּרעזידענט: צי איז דען ניט עפּעס ענלעכס דערצו פאָרגעקומען אין פּוילן? די ווידער־אויפגעשטעלטע פּוילן האָט אָפּגעגעבן איר העכסטע שטעלונג אין דער מדינה, דעם פּרעמיער־אַמט, צו איר גרעסטן פּיאַנע־קינסטלער, איגנאַץ פּאַדערעווסקי. און פּוילן האָט געערט זיך, דורך ערן אַזוי די קונסט. זאָלן דען אידן טאָן ווייניקער?

און טיף ביי זיך אין האַרצן האָט ער די גאַנצע צייט געכאָוועט די געשטאַלט און די טעמע פונעם אותו האיש...

אַ קעניג פון ישראל, וואָס אין פאַרבאָרגעניש האָט ער געדינט צו דער עבודה זרה...

נאָר יאָרן זיינען געלאָפן, און ניטאָ קיין אידישע מלוכה און ניטאָ קיין אידישע קרוין...

און אַז ער איז ניט געוואָרן קיין קיניג ביי אידן, האָט ער זיך פאַרקויפט פאַר אַ קנעכט ביי די גוים...

ער האָט זיך אָפּגעקערט פון אידנטום...

און אידן פון אים...

און ווידער זיינען געלאָפן יאָרן, יאָרן שרעקלעכע, פורכטבאַרע, נאָר פונעם חורבן איז אויפגעגאַנגען די לאַנג־געהאָפטע, לאַנג געחלומטע אידישע מלוכה!

נאָר שלום אַש איז שוין געשטאַנען אינדרויסן...

דער נאַרישער איד! ער האָט זיך איינגערעדט, אַז דאָס וואָס ס'איז געקומען אַ מענטש און האָט זיך דערקלערט פאַר גאָט, אַז דאָס איז די שענסטע מעשה.

ניין, ניין! דער אויפקום פון דער אידישער מדינה, מדינת ישראל, און דאָס צונויפשטראָמען פון אַלע אידן, די „אָריענטאַלן״, פון אַלע עקן וועלט אין אַ תחית המתים פון דעם אויסגעהרגעטן

אידישן פאָלק, אָט דאָס, און קיין שום אַנדער זאַך, איז דער גרויסער וואונדער און נס פון די צוויי טויזנט יאָר קריסטלעכער עראַ!

נאָר אַשן איז ניט באַשערט געוואָרן קיין חלק אין דעם דאָזיקן וואונדער.

פאַר אים זיינען אַלע נבואות שוין מקוים געוואָרן, אין דעם נוצרי.

אַזוי האָט ער געפריידיקט אין אַלע זיינע קריסטלעכע שריפטן.

אַ טעות און אַ ליגן! וואָרים מיר האָבן געזען ווי די נבואות פון די נביאים זיינען ערשט דאַ, ביים נייעם שיבת ציון, מקוים געוואָרן!

עס האָט געזאָגט ישעיה: „אַזוי האָט געזאָגט גאָט דיין באַשעפער, יעקב, און דיין געשטאַלטער, ישראל, האָב ניט קיין מורא, וואָרים איך בין מיט דיר. פון מזרח וועל איך ברענגען דיינע קינדער, און פון מערב וועל איך דיך צונויפזאַמלען. איך וועל זאָגן צום צפון: גיב אָפּ! און צו תימן: האַלט ניט פאַרשלאָסן!...”

ווען זיינען דען אידן אַרויס פון תימן? נאָכן ערשטן חורבן, ווען עזרא האָט געשיקט שליחים צו זיי און געזאָגט: קומט! האָבן זיי ניט געוואָלט גיין. זיי האָבן געזאָגט, אַז דאָס איז נאָך ניט די אמתע גאולה. און עזרא האָט זיי געשאָלטן, און זיי האָבן געשאָלטן אים, אָבער זיי זיינען ניט געקומען. אָבער אין גאולת תש״ח און תש״ט און תש״י זיינען זיי געקומען צופליען אויף עראָפּלאַנען, — „אויף די פליגל פון אָדלערס”, ריכטיק ווי דער נביא האָט נביאות געזאָגט...

און ניט פון תימן אַליין, נאָר פון ליביע און טשעכיע, פון עטיאָ־פיע און אינדיע, פון אַדען און פוילן, איראַק און רומעניע, פון די זאַמדן פון סאַהאַראַ און פון גריבער אין פערסיע, פון דשאַבאַר און לחלח — ווער האָט גאָר געהערט אַזעלכע נעמען? און ווער האָט נאָך געוואוסט פון אַזעלכע אידישע שבטים? אַלע פאַרגעסענע און פאַרשטויסענע, ווייסע אידן, און שוואַרצע, און ברוינע און צוגעברוינטע, און קאַראַימער, און שומרונים — מקוים געוואָרן איז אין אמתער מאָס אונדזער תפילה: וקרב פזורינו מבין הגוים ונפוצותינו כנס מירכתי אָרץ, דערנעענטער אונדזערע צעשפרייטע פון צווישן די פעלקער, און אונדזערע פאַרשטויסענע זאַמל איין פון אַלע זייטן וועלט...

דערפאַר וואָס ער האָט פאַרבלענדט זיינע אויגן מיט פאַלשע וואונ־דער, האָט אַש ניט געקענט דערקענען די אמתע, ווען זיי זיינען גע־קומען.

נאָר אַ קוק טאָן האָט ער משמעות דאָך געוואָלט פון דער נאָענט. אין האַרבסט פון 1949 איז שלום אַש געפאָרן מעבר לים. זיינע כלים־טרעגער אין ניו יאָרק האָבן אָנגעזאָגט וואוהין ער פאָרט: קיין ישראל. און זיי האָבן פאָרויס זיך געריבן די הענט פון נחת איבער דעם גרויסן

קבלת פנים, וואָס ער וועט דאָרט קריגן. דאָס האָט געדאַרפט זיין זיין גרויסער נצחון איבער אַלע זיינע קעגנער.

ער איז געווען אין פּאַריז, דערנאָך אין רוים, אינגאַנצן אַ פּאָר שעה פון תל אָביב „אויף די פליגלען פון אָדלערס". אָבער ער האָט זיך אומגעקערט צוריק קיין אַמעריקע פון מיטן וועג. ווייטער פון רוים איז ער ניט דערפאַרן. אין דער אויפגעגאַנגענער אידישער מדינה איז ער ניט אַריין. פאַרוואָס? האָט „רוים" ניט געלאָזט? דער גייסט פון פּעטער און פּאולוס, וואָס ישראל האָט אָפּגעלייקנט? אָדער האָט ער געהערט, אַז ער וועט שוין דאָרט פאַר קיניג ניט געקרוינט ווערן?

און ער האָט זיך אומגעקערט צוריק אַ — סאַנבאַלאַט. אַ מענטש פון טרויעריקן אָנדענק פון יענעם ערשטן צוריקקער, פון גלות בבל. דעמאָלט זיינען אויך געווען שלום אַשס. אַזוי ווי עס דערציילט אונדז נחמיה:

„און עס האָט דערהערט סנבלט דער חורוני, און טוביה דער עמוני־שער קנעכט, און גשם דער אַראַבער, און זיי האָבן געשפּעט פון אונדז און האָבן אונדז מבזה געווען, און האָבן געזאָגט: וואָס איז די דאָזיקע זאַך וואָס איר טוט?" (נחמיה ב, יט).

אַזוי איז שלום אַש אויך געקומען אַ סאַנבאַלאַט, און האָט געשפּעט און האָט מבזה געווען: וואָס איז עס אַזוינס וואָס זיי טוען? זיי בויען אָריענטאַליזם... „אָריענטאַלן!" אַ וואָרט אויף אָפּצושרעקן, אָפּצו־רייסן סימפּאַטיע, לעשן באַגייסטערונג, וועקן דערווידער, פאַרמיאוסן, שטערן, אונטערגראָבן...

ער האָט זיך אָנגעשלאָסן צו די שונאים.

און וואָס זאָלן מיר ענטפערן? דער ענטפער שטייט שוין פאַרשריבן דאָרט אין תנ"ך:

„האָב איך זיי געגעבן אַן ענטפער און האָב זיי געזאָגט: „דער גאָט פון הימל, ער וועט אונדז באַגליקן, און מיר, זיינע קנעכט, וועלן אויפשטיין און וועלן בויען, און איר האָט ניט קיין חלק און קיין צו־שטייער און קיין אָנדענק אין ירושלים" (דאָרט, כ).

דער ענטפער צו סאַנבאַלאַטן פון אַמאָל איז גילטיק אויך פאַרן סאַנבאַלאַט פון היינט...

ניטאָ פאַר אים קיין אָנדענק אין ירושלים. ער האָט מיט אַ לעצטן ריס זיך אָפּגעריסן פון אַלץ: פון אמונת ישראל, פון פאָלק ישראל און פון לאַנד ישראל...

פון דעם לאַנד, וואו ער האָט געחלומט צו זיין מלך...

יאָ, ער האָט געקענט זיין מלך, געזאַלבט מיט דער זאַלבונג פון קינסטלערישן טינט, אין דער מלוכה פון אידישער ליטעראַטור.

ווען ער וואָלט געווען ערלעך געבליבן מיט זיין טינט און פעדער, אין דינסט פון זיין פאָלק אין צייט פון זיין גרעסטן חורבן.

אָבער ער האָט ניט זוכה געווען. ער האָט זיך אָוועקגעריסן.

זיך אָוועקגעריסן — וואוהין?

עס ווערט דערציילט אַ מעשה מיטן רמב"ן און, להבדיל אלף הבדלות, אַ משומד.

דער רמב"ן הקדוש האָט געהאַט אַ תלמיד, וואָס האָט, פאַר קיין אידישן קינד געדאַכט, זיך געשמדט.

איינמאָל גייט דער רמב"ן אין גאַס, קומט אים אָן דער משומד אַנטקעגן, און ער האָט אויף אַזוי פיל חוצפה, אַז ער שטעלט אָפּ זיין געוועזענעם רבין און מאַכט צו אים:

— איר זאָלט וויסן, רבי, אַז צוליב אייך האָב איך זיך געשמדט!

— צוליב מיר? — האָט אים דער רמב"ן אָנגעקוקט מיט גרויס פאַרחידושונג — דהיינו, ווי אַזוי?

— פאַרשטייט איר מיך, — האָט דער משומד געענטפערט — איר שרייבט אין אַן אָרט, אַז אין דער סדרה „האזינו" געפינט זיך אַלץ וואָס איז דאָ אויף דער וועלט. נו, איך הייס אַבנר, און מיין נאָמען איז דאָרט ניטאָ! האָט עס אין מיר צעטרייסלט מיין גאַנצע אמונה...

— וואָס הייסט ניטאָ? — האָט דער רמב"ן זיך אָנגערופן — ס'איז יאָ דאָ! נעם דאָס דריטע אות פון יעדן וואָרט אין דעם פסוק: „אפאיהם אשביתה מאנוש זכרם" (כו) — וואָס איז טייטש: איך וועל זיי פאַרוואַרפן, איך וועל פאַרשטערן פון צווישן מענטשן זייער געדעכעניש, — און דו האָסט דיין נאָמען אבנר!

ווען דער משומד האָט עס דערהערט, איז אַ פחד אָנגעפאַלן אויף אים און אַ מעלאַנכאָליע, און ער איז אַוועק צום ים, האָט זיך אַריינגע־זעצט אין אַ שיפל, האָט זיך אָפּגעשטופּט פון ברעג, און איז אַוועקגע־שווימען, און קיינער ווייס ניט וואוהין ער איז אַהינגעקומען...

און דאָס איז געווען דער סוף פון יענעם ווידערשפּעניקער.

נאָר דער חידוש שבחידושים איז, אַז אַש׳ס נאָמען געפינט זיך אויך אין יענעם פסוק: אַשביתה...

# דעם טייוולס אַדוואָקאַטן

1

עס געהערט צו דער טרויעריקער זייט פון דער אַש־אַפּערע, און זי איז טרויעריק פון אַלע זייטן, וואָס ער האָט נאָך געפונען פּאַרטייִ־דיקער אויף דער אידישער גאַס.

ירבעם בן נבט, וואָס האָט געזינדיקט און געמאַכט אַנדערע צו זינדיקן.

אויף אונדזער געפאַלענעם דור, וואָס איז גענוג באַפלעקט געוואָרן דורך מיאוסע און אומרייִנע מעשים, איז געפאַלן נאָך אַ פלעק, וואָס מאַכט דעם דור נאָך געפאַלענער און נאָך אומווירדיקער.

עס איז, אין שייכות מיט דער אַפּערע אַש, אָפּגעטאָן געוואָרן אַ טאַט, וואָס קען נאָר באַצייכנט ווערן ווי אַ נבלה בישראל. אַן עבירה איז באַגאַנגען געוואָרן, אַ זינד איז געזינדיקט געוואָרן, פאַר וועלכע ס'איז ניטאָ קיין מחילה. עס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן אַ היסטאָרישער שקר, וואָס קען ברענגען די טרויעריקסטע רעזולטאַטן אין דעם גייס־טיקן לעבן פון כלל ישראל.

אין אַ אידישער צייטשריפט, אַ ציוניסטישער צייטשריפט, אַ נאַ־ציאָנאַליסטישער צייטשריפט, איז געשריבן און געדרוקט געוואָרן דער שקר גמור ומוחלט, אַז דער רמב"ם, אָט דער גדול שבגדולים אין אידנ־טום, דער פירער און וועגווייזער פון אומצייליקע פרומע אידישע דורות, — אַז ער האָט גוטגעזאָגט אויף דעם קריסטלעכן משיח, אויף דעם נוצרי, אויף ישו.

דער רמב"ם, דער גאון שבגאונים, וואָס אויף זייִנע פּלייצעס איז אָנגעשפּאַרט דאָס אידנטום זינט הונדערטער יאָרן, וואָס אויף אים איז געזאָגט געוואָרן, אַז פון משה רבינו ביז רבינו משה איז ניט געווען אַזאַ ליכט אין אידנטום ווי ער — אים האָט מען מצרף געווען אין אַ שותפות מיט יעזוס קריסטוס און זייִן שליח פּאָולוס, די פאַרדאַרבער און אונ־טערגראָבער פון אידנטום און די פּאַטערס פון אַלע שונאים און שלעכטס־טוער פון אידישן פאָלק.

דער רמב"ם, וואָס פון זיין מויל לעבט די אידישע אומה שוין הונדערטער יאָרן אין קדושה און טהרה — צו זיינע ליפּן האָט מען צו־געטראָגן און צוגעלייגט דעם צלם, רחמנא ליצלן...

און די דאָזיקע הפקר־טאַט איז צושטאַנד געקומען אויף אַזאַ אופן:

אין דער וואָכנשריפט פון דער פּאַרטיי פּועלי־ציון, „דער אידישער קעמפער", אין דעם זשורנאַל וואָס איז געדרוקט געוואָרן לכבוד ראש השנה, תש"ט, איז דערשינען אַ גרויסער אַרטיקל פון יואל ענטין וועגן שלום אַשס קריסטלעכע ווערק, אָנהויבנדיק פון דעם „נאַזאַרין" און ענ־דיקנדיק מיט „איסט ריווער", און דער דערציילונג אין וועלכער יעזוס האָט מכלומרשט געראַטעוועט די אידן אין דער וואַרשעווער געטאָ פון אַ פּאָגראָם. און ער האָט באַנוצט זיין בעסטן און שענסטן טאַלאַנט אויף לויב און שירה צו שלום אַשן, און במילא אויך צום נוצרי און זיין אַפּאָסטאָל. בייזע ווערטער האָט ער נאָר געהאַט פאַר די, וואָס האָבן אַשן קריטיקירט פאַר זיין לעסטערנדיקער אַרבעט. ניט קריטי־קירט האָט מען אים, נאָר „געזידלט" הייסט עס ביי ענטינען.

עס איז געוויס דאָ וואָס זיך צו חידושן, און צו שטוינען, וואָס דער דאָזיקער אַלטער פריידענקער, וועטעראַן פון וועלטלעכער קולטור, גרינ־דער פון ראַדיקאַלע שולן און דערציִער פון אַ ראַדיקאַלן דור, האָט אויס־געקליבן אויף דער עלטער זיך אָפּצוטובלען אין שלום אַשס קריסטלעכן וואַסער. עס איז אויך דאָ זיך צו חידושן אויפן „טאַקט" וואָס אי יואל ענטין, אי די רעדאַקציע פון „קעמפער" האָבן אַרויסגעוויזן, אונטער־טראָגנדיק די „קריסטלעכע פּרעדיקט" צו זייערע לעזער דווקא אויף ראש השנה. און ניט קיין געוויינלעכער ראש השנה איז געווען דער ראש השנה, וואָס האָט אַריינגעפירט דאָס יאָר תש"ט. דעמדאָזיקן ראש השנה האָט זיך אָנגעהויבן דאָס צווייטע יאָר פון מלכות ישראל. און ווען מלכות ישראל איז פּראָקלאַמירט געוואָרן איז אין דער היסטאָרישער דעקלאַראַציע געזאָגט געוואָרן, אַז „מיר אָנקערן אונדזער בטחון אין דעם גאָט פון ישראל". איז געקומען יואל ענטין, אַ פאַרדינסטפולער ציוניסט, און די רעדאַקציע פון אַ ציוניסטישער שריפט, און האָבן אָפּגע־לייגט זייער „קרסטלעכע קאָנפעסיע", אַפּנים צו פאַרריכטן אַ „טעות" און דערמאָנען מלכות ישראל, אַז ס'איז דאָ נאָך אַ גאָט...

איז דער מיטאַרבעטער פון „פאָרווערטס", א. וואַרשאַווסקי, אַרויס מיט אַ שאַרפן אַרטיקל קעגן דער דאָזיקער גאַנצער מיאוסער מעשה. איז דער רעדאַקטאָר פון „אידישן קעמפער", חיים גרינבערג, געקומען מיט אַ קעגן־אַרטיקל („אידישער קעמפער", אָקטאָבער 22, 1948), און דאָ, פון אונטער דער פּען פון חיים גרינבערג, איז אַרויס יענע מעשה שטן מיטן רמב"ם.

דער וויטאָק איז אומגעהויער גרעסער דערמיט וואָס ער איז גרום געוואָרן פון אַזאַ חשובן שריפטשטעלער ווי חיים גרינבערג.

אַ כעסיקער און צאָרנדיקער אַרטיקל איז עס געווען פון דעם גע־וויינלעך־געלאַסענעם און באַדאַכטן חיים גרינבערג, אין וועלכן ער האָט גענומען אונטער זיין שוץ אי יואל ענטינען, אי שלום אַשן, אי ישון, אי פּאָולוסן, און אין זיין צאָרן האָט ער פאַרגעסן די ערשטע מידה וואָס פאָ־דערט זיך פון אַן אַפּאָלאָגעט פון ישון: אונטערצושטעלן די אַנדערע באַק...

אַנשטאָט אונטערצושטעלן זיין קעגנער די אַנדערע באַק, האָט ער אים גאָר אונטערגעשטעלט אַ פיסל ער זאָל פאַלן, פאַלן איבער אַ גע־פעלשטן רמב״ם. אָבער געפאַלן איז ניט א. וואַרשאַווסקי, נאָר דער כבוד פון חיים גרינבערג, און דער כבוד פון דעם גאַנצן דור אין וועלכן ס'איז מעגלעך געווען, אַז אַן אָנגעזעענער אידישער שרייבער און פאַר־טיי־פירער זאָל אַריינוואַרפן אין דער אידישער גאַס אַזאַ הפקרדיקן, אַזאַ אַלדאָסבייזיקן, אַזאַ קלעפּיק־מגפהדיקן געדאַנק, אַז דער רמב״ם, דער רמב״ם! — דער גאון און גיבור פון אידנטום, דער היטער און באַשיר־מער פון דער תורה, האָט געגעבן אַ הסכמה אויף יעזוסן...

אַ גאַנצן צעטל מיט טענות שטעלט אַרויס חיים גרינבערג, און אַ גאַנצן צעטל מיט אידן, שרייבער, געלערנטע און רבנים רעכנט ער אויס, וועלכע האָבן צוגעשמייכלט צום נוצרי, נאָר צום סוף ברענגט ער זיין גרעסטן „באַוויז", זיין גרעסטן בר־סמכא, זיין גרעסטן אידן און זיין גרעסטן רב, וואָרים באמת ווער איז גרעסער פון דעם רמב״ם?

ממשה עד משה לא קם כמשה...

ס'איז דאָ עפּעס צו זאָגן וועגן יעדן בר־סמכא, וואָס חיים גרינ־בערג ברענגט דאָרט, נאָר מיר וועלן יענע דערווייל לאָזן שטיין, און מיר וועלן וואָס גיכער צוגיין צום רמב״ם, ווייל קיין איין רגע טאָר ביי אידן ניט בלייבן גילטן דער טריפער און מטורפער געדאַנק, אַז דער רמב״ם האָט ערגעצוואו געכשרט דעם נוצרי.

מיט גרויס פאַראַד און פּאָמפּע פאַרן רמב״ם און מיט אַ סך סאַר־קאַזם פאַר וואַרשאַווסקין פירט חיים גרינבערג אַריין דעם גאון אין זיין אַרטיקל, און ער שרייבט:

„איך וועל ברענגען זיינע ווערטער אין אָריגינאַל: „מחשבות בורא עולם אין כוח באדם להשיגה... וכל הדברים האלו (של ישו) ושל זה שעמד אחריו אינו אלא לישר דרך למלך המשיח... כבר נתמלא העולם כולו מדברי המשיח ומדברי התורה ומדברי המצוות ופשטו דברים אלו באיים רחוקים ובעמים רבים" (דער מענטש איז ניט אומשטאַנד צו באַ־גרייפן גאָטס מחשבות... די דאָזיקע אַלע ווערטער (פון ישו) און

פון דעם וואָס איז אויפגעשטאַנען נאָך אים האָבן בלויז באַוווירקט אויס־צוגלייכן דעם וועג פאַרן מלך המשיח ... די גאַנצע וועלט איז שוין פול געוואָרן פון משיח־ווערטער, פון תורה־ווערטער און פון רייד וועגן מצוות, וואָס זיינען פאַרשפּרייט געוואָרן אויף ווייטע אינדזלען און צווישן פילע פעלקער. אַזאַ אָפּשאַצונג פון דעם נוצריס ראָלע און פון פּאָולוס („דער וואָס איז אויפגעשטאַנען נאָך אים"), האָט אונדז געגעבן, ווייטער אַמאָל, ניט קיין ראָמאַנען־שרייבער און ניט קיין היינטצייטיקער אידישער אינטעליגענט וואָס איז אַרויס לתרבות רעה. „צופעליק" האָט עס גע־שריבן דער זעלבער מאַן וואָס האָט קאָדיפיצירט אונדזער גאַנצע הלכה, דער מחבר פון משנה תורה, וועלכע איז נאָך ביז היינטיקן טאָג דער הויפּט־מדריך פונעם טראַדיציאָנעלן אידנטום איבער גאָר דער וועלט, סיי פונם ספרדישן און סיי פונם אשכנזישן. „צופעליק" איז פאַר די דאָזיקע „מיסיאָנערישע" זאַצן פאַראַנטוואָרטלעך דער זעלבער מאַן, וואָס זיינע שלושה־עשר עיקרים זאָגט יעדער פרומער איד אַלע טאָג פון אַ גאַנץ יאָר אין זיין דאַוונען. דער נאָמען פון יענעם „מסית ומדיח" איז דער רמב"ם, און אויב וואַרשאַווסקי וויל זיך איבערצייגן, זאָל ער אַריינקוקן ביי אים אין מלכים י"א, ד' (אָמסטערדאַמער אויפלאַגע). מען דאַרף דערביי ניט פאַרגעסן, אַז לויטן רמב"מס קלאַסיפיקאַציע האָט זיך דאָס קריסטנטום פון זיין צייט גערעכנט צווישן די געצנדינערישע רעליגיעס. דער איסלאַם איז לויטן רמב"ם געווען אין איין מאָנאָטעאָ־איסטישער קאַטעגאָריע מיטן אידנטום, אָבער די רוימיש־קאַטוילישע אמונה מיט איר גלויבן אין גאָטס טריניטעט האָט ער צוגערעכנט צום קלאַס פון עבודה־זרה. דאָס האָט אים פונדעסטוועגן ניט געשטערט אויפצופאַסן ישו און פּאָולוס אַלס וועגווייזער צום מלך המשיח. ער האָט זיי, מוז מען אָננעמען, אָפּגעטיילט פון קריסטנטום, און ניט נאָר דעם נוצרי אַליין, נאָר אַפילו פּאָולוסן האָט ער ניט פאַררעכנט פאַר קיין קריסט".

די דאָזיקע ציטאַטע פון דעם רמב"ם, מיטן קראַנץ פון אייגענעם אויסטייטש וואָס חיים גרינבערג האָט אַרומגעפלאָכטן אַרום איר, איז עס דער שקר, דער בלבול, דער עלילת דם, וואָס איז אונטערגעוואָרפן גע־וואָרן אונטער דעם רמב"מס טיר. דאָס וואָס חיים גרינבערג האָט דאָ אָפּגעטאָן איז אַ סך ערגער ווי וואָס יואל ענטין האָט געטאָן, און אפשר אַפילו וואָס אַש האָט אָפּגעטאָן, וואָרים איין שורה פון רמב"ם איז דאָך פאַר דער וועלט שקול איבער אַלע ווערק פון שלום אַש ...

די נבלה וואָס איז דאָ אָפּגעטאָן געוואָרן איז אָט די:

די ווערטער פון דעם רמב"ם וואָס חיים גרינבערג ברענגט זיינען אַרויסגענומען פון אַ גאַנצער שטעל, וואו עס ווערט אַרומגערעדט דער

נוצרי. די דאָזיקע ווערטער זיינען נאָר דער מיטלסטער טייל פון דער שטעל. עס איז דאָ אויסגעלאָזט געוואָרן דער אָנהויב און עס איז אויס־געלאָזט געוואָרן דער סוף. אָבער די שטעל, גענומען אינגאַנצן, איז גראָד די שאַרפסטע פאַראורטיילונג פון דעם קריסטוס און פון קריסטנ־טום וואָס איז ווען אַרויס פון אַ אידישער פען. אפשר איז דער רמב״ם געווען אַזוי געוואַגט דערפאַר וואָס ער האָט אין יענער צייט פון קירכן־הערשאַפט געלעבט אין אַ ניט־קריסטלעכן לאַנד.

לאָמיר אָקאָרשט אַ קוק טאָן אויף דער גאַנצער שטעל ביים רמב״ם, דעם אָנהויב, דעם מיטן און דעם סוף. דער אָנהויב, וואָס ביי חיים גרינבערגן איז ער אויסגעלאָזט, גייט אַזוי:

„אף אותו שדמה שיהיה משיח ונהרג בב״ד כבר נתנבא בו דניאל שנ׳ ובני פריצי עמך ינשאו להעמיד חזון ונכשלו וכי יש מכשול גדול מזה שכל הנביאים דברו שהמשיח גואל לישראל ומושיעם ומקבץ נדחיהם ומחזק מצוותם וזה גרם לאבד ישראל בחרב ולפזר שאריתם ולהשפילם ולהחליף התורה ולהטעות רוב העולם ולעבוד מבלעדי ה׳ ״ —

און דאָס איז טייטש אַזוי:

אויך יענער, וועלכער האָט געמיינט אַז ער וועט זיין משיח און ער איז געטויט געוואָרן דורך בית דין, האָט שוין לאַנג דניאל אויף אים נביאות געזאָגט, ווי אין פסוק שטייט (יא, יד): און די פאַרשייטע יונגען פון דיין פאָלק וועלן זיך דערהויבן אויפצושטעלן די זעאונג, נאָר זיי וועלן געשטרויכלט ווערן. און צי איז דען מעגלעך אַ גרעסערע שטרויכ־לונג דערפון? וואָרים אַלע נביאים האָבן גערעדט, אַז משיח וועט אויס־לייזן די אידן און זיי העלפן, ער וועט צונויפזאַמלען זייערע פאַרשטוי־סענע און וועט פאַרשטאַרקן זייערע מצוות, אָבער „דער דאָזיקער״ האָט גורם געווען צו פאַרטיליקן ישראל דורכן שווערד, און צו צעשפּרייטן זייער רעשטל, און צו דערנידעריקן זיי, און צו איבערבייטן די תורה, און צו פאַרפירן אַ גאַנצע וועלט, און צו דינען עמעצן אַנדערש אויסער גאָט...

אָט דאָס איז עס וואָס איז די עיקר־מיינונג אין דעם רמב״ם וועגן דעם נוצרי! בלויז איינער וואָס איז פיל־ווייניק באַקאַנט מיט דער קריסטלעכער טעאָלאָגיע קען אָפּשאַצן ווי גאוניש דאָ איז איבערגעגעבן בתכלית הצמצום דער גאַנצער תוכן פון קריסטנטום. און דער פסק איז אַ טאָטאַל פאַרניכטנדיקער, אַן אַבסאָלוטער.

נאָר אין דעם טעות, אין דעם אומגליק און שגעון, זעט דער רמב״ם אַ פינגער פון דער השגחה, נעמלעך, וואָס אגב אורחא ווערט דורך „אים״ די תורה באַקאַנט איבער דער וועלט. און דער דאָזיקער געדאַנק איז אַנטהאַלטן אין דעם טייל וואָס חיים גרינבערג האָט צי־

טירט. נאָר דער רמב"ם רעדט ווייטער וועגן דעם טרויעריקן אופן ווי אַזוי די תורה ווערט דאָרט פאַרשפּרייט, בעמלעך:

„והם נושאים ונותנים בדברים אלו הסותרות התורה אלו אומרים מצוות אלו אמת היו וכבר בטלו בזמן הזה ולא היו נוהגות ואלו אומרים דברים נסתרות יש בהן ואינן פשוטין וכבר בא המלך וגלה נסתריהם וכשיעמד מלך המשיח באמת ויצליח וירום וינשא מיד הן כולן חוזרים ויודעים ששקר היה". — וואָס דער טייטש דערפון איז:

„זיי באַשעפטיקן זיך מיט די דאָזיקע זאַכן וואָס זיינען סותר די תורה: איינע זאָגן אַז די מצוות (פון דער תורה) זיינען געווען אמת נאָר אין דער איצטיקער צייט זיינען זיי שוין בטל געוואָרן און מען דאַרף זיי מער ניט אָפּהיטן. און אַנדערע זאָגן, אַז פאַרבאָרגענע זאַכן זיינען דאָ אין זיי און זיי זיינען ניט פּשוט און אַז עס איז שוין געקו־מען דער מלך און האָט אויפגעדעקט זייערע סודות. אָבער ווען עס וועט קומען דער אמתער משיח און ער וועט מצליח זיין און ער וועט אויפ־שטייגן און דערהויבן ווערן, דעמאָלט וועלן יענע אַלע באַלד תשובה טאָן און מען וועט וויסן, אַז ער איז געווען שקר".

עד כאן דער רמב"ם. ווי אַנדערש דאָס איז פון דער פאַרשטעלונג וואָס חיים גרינבערג האָט געגעבן, אַז לויטן רמב"ם איז ישו דער ריינער פאָרלויפער פון משיחן, ניט אַליין אַ פאַלשער משיח, און אַז ישו און פּאָולוס זיינען גאָר אַפילו קיין קריסטן ניט!...

אַגב האָט חיים גרינבערג געהאַט אַ טעות. מיט דעם „דער וואָס איז געקומען נאָך אים" מיינט דער רמב"ם ניט פּאָולוסן, נאָר מאַכמעדן.

חיים גרינבערג האָט שטענדיק געהאַט די רעפּוטאַציע פון אַ פיינעם, ערלעכן פּאָלעמיקער. וואָס האָט אים באַוואויגן אין דעם איצטיקן, אַזוי הייליק־ערנסטן ענין, צו פאַרדרייען און פאַרקריפּלען קלאָר אַוועק־געשטעלטע רייד, אַזוי קלאָר ווי נאָר דער רמב"ם האָט געקענט רעדן?

נאָר אפשר דאַרף מען זיך ניט חידושן. ס'איז אין דער קריסט־לעכער טראַדיציע. דאָס גאַנצע קריסטנטום האָט זיך אייביק געבויט אויף אידישע פּסוקים, וואָס זיי האָבן צודרייט און פאַרקריפּלט אין זייער טייטש. און להבא אויך, ווען נאָר קריסטנטום וועט זיך וועלן אָנשפּאַרן אויף אַ אידישן פּסוק אָדער מאמר, וועט עס קענען געמאָלט זיין סיידן נאָר מען וועט פעלשן און פאַרקריפּלען. און דאָס איז איצט געשען מיט חיים גרינבערג.

ער האָט זיך צוגערירט צו שלום אַשן און איז געשטרויכלט גע־וואָרן.

אוי לרשע אוי לשכנו...

2

# די קריסטלער טעמע

די שטעל וואָס חיים גרינבערג האָט געבראַכט פון דעם רמב״ם, האָט ער געבראַכט פון דעם „יד החזקה״ — אַמסטערדאַמער אויפלאַגע. חיים גרינבערג ווייזט עס געהעריק אָן. די אַמסטערדאַמער אויפלאַגע איז, דוכט זיך, געווען די ערשטע אויפלאַגע פון דעם רמב״ם נאָך דער דערפינדונג פון דרוק. זי איז היינט זייער אַ גרויסע זעלטנהייט.

פאַרוואָס האָט חיים גרינבערג געדאַרפט גיין צו יענער אַלטער, כמעט שוין ניט עקזיסטירנדיקער אויסגאַבע? ווייל אין די שפּעטער־דיקע אויסגאַבעס איז יענע שטעל וועגן נוצרי ניטאָ. זי איז אַרויס־גענומען געוואָרן. ווער האָט זי אַרויסגענומען און אַרויסגעוואָרפן? די קריסטלעכע קירכע מיט אירע צענזאָרס, וועלכע זיינען דאָס רוב געווען אידישע משומדים.

שטעלט זיך די פראַגע: אויב פון יענעם רמב״ם וואָלט מען גע־קענט דרינגען, אַז מ׳מעג „זאָגן אַ גוט וואָרט״ וועגן דעם נוצרי, צי וואָלטן די משומדים־צענזאָרן באַפוילן די אידן עס אויסצומעקן? ווען דאָס וואָלט געווען „גוט פאַר גוים״, וואָלטן עס די אידישע משומדים ניט אויסגעשניטן. זיי וואָלטן עס איינגעהיט ווי דעם טייערסטן אבן טוב. אַ קלייניקייט צו זאָגן אַ היתר פון רמב״ם אויף דעם נוצרי!

טאָמאַס אַקווינאַס איז דער פילאָזאָף פון קאַטוילציזם. ער פאַר־נעמט אין קאַטוילציזם דאָס אייגענע אָרט, וואָס, להבדיל, דער רמב״ם אין אידנטום. אין זיין הויפּטווערק „סומא טעאָלאָגיקא״ דערמאָנט ער עטלעכע מאָל דעם רמב״ם. ער רופט אים „ראַבי מאָזעס״. ער ברענגט געוויסע געדאַנקען פון דעם רמב״ם. אָבער ער ברענגט ניט קיין היתר פון דעם רמב״ם אויפן נוצרי. ער האָט געהאַט גענוג ערלעכקייט, און גענוג דרך ארץ פאַרן רמב״ם, ניט צו צעקאַליעטשען זיינע רייד, פון פאַלשע ראיות וועגן.

יענע שטעלן, וואָס די משומדסקע צענזאָרן האָבן אַרויסגעוואָרפן פון אידישע ספרים, ניט שוינענדיק אַפילו דעם תלמוד, ווערן אָנגערופן „השמטות״. און עס איז דאָ נאָך אַ השמטה פון דעם רמב״ם וואָס האָט אַ שייכות צו דער קריסטלעכער אמונה. יענע השמטה שטאַמט פון זיין פירוש אויף משניות. און אַזוי ווי חיים גרינבערג האָט זיך דערלויבט צו זאָגן וועגן וואַרשאַווסקין, דערלויב איך זיך צו זאָגן וועגן אים, אַז איידער ער איז געגאַנגען מצרף זיין דעם רמב״ם צו זיין ישו־מנין, האָט ער געמעגט זיין באַקאַנט מיט יענער השמטה אויך. ער

וואָלט פון דאָרט אויך געזען, אַז אויפן סמך פון רמב"ם טאָר ער ניט זאָגן אַז „מ'מעג באַהאַנדלען סיי ישון און סיי פּאָולוסן מיט סימפּאַטישער פאַרשטענדעניש" („אידישער קעמפער", אָקט. 29). דער רמב"ם זאָגט דאָרט, אַז מ'טאָר אַפילו ניט קוקן אין יענעם ווינקל...

און צו־גרינג גייט חיים גרינבערג פאַרביי די דרייצן עיקרים, וועלכע ער ברענגט אַלס אַ מין „רעקאָמענדאַציע" פאַרן רמב"ם, מיט דער בלויזער באַמערקונג, אַז עס „זאָגט (זיי) יעדער פרומער איד אַלע טעג פון אַ גאַנץ יאָר אין זיין דאַווענען". אויך פונדאַנען וואָלט ער גע־קענט ארויסלערנען, ווען ער וואָלט געוואָלט, וואָס דער רמב"ם האָט געטראַכט וועגן דעם נוצרי און זיין רעליגיע. גרויסע חכמים האָבן אין זייער צייט געקריגט אויפן רמב"ם למאַי ער האָט איינגעשטעלט דרייצן עיקרים. איינע האָבן געהאַלטן, אַז די גאַנצע אידישע דאָגמאַטיק קען אויסגעדריקט ווערן אין זעקס עיקרים, אַנדערע אין דריי, ס'איז אָבער קלאָר, אַז דער רמב"ם האָט געהאַט אין אויג דעם נוצרי און זיין נייע אמונה, און עטלעכע עיקרים זיינען געצילט קעגן זיי, ביז עס זיינען געוואָרן דרייצן.

צוליב וואָס, באמת, איז נויטיק געווען דער נייטער עיקר, למשל, וואָס זאָגט, „אַני מאמין, איך גלויב, אַז די איצטיקע תורה וועט ניט געענדערט ווערן און עס וועט ניט זיין קיין אַנדער תורה פון דעם באַ־שעפער?" דער דאָזיקער עיקר איז נויטיק געוואָרן קעגן דעם נוצרי, וועלכער האָט „אָפּגעענדערט די תורה", און קעגן פּאָולוסן, וועלכער האָט זי אינגאַנצן דערקלערט פאַר בטל ומבוטל און האָט פּראָקלאַמירט אַ נייע תורה אויף איר אָרט. דער נוצרי האָט געענדערט ווייניקסטנס דריי גרונט־זאַכן פון דער תורה: ער האָט אָפּגעשאַפט גט, ער האָט אָפּגעשאַפט כשר און טריף, ער האָט מתיר געמאַכט חילול שבת.

אָדער צו וואָס איז נויטיק געווען צו שאַפן דעם פינפטן עיקר, וואָס זאָגט: „אַני מאמין, איך גלויב מיטן גאַנצן האַרצן, אַז דער באַ־שעפער, צו אים אַליין איז ראוי צו בעטן, און צו קיינעם אויסער אים איז ניט ראוי צו בעטן?" דאָס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן קעגן דעם נוצרי, וועלכער האָט געזאָגט: „איך בין די טיר", און „קיינער קען ניט קומען צום פאָטער סיידן דורך מיר". (און חיים גרינבערג זאָגט, אַז ישו איז געווען נאָר אַ מין דובנער אָדער קעלעמער מגיד).

דער דאָזיקער באַגריף, אַז דער מענטש קען ניט אַליין מיט זיין תפילה דערגיין צו גאָט, נאָר ער מוז אָנקומען צו אַ פאַרמיטלער, און יע־נער פאַרמיטלער איז נאָר ישו, איז געווען, און איז געבליבן, גאַנץ באַ־זונדער דערווידער דעם אידישן געדאַנק און דעם אידישן האַרצן. קעגן דעם דאָזיקן געדאַנק, וואָס איז דער סאַמע יסוד פון קריסטנטום, האָט

די גמרא אוועקגעשטעלט דעם קלאָרן און שאַרפֿן מאמר: „חביבין ישראל שלא הצריכן הקב"ה לשליח" (יומא, נב) — באַליבט זיינען די אידן וואָס גאָט האָט זיי ניט געמאַכט צו דאַרפֿן אַ פֿאַרמיטלער...

מיר פֿאַרנעמען די אַפּלייקענונג פֿון קריסטנטום פֿון דעם ערשטן עיקר אָן פֿון די דרייצן עיקרים. אין דעם ערשטן עיקר שטייט: „אני מאמין, איך גלויב מיטן גאַנצן האַרצן, אַז דער באַשעפֿער, ער איז דער באַשעפֿער און פֿירער פֿון אַלע באַשעפֿענישן און בלויז ער (לבדו) האָט געמאַכט, מאַכט און וועט מאַכן אַלע זאַכן". צו וואָס די באַטאָנונג: בלויז ער?

אַפֿילו אַ טויבער קען דאָ הערן אַ פֿאַרניינונג און צוריקווייזונג פֿון דער קריסטלעכער לערע, אַז דער נוצרי איז געווען פֿון קדמונים אָן גאָטס גלייכער „צייטגענאָסע", און אַז גאָט האָט אים איבערגעגעבן די אַרבעט פֿון באַשאַפֿן אַלע ברואים, און בכלל אַז גאָט האָט „אַבדיקירט" — און האָט איבערגעגעבן די ממשלה און די השגחה אין דעם רשות און דער מאַכט פֿון זיין בן יחיד...

ווייניקסטנס אַכט פֿון די דרייצן עיקרים פֿון דעם רמב"ם, קען מען מיט זיכערקייט זאָגן, זיינען אויפֿגעשטעלט געוואָרן מיט אַן אויג אויף דעם נוצרי און זיין רעליגיע. נאָר ניט דאָ איז דער פּלאַץ אַריינצוגיין אין דעם ענין גרינטלעכער.

און פֿון דעם אַלעמען איז קלאָר מיט דער קלאָרקייט פֿון ליכטיקן טאָג, אַז ביים רמב"ם איז ניטאָ דער היתר אָדער דער הכשר אויפֿן נוצרי, וואָס חיים גרינבערג זאָגט, אַז ער האָט ביי אים געפֿונען.

אויך איז הרב יעב"ץ (ר' יעקב עמדין) אַ קנאַפּע שטיצע פֿאַר אים. פֿון דער ציטאַטע אַליין וואָס ער ברענגט פֿון אים זעט מען, אַז ער האָט געהאַט נאָר אַן אויבנאויפֿיקע באַקאַנטשאַפֿט מיט דעם קריסטנ־טום. ער האָט געזאָגט: (ישו) חיזק תורת משה בכל עוז (ער האָט געשטאַרקט תורת משה מיט פֿולער קראַפֿט) בשעת מיר האָבן אויבן געזען, אַז ער האָט בטל געמאַכט ווייניקסטנס דריי יסודות פֿון דער תורה; און דער רמב"ם זאָגט „החליף את התורה", ער האָט די תורה פֿאַרביטן. יעב"ץ זאָגט אויפֿן נוצרי „שביטל עבודת אלילים" (ער האָט בטל געמאַכט געצנדינסט), בשעת עס איז געווינלעך אין מויל פֿון טייל קריסטן (פּראָטעסטאַנטן) אַליין פֿאַרצוואַרפֿן געצנדינעריי אַנדערע קריסטן (קאַטאָליקן).

און אויב גרינבערגס ראיהס פֿון רמב"ם און הרב יעב"ץ זיינען גרונטלאָז, איז די ראיה וואָס ער ברענגט פֿון די העברעאישע שריפֿט־שטעלער א. א. קאַבאַק און ש"י עגנון, שוין אין העכסטן גראַד נאַאיוו. עגנון און קאַבאַק, דערציילט אונדז חיים גרינבערג, זיינען פֿרומע אידן

און דאָך האָבן זיי אָנגעשריבן, איינער אַ ראָמאַן און איינער אַ דערציי־לונג, אין וועלכע „יענער מאַן" איז „געשילדערט" אין זייער אַ סימפּאַ־טישן ליכט". ווידער אַ סימן, הייסט עס, אַז „מ׳מעג". אָבער זינט ווען שטעלט מען ביי אידן הלכה אויף ראָמאַנען־שרייבער? ישראל סבא און — ראָמאַנען? תורה און — ראָמאַנען? תורה, און ראָמאַנען זאָלן מכריע זיין?

נאָר שוין אויף יענער זייט פון נאַאיוויטעט איז זיין אַרגומענט מיט יוסף חיים ברענער, ש״י איש־הורוויץ און יוסף קלויזנער. אויב זיי האָבן געמעגט, טענהט ער, פאַרוואָס מעג ניט שלום אַש? יענע זאָלן שוין, הייסט עס, האָבן איינגעשטעלט אַ טראַדיציע. מ׳קען שוין, הייסט עס, זאָגן, אַז מיר האָבן „בקבלה מאבותינו". אָבער ברענגען אַ ראיה פון ברענערן אויף שלום אַשן, איז דאָס אייגענע, וואָס ברענגען אַ ראיה פון שלום אַשן אויף ברענערן, און פון ש״י איש־הורוויצן אויף קלויז־נערן און פאַרקערט. ס׳איז דיזעלבע פּאַראַדע. אַגב, האָט אחד העם ניט געוואָלט דרוקן ש״י איש־הורוויצעס אַרטיקלען. געדרוקט האָט זיי קלויזנער ווען ער האָט רעדאַגירט דעם „השלח". מצא מין את מינו. נאָר ווען מ׳זאָל אַפילו אויסרעכענען כהנה וכהנה באַווייזט עס גאָרניט. געווען אַפילו אַ סך׳ן וואָס זיינען געגאַנגען דעם וועג ביזן סאַמע סוף, אין שמד אַריין, און עס באַווייזט גאָרניט. קיינעם פון זיי איז עס ניט געשענקט געוואָרן. יעדערער פון זיי האָט אַרויסגערופן אויפרעגונג און פּראָטעסטן און פאַרביטערונג צווישן אידן. ברענער און ש״י איש־הורוויץ און קלויזנער, פּונקט אַזוי ווי שלום אַש. שלום אַשן האָט אַפילו קלויזנער אַרונטערגעריסן, דערפאַר וואָס ער איז שוין געגאַנגען צו־וויים אַפילו פאַר אים. קלויזנער אַליין, אין אַ ביאָגראַפישן אַרטיקל (געדרוקט אין „הדואר" צו זיין יובילייו) האָט זיך באַקלאָגט, אַז צוליב זיינע ווערק וועגן דעם נוצרי און פּאַולוס, האָט מען אים אין דער העברע־אישער אוניווערזיטעט ניט געגעבן קיין קאַטעדרע פון געשיכטע, וואָס איז זיין אייגנטלעכער געביט, נאָר אַ קאַטעדרע פון (העברעאישער) ליטעראַטור, משמעות ווייל דאָ קען מען ווייניקער זינדיקן מיט קריסטנ־טום. און די העברעאישע אוניווערזיטעט איז אַ וועלטלעכע אינסטי־טוציע . . .

כדי צו שטיצן שלום אַשן שטעלט חיים גרינבערג אַרויס ברענערן, ש״י איש־הורוויצן, אַ רעפאָרמירטן ראַבאַי, קלויזנערן און אַ פאַרפעלשטן רמב״ם, און איגנאָרירט אינגאַנצן די צוויי טויזנט־יעריקע נאַציאָנאַלע טראַדיציע בנוגע דעם נוצרי, וועלכע איז אַזוי גוואַלדיק פאָרמולירט גע־וואָרן פון דעם אמתן רמב״ם, און פון אַזעלכע גייסטער ווי ר׳ סעדיה גאון (אין „אמונות ודעות"), ר׳ יוסף קמחי (אין „ספר הברית"), ר׳

חסדאי קרשקש („מאמר בבטול עקרי הנוצרים"), דער רמב"ן (וכוח), ר' יהודה הלוי (אין „כוזרי"), ר' יום טוב ליפּמאַן (אין „ספר הנצחון"), און אַנדערע, צווישן זיי דער קאַראַים יצחק טראָקי (אין „חיזוק אמונה"). מיט וואָס האָט עס שלום אַש אַזוי שיין געדרשנט, און ש"י הורוויץ און קלויזנער, אין די אויגן פון חיים גרינבערג, אַז די אַלע אויסגערעכנטע גאונים און זייערע ווערק זיינען בטל געוואָרן? דענקט ניט חיים גרינ־בערג, אַז ער מוז פריער פּאַרטיק ווערן מיט יענע גאונים, אָפּשלאָגן זייערע טענות, באַווייזן, אַז זיי זיינען אומגערעכט בנוגע דעם נוצרי און זיין תורה, איידער ער האָט אַ רעכט צו רופן דעם היינטיקן איד ער זאָל זיי פאַרבייגיין און גיין אין די טריט פון שלום אַש? יענע גאונים האָט די קריסטלעכע וועלט, ניט מיט אַרגומענטן און ניט מיט פייער און שווערד געקענט באַזיגן, און שלום אַש האָט זיי מנצח געווען מיט איינע צוויי ראָמאַנען? יענע גאונים איז דער ענין אָנגעגאַנגען לעבנס־טיף, עד נפש, און ביי אַ שלום אַשן און זיינע אויסהעלפער איז עס נאָר אַ ליטעראַריש שפּיל. יענע גאונים האָבן אין משך פון טויזנטער יאָר אויפגעהאַלטן דאָס אידישע פאָלק, און שלום אַש האָט דערווייל נאָר אויפגעהאַלטן זיך אַליין...

ס'איז נאָך ווייט ניט גענוג אָנצושרייבן אַ „צאַצקעדיקע" זאַך וועגן יעזוסן. כל־זמן שלום אַש, קלויזנער און זייער גאַנצע שולע זיינען ניט בכח, פאַר די אויגן פון גאַנצן פאָלק, אָפּצוענטפערן אויף די אַנטי־קריסטלעכע ווערק פון די גרויסע אידישע גאונים און האָבן ניט באַוויזן זייער „טעות", און ניט אומגעוואָרפן זייער לאָגיק און ניט אָפּגעשלאָגן זייערע געדאַנקען; און כל זמן די דאָזיקע בלייבן גילטיק אין דער וועלט פון אידישער מחשבה, אַזוי לאַנג וועלן די קריסטוס־שרייבער אויף דער אידישער גאַס מוזן גילטן נאָר פאַר מיסיאָנערישע שרייבער, און דאָס וועט אויך אַריינבעמען זייערע אַרויסהעלפער. קיינער וועט זיך ניט אַרויסדרייען פון דעם פאָלקס פסק־דין. אַזוי האָט אונדזער פאָלק שטענדיק געפּסקנט אין דעם דאָזיקן ענין.

3

## שמד און קונסט

שלום אַש היטער און באַשיצער, וואָס רייטן מיט זייער ראָן קיכאָט אין זיין מלחמה פאַרן קריסטוס אויף דער אידישער גאַס, רייטן אויף אַ הייליקער קליאַטשע וואָס איר נאָמען איז „די קונסט". אַזוי ש. ניגער, אַזוי יואל ענטין און אַזוי חיים גרינבערג. אַז איר קריטי־

קירט שלום אַשן, אָדער זאָל זיין איר בייזערט זיך אויף אים, פאַרוואָס ער האָט אויפגעשטעלט אַ קלויסטער אינמיטן מאַרק פון דער אידישער ליטעראַטור און אַריינגעטראָגן דעם צלם אין אידישן הויז. הייסט עס ביי זיי ניט, אַז איר פאַרטיידיקט די אַלטע פעסטונג־מויערן פון דער אידישער געשיכטע, די טראַדיציאָנעלע יסודות פון אידישן לעבן, די אייביקע ווערטן פון אידישן פאָלק; עס הייסט ביי זיי, אַז איר זינדיקט קעגן דער געטין „קונסט" און איר כהן ונביא שלום אַש...

ווי אַ שאַמפּיאָן פאַר שלום אַשן און פאַר דער קונסט איז אויך אַרויס, מיט ביידע פויסטן, מלך ראַוויטש.

אַ צווייטע סטראַשידלע האָט מען אַרויסגעשטעלט: רעדע־פריי־הייט, געדאַנקען־פרייהייט (ח. ש. קאַזדאַן): מען וויל, האָט עס געהייסן, צונעמען ביי שלום אַשן די הייליקע רעכט צו שרייבן וואָס ער וויל און ווי אַזוי ער וויל.

נאָר תוך כדי דיבור האָבן די באַשיצער פון אַשס רעכט פאַר־געסן, אַז זייערע קריטיקער האָבן אויך אַ רעכט אויף רעדע־פרייהייט און געדאַנקען־פרייהייט...

נאָר מיר וועלן צוגיין צו דער טענה: קונסט.

דער קולט פון דער דאָזיקער מעכטיקער געטין, לויט חיים גרינ־בערג, קען אויסגעדריקט ווערן אין איין וואָרט: „מ'מעג". עס איז ניטאָ קיין זאַך וואָס זי זאָל ניט טאָרן. די טעמע אותו האיש, אַפּאָסטאָלן, עוואַנגעליום, קריסטנטום — אַלץ איז איר מותר. נאָר מיט איין תנאי: ס'זאָל זיין „קונסט". „מוקצה", זאָגט ער, אין דער קונסט און ליטע־ראַטור איז בלויז שונד, און דאָס וואָס איז ניט עכט, ניט דורכגעלעבט. „אַ אידישער שרייבער — זאָגט ער — האָט אַ רעכט אַפילו צו מאַכן דעם אותו האיש פאַרן העלד פון זיינער אַ שאַפונג. וואָס מיר האָט שאָקירט אין אַשס דערציילונג („יעזוס אין געטאָ"), איז איר גע־קינסטלטקייט, איר טענדענציעזער כאַראַקטער"...

אַלץ מעג שלום אַש טאָן צווישן אידן! וויל ער אַ „הייזל" איז אַ „הייזל", וויל ער אַ קלויסטער איז אַ קלויסטער. און אידן מוזן נאָכגיין נאָך אים אי אַהין, אי אַהער. זיי זיינען מחויב. און אויב זיי ווילן עס ניט מיטמאַכן און זיי דערווידערן, פאַרזינדיקן זיי זיך קעגן דער נייער „געטין פון ישראל", דער הייליקער „קונסט", און זיי דאַרפן זיך שלאָגן על חטא — שרייבט ש. ניגער — און „דווקא אום ראש השנה", זאָגט ער („טאָג", אָקט. 31, 1948), און ער צייכנט אַפילו אָן גענוי וועלכע פון די על חטאן ס'איז חל אויף אונדז צו זאָגן, וואָס זיינען מסוגל צו ברענ־גען סליחה און מחילה...

עס געדענקט זיך נאָך די צייט ווען די אייגענע מענטשן האָבן גע־

קעמפט פאַר שלום אַשס „גאָט פון נקמה", און היינט קעמפן זיי מיטן אייגענעם פייער פאַר זיין „גאָט פון ליבע"... דאָרט איז געווען אַ „הייזל", דאָ גייט עס אין אַ קלויסטער, און ס'איז אַלץ איינס, ווייל ס'איז — „קונסט"...

און כאָטש זיי קעמפן מיט „פייער", פונדעסטוועגן ווייעט אַן אויסגעלאָשנקייט און קעלט פון דער נשמה פון די דאָזיקע מענטשן וואָס קענען מיט אַזאַ גרינג הארץ מצרף זיין אידן מיט יעזוס, נוצרי און יום הדין! ס'איז אַן אויסגעטריקנטקייט פון אידישע זאַפטן, אַן אַטראָפּיע פון די חושים פאַרן טעם פון אידישער היים, פון אידישער גאַס. ווייט, גאַנץ ווייט, זיינען זיי שוין איינגעפאַרן פון די פרומע טאָג־טעס און מאַמעס. אַפילו פון די יום־כיפור־באַלניקעס זיינען זיי שוין זייער ווייט אַוועק: יענע האָבן דאָך אוודאי ניט געמיינט עפּענען די צאַמען פאַר קריסטוסן...

עס איז שוין די דאָזיקע מענטשן פרעמד אי דאָס עכטע געפיל פון די פרומע, אי דאָס עכטע געפיל פון די פרייע. זיי לעבן צווישן גלויבן און אַנטי־גלויבן, אין קיינעמס לאַנד, אין דער ספערע פון ניהליזם...

און אין אַזאַ ספערע ווערט די סתם קונסט דער אידעאַל, די קונסט וואָס „מעג" אַלץ...

אָבער צי מעג זי טאַקע אַלץ?

קומט, אדרבא, און לאָמיר לערנען אַ פרק אין דער חכמה פון „קונסט".

עס איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן די טעאָריע, אַז אויב גריכנלאַנד האָט דערגרייכט יענע מדרגה פון פולקאָמענהייט, וואָס נאָר די גריכישע קונסט אַליין האָט דערגרייכט, איז עס געווען נאָר צו פאַרדאַנקען דער שקלאַפעריי אין אַלטן גריכנלאַנד. (ניטשע). האָבן מיר איינס.

עס איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן די טעאָריע, אַז אַלע גרויסע עפּאָ־כעס אין דער קונסט זיינען געקומען נאָך גרויסע מלחמות, און אַז קריג איז דער פאָטער פון קונסט (דזשאָן ראָסקין). האָבן מיר צוויי.

עס איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן די טעאָריע, אַז דער מקור פון יעדער קונסט, און יעדער מין מענטשלעכער גרויסקייט בכלל, איז — האָמאָסעקסואַליזם (אַנדריי זשיד). האָבן מיר דריי.

דריי גרונט־יסודות פון קונסט: שקלאַפעריי, קריג, שכבת זכר.

וועגן דעם לעצטן איז כדאי זיך אָפּצושטעלן גאַנץ באַזונדער. שרייבט אַנדריי זשיד:

„איר מוזט אויך אָנערקענען דעם פאַקט, אַז האָמאָסעקסועלע פער־יאָדן, אויב איך מעג זיך אַזוי אויסדריקן, זיינען קיינמאָל ניט קיין פעריאָדן פון דעקאַדענץ. פאַרקערט, איך גלויב עס וועט זיין ריכטיק צו

זאָגן, אַז די גרויסע פּעריאָדן ווען די קונסט האָט געבליט — די גריכן אין דער צייט פון פּעריקלעס, די רוימער אין דעם יאָרהונדערט פון אוגוסטוס, די ענגלענדער אין דער צייט פון שעקספּירן, די איטאַליע־נער אין דער צייט פון דער רענעסאַנס, די פראַנצויזן אין משך פון דער רענעסאַנס און נאָכאַמאָל אונטער לואי דעם 13־טן, די פּערזיער אין דער צייט פון האַפיז, א. א. וו. זיינען גראָד געווען די צייטן, ווען האָמאָ־סעקסואַליזם האָט זיך אויסגעלעבט גאַנץ אָפן, און איך וואָלט אַפילו געזאָגט, אָפיציעל. איך וואָלט כמעט געגאַנגען אַזוי ווייט ווי צו זאָגן, אַז עפּאָכן און לענדער אָן האָמאָסעקסואַליזם זיינען עפּאָכן און לענדער אָן קונסט" („קאָרידאָן", פּערטער דיאַלאָג).

צי אימיצער האָט אויסגעשטעלט אַן ענלעכע טעאָריע וועגן קונסט און שכבת בהמה, איז מיר ניט באַקאַנט...

זייט נאָך מוסיף אַהער טהאָמאַס מאַן, אויך ניט „אַבי ווער" אין דער קונסט און דענקעריי וועגן קונסט. אין 1914, נאָכן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט ער געשריבן:

„ווי די הערצער פון אונדזערע פּאָעטן האָבן זיך עס שנעל פאַ־נאַנדערגעצונדן דעם מאָמענט ווען קריג איז דערקלערט געוואָרן! דער מיליטערישער גייסט איז פאַרוואַנדט צום גייסט פון קונסט".

וויל איך פרעגן חיים גרינבערגן, ש. ניגערן, יואל ענטינען און מלך ראַוויטשן, צי זיינען זיי גרייט צו פאַרטיידיקן שקלאַפעריי, מיליטאַריזם, מלחמה און האָמאָסעקסואַליזם אויך, אויפן יסוד פון קונסט...

און אויב ניטשע, מאַן, ראַסקין און אַנדריי זשיד — יעדערער פון זיי אַ גאון; און זיי שטייען ניט אַליין, נאָר רעפּרעזענטירן גאַנצע שולעס — אויב זיי זיינען גערעכט, דאַן עפּנט עס אונדז די אויגן גאָר אין אַ ביי ליכט אויפן „לא תעשה לך פסל ומסכה", און דערדאָזיקער געבאָט דערשיינט אַ סך טיפער ווי מיר האָבן פריער פאַרשטאַנען.

ס'איז אסור כדאי, אין דער היינטיקער צייט נאָך, אויפצולעבן דעם אַלטן וויכוח צי איז טאַקע דער קונסט אַלץ דערלויבט, און צי די הימ־לישע מוזע איז טאַקע יענע הייליקע יונגפרוי, וואָס שלום אַש באַ־שיצער ווילן איינשמועסן. מער ווי יעדער אַנדער צייט האָט אונדזער צייט אונדז געלערנט ווי גרינג „דאָס מעדכען" איז „צום האַבען", און אַז זי איז גאָרניט מקפיד צווישן צדיק און רשע. מיר קענען אַלע גוט דאָס פּנים פון דער נאַצישער קונסט, למשל, און אירע פאַרבלוטיקטע הענט...

נאָר מען מוז אַנטשידן אָפּוואַרפן די באַבסקע באַיקע פון אַש פאַרטיידיקער, אַז אין זיינע קריסטלעכע ווערק ווערט געטאָן ניט מער ווי געפּראַוועט ריינע עבודה ביי דעם מזבח פון דער ריינער, עכטער קונסט. אונטער דער מאַסקע פון קונסט ווערט דאָ געטריבן די אַלטע

מעשה פון דער „מיסיע צו אידן״, וואָס איז דער ערשטער און לעצטער אידעאַל פון דער קירכע פאַר די פאַרבלאָנדזשעטע שאָף פון ישראל. און פונקט אַזוי אַנטשידן מוז צוריקגעוואָרפן ווערן דער געדאַנק, אַז די טעמע יעזוס, אַפּאָסטאָלן, עוואַנגעליום, קריסטנטום, ליגט אין דעם אַל־געמיינעם שטח פון ליטעראַרישע און קינסטלערישע טעמעס, וואָס אַ אידישער שרייבער און קינסטלער מעג גיין פראַנק און פריי און זי נע־מען, און פראַנק און פריי זי אַריינטראָגן אין דער אידישער ליטעראַטור.

דאָס איז אַן אַנדער טעמע, און דער צוגאַנג צו איר מוז זיין אַן אַנדערער.

קודם כל איז דער נוצרי אין תוך ניט קיין ליטעראַרישע טעמע, נאָר אַ רעליגיעזע, און ווען דער קינסטלער טרעט־צו צו איר, מוז ער קודם כל לייזן אַ גאַנצע ריי טעאָלאָגישע פראַגן, וואָס זיינען ביי אַנדערע טע־מעס גאָרניט שייך. דער נוצרי איז אַ רעליגיעזער סוביעקט פון אָנהויב ביזן סוף, און ער קען ניט באַהאַנדלט ווערן, סיי פּאָזיטיוו, סיי נעגאַטיוו, אויסערהאַלב דער רעליגיעזער ספערע. קיין קינסטלער קען אים ניט אויסשיילן פון דעם רעליגיעזן באַגריף, אין וועלכן ער איז היסטאָריש איינגעוואַקסן. פאַר די צוויי טויזנט יאָר וואָס די געשיכטע ווייס פון אים, ווייס זי פון אים ניט אַנדערש ווי נאָר אין רעליגיעזער באַציאונג.

און דער באַגריף וועגן דעם נוצרי האָט צוויי פּנימער. איין פּנים האָבן אים געגעבן די קריסטן, און איין פּנים האָבן אים געגעבן די אידן.

פאַר די קריסטן איז ער: גאָט וואָס האָט זיך געמאַכט פאַר אַ מענטשן.

פאַר די אידן איז ער: אַ מענטש וואָס האָט זיך געמאַכט פאַר גאָט...

זינט די וועלט ווייס פון ישו, ווייס זי פון אים נאָר אין דידאָזיקע צוויי געשטאַלטן. און עס מאַכט קיין זאַך ניט לייכטער, ווען איינער קומט און זאָגט, אַז ישו איז נאָר געווען אַ „פּיעכאָטנער מגיד״. זאָל זיין אַ מגיד, נאָר ס׳איז אַ מגיד וואָס די קריסטן זאָגן, אַז ער איז געווען אַ גאָט, און די אידן זאָגן, אַז ער האָט זיך געמאַכט פאַר אַ גאָט. דאָס איז דאָס פּראָבלעם ישו, און אַזוי שטייט די טעמע ישו.

דעריבער, ווען אַ שריפטשטעלער קומט צו שרייבן וועגן ישון, מוז ער זיך קודם כל שטעלן די פראַגע: וועלכע פון די צוויי ישו־געשטאַלטן זאָל איך אויסקלייבן, די אידישע געשטאַלט צי די קריסטלעכע? און כדי צו באַשליסן, מוז ער פריער אַנטשיידן פאַר זיך וועלכע פון די צוויי געשטאַלטן איז די ריכטיקע. דאָס הייסט, שליסלעך, פסקענען, וועל־כער צד ס׳איז גערעכט אין זיין אויפפאַסונג פון ישון: דער אידישער אָדער דער קריסטלעכער. און סוף כל סוף מיינט עס, אַז ער דאַרף

אַנטשיידן צווישן די צוויי אמונות אינגאַנצן, משפּטן און אַנטשיידן צווישן אידנטום און קריסטנטום.

דערפון איז געדרונגען, אַז אַ אידישער שרייבער וואָס האָט אָנגע־שריבן אַ יעזוס־ראָמאַן און האָט אויסגעקליבן די קריסטלעכע געשטאַלט, איז פריער פאַרטיק געוואָרן מיט זיין אידנטום. ער האָט געגעבן די בכורה דעם קריסטנטום איבערן אידנטום. אין אַנדערע ווערטער, ער איז דורכגעגאַנגען דאָס וואָס קען אָנגערופן ווערן — קינסטלערישער שמד...

זאָגט חיים גרינבערג: „מ'מעג". אפשר מעג מען, לויט דער „קונסט", אָבער ניט לויטן רמב״ם, קאָלעגע גרינבערג...

אויב אַשס אַפּאָלאָגעטן ווילן האַלטן דעם וויכוח דווקא און נאָר אין דעם שטח פון קונסט, טאָ לאָמיר רעדן קונסט!

ווייסן מיר, נאָך פון אַלטע צייטן, אַז די געטין פון קונסט האָט אויך איר תורה און אירע דינים און געזעצן. מיר האָבן דאָך עס אַלע געלערנט אין „יענע ביכלעך", דאָרטן, ביי די גוים. מיר רופן יענע תורה: רעטאָריק, עסטעטיק, פילאָזאָפיע פון קונסט, און ענלעכע נעמען. און די געטין פון קונסט איז אַ שטרענגע געטין, אַן „אלה קנאית ונוקמת", אויב מ'מעג אַזוי זאָגן. אויב מ'היט ניט אָפּ אירע געזעצן, איז איר שטראָף גיך און גרויזאַם. זי שטראָפט מיט — שונד, וואָס איז אַזאַ זינד, פאַר וועלכער ניט גרינבערג, ניט ניגער, ניט ענטין קענען מוחל זיין. ניגער און ענטין זיינען דאָך שטענדיקע דינער אין איר טעמפּל, און זייער באַרוף אַלס קריטיקער איז דאָך נאָר צו שטיין און אַכטונג געבן, אַז די דינים פון דער „געטין קונסט" זאָלן אָפּגעהיט ווערן.

נון, האָבן מיר געלערנט, אַז איינס פון די פונדאַמענטאַלע געזעצן פון דער קונסט איז אַ געזעץ, וואָס מ'רופט — פּאָעטישע גערעכטיקייט. דאָס דאָזיקע קונסט־געזעץ איז זעלבע וואָס אין דער מאָראַל פון דער יוסטיץ: פאַרברעכן מוז באַשטראָפט ווערן, זינד אין דער ליטעראַ־טור מוז קינסטלעריש אויפגעלייזט ווערן אין עונש. דערביי מוז דער עונש זיין אין האַרמאָניע מיט דער זינד: איז די זינד קליין, דאַרף אויך די שטראָף זיין קליין; אויב די זינד איז אומגעהויער, דאַרף די שטראָף אויך זיין אומגעהויער.

און טאָמער פאַרפעלט דער דיכטער די ריכטיקע פּראָפּאָרציע, קומט דער קריטיקער ש. ניגער אָדער יואל ענטין, און פּסלט דאָס ווערק: ס'איז שונד.

מיט דער דאָזיקער קינסטלערישער מאָס, לאָמיר איצט צוגיין צו־ריק צום ענין נוצרי — אַש. שלום אַש האָט אין זיינע קריסטלעכע ווערק אָנגענומען און פאָרגעשטעלט די קריסטוס־געשטאַלט לויט דער קריסט־

לעכער אָנשויאונג, דאָס הייסט: ישו איז געווען גאָט, וואָס האָט זיך געמאַכט פאַר אַ מענטשן, און די אידן האָבן אים פאַרמשפּט צום טויט און דורכגעצוואונגען זיין הינריכטונג. איז דאָך עס אַן ענאָרמער פאַר־ברעכן! דער גרעסטער פאַרברעכן וואָס איז מעגלעך אונטער דער זון: דערמאָרדעט גאָט! גאָט וואָס איז געקומען אויסלייזן! ניט איין מענטש האָט אים דערמאָרדעט, אַ פאָלק האָט זיך פאַרשוואָרן קעגן אים און אים דערמאָרדעט!

פאַר אַזאַ פאַרברעכן קומט אַ פאָסיקע שטראָף, לויט די געזעצן פון דער קונסט. מערקט גוט, מיר רעדן פון גרינבערגס, ניגערס און ענטינס קונסט. קינסטלעריש מוז די דאָזיקע זינד קריגן איר עונש. אָן אַן עונש בלייבט עס דאָך נאָר אַ שונד־מעשה.

און דאָס קריסטנטום האָט געפונען דעם עונש: עס האָט פאַר־שאָלטן דאָס אידישע פאָלק. אַן אימהדיקע קללה אַרויפגעלייגט אויף זיין קאָפּ. פאַרשאָלטן אויף אייביק צו זיין נע ונד און ווערן געהאַסט און גערודפט און געמאָרדעט.

פון קונסט־שטאַנדפּונקט איז דאָס ניט מער ווי רעכט: די פּאָע־טישע גערעכטיקייט. און אַזוי פאַררונדיקט זיך די מעשה וואָס שלום אַש האָט אָנגעהויבן.

נעמען זיי אָן אָט די קינסטלערישע אויפלייזונג פון דער יעזוס־מעשה, גרינבערג, ניגער און ענטין? נעמען זיי אָן דעם סוף אַזוי ווי זיי האָבן אָנגענומען דעם אָנהויב? זיי קענען זיך ניט אָפּזאָגן! אַז מ׳זאָגט אַלף, מוז מען זאָגן בית. אַ מעשה, אין דער קונסט, מוז האָבן אַן אָנהויב, אַ מיטן און אַ סוף, האָט געלערנט אַריסטאָטעלעס. און זיי ווילן דאָך קונסט איבער אַלץ.

די גאַנצע עוואַנגעליע איז פול מיט קללות און חרמות אויף אידן פאַר זייער האַרטנעקיקייט קעגן אָננעמען ישון. דער יסוד פאַר דער קללה, איר „באַרעכטיקונג", ווערט געלייגט אין דעם מאָמענט, ווען ישו איז געווען אין פּילאַטוסעס הענט. פּילאַטוס וויל אים כלומרשט פריי לאָזן, אָבער די אידן שרייען ניין און ניין. און פּילאַטוס נעמט אַ בעקן מיט וואַסער און ער וואַשט זיך די הענט פאַר די אויגן פון גאַנצן פאָלק, צו ווייזן: מיינע הענט האָבן ניט פאַרגאָסן דאָס דאָזיקע בלוט.

דערויף קומען די אידן און וואַרפן חוצפּהדיק אַן אַרויסרוף דעם היסטאָרישן גורל אין פּנים אַריין און זיי שרייען אויס: „מיר נעמען זיין בלוט אויף אונדז און אויף אונדזערע קינדער".

אַזוי דערציילט די עוואַנגעליע. און דערין טייטשן די קריסטן אַריין די באַרעכטיקונג פאַר אַלע זייערע רדיפות אויף אונדז.

און פּאולוס האָט אָנגעוויזן אויף אַ קאַפּיטל תהלים, אין וועלכן עס

איז „בנבואה" אַריינגעלייגט געוואָרן די קללה אויף אונדז אידן. אין די „רוימער" (11, 9), ציטירט ער פון קאַפּיטל 60, וואו עס זיינען דאָ די דאָזיקע שורות:

„זייער טיש וואָס פאַר זיי זאָל זיין אַ נעץ, און וואָס זיי האָפן אויף שלום זאָל זיין אַ שטרויכלונג. זייערע אויגן זאָלן פאַרפינסטערט ווערן פון צו זען, און זייערע לענדן מאַך שטענדיק וואַנקען. גיס אויס אויף זיי דיין צאָרן, און דיין גרימצאָרן זאָל זיי דערגרייכן. זייערע פּאַלאַצן זאָלן זיין וויסט, און אין זייערע געצעלטן זאָל קיינער ניט זיצן... אויס־געמעקט זאָלן זיי ווערן פון דעם בוך פון לעבן, און מיט די גערעכטע זאָלן זיי ניט ווערן פאַרשריבן"...

ס'איז אַ קאַפּיטל געגן אַלע אידישע שונאים.

נאָר ביי פּאָולוסן גייט עס אויף אונדז, פאַרן נוצרי.

מיט אונדזערע קאַפּיטלעך תהלים האָבן זיי אונדז פאַרשאָלטן!

פון דעמאָלט אָן איז די קללה ניט אַראָפּ פון קריסטלעכע ליפּן. זי איז געזאָגט און איבערגעזאָגט געוואָרן אין מיליאָנען נוסחאות. אָט איז איינער פון זיי, אַ באַרימטער, פאַרפאַסט אין ניינטן יאָרהונדערט, פון אַגאָבארד, אַרציבישאָף פון ליאָן:

„אַלע וואָס זיינען אונטער דער תורה זיינען אונטער אַ קללה, און זיינען אַרומגעקליידט מיט דער קללה אַזוי ווי מיט אַ בגד. זי איז אַריין, אַזוי ווי וואַסער, אינעווייניק אין זיי, און אַזוי ווי אויל אין זייערע ביינער. און זיי זיינען נאָך דערצו פאַרשאָלטן אין שטאָט, און פאַרשאָלטן אין פעלד; פאַרשאָלטן אין זייער קומען, און פאַרשאָלטן אין זייער אַוועק־גיין; פאַרשאָלטן אין די פרוכט פון בויך, פון דער ערד און פון טשע־רעדע; פאַרשאָלטן זיינען זייערע קעלערס, זייערע שייערס, זייערע מע־דיצינען, זייער שפּייז, און די ברעקלעך וואָס פאַלן אַראָפּ דערפון, און קיין איינציקער פון זיי קען ניט אַנטרינען פון דער דאָזיקער פורכטבאַ־רער, דער דאָזיקער אימהדיקער קללה אונטער דער תורה, אויסער דורך אים (ישו), וועלכער איז געשאָלטן געוואָרן פון אונדזערטוועגן"...

די דאָזיקע קללה ווערט איינגעלערנט און איינגעחזרט מיט יעדן גוטן קריסטלעכן קינד אין יעדער גוטער קריסטלעכער שולע און ביי יעדער גוטער קריסטלעכער געלעגנהייט.

פּאָולוס האָט געבראַכט זיין קללה פון תהלים אַרויס, אָבער פון זיין אייגענער זייט האָט ער אויך ניט געקאַרגט.

ער האָט די אידן אָנגערופן: „געפעס פון (גאָט'ס) צאָרן, אָנ־געברייט אויף פאַרדאַרבונג" („רוימער" 9, 22).

און אויף די גוים האָט ער געזאָגט: זיי זיינען „געפעס פון (גאָט'ס) רחמנות, אָנגעברייט צו גלאָריע" (דאָרט. זע אויך: „2טע קאָרינטיער" 3, 9, און 4, 3).

אויף די גוים — דאָס געטלאַכע רחמנות, אויף די אידן — גאָט'ס צאָרן, ביז פאַרדאַרבונג. דאָס אידישע געפעס איז אָנגעברייט אויף ווערן צעבראָכן.

דאָ האָט איר אַ היתר אויף אַלע זייערע רדיפות און נגישות אויף אידן — עד חרמה. פילט איר די שנאה וואָס שפריצט פונ־דאַנען?

אָט דאָס, חשובע קונסט־דורשטיקע לייט, איז די „קינסטלערישע" פאַרענדיקונג פון דער מעשה ישו, וואָס שלום אַש האָט אַזוי ליב געקראָגן צו דערציילן, און איר זייט אַזוי פאַרחלשט געוואָרן אין אַנט־ציקונג פון הערן...

ס'איז „פּאָעטישע גערעכטיקייט", וואָס איז דער פסק דין פון דער קונסט...

ניין, מורי ורבותי, ס'איז ניט קיין פשוטע מעשה. דאָ גייט ניט אין אַ מעשה און ווי אַזוי זי איז געשריבן: מער קינסטלעריש אָדער ווייניקער קינסטלעריש.

עס גייט אין אַ רעליגיע, וואָס האָט איינגעשטעלט אירע דאָגמעס אויפן אונטערגאַנג פון אידישן פאָלק.

עס גייט אין אַ רעליגיע, וואָס איז אַ מקור פון אייביקער שנאה צו אידן.

עס גייט אין אַ רעליגיע, וואָס טראָגט אחריות פאַרן חורבן פונם אייראָפּעאישן אידנטום.

עס גייט אין אַ רעליגיע, וואָס האָט זיך צוגעאייגנט אונדזער תנ"ך, און אים אומגעקערט אין אַ כלי זיין געגן אונדז.

עס גייט אין אַ רעליגיע, וואָס אַפילו אונדזער נאָמען ישראל האָט זיך צוגענומען פאַר זיך.

נאָר אין דעם גרויסן, היסטאָרישן וכוח און אין דעם פורכטבאַרן היסטאָרישן קאַמף האָבן אידן זיך ניט איינגעשראָקן און זיך ניט גע־בויגן.

און ווען עס האָט געשלאָגן די גרויסע שעה פון מדינת ישראל, די שעה ווען עס האָט זיך געענדיקט דאָס קאַפּיטל: „פאַרטריבן פון יהודה, אָן אַ לאַנד, אָן אַ היים", און דאָס אידישע פאָלק האָט אויף דאָס ניי פּראָקלאַמירט זיין אויפקום אין זעלבסטשטענדיקייט אין זיין אַלטן לאַנד, האָט עס, אין זיין אומאָפּהענגיקייט־דעקלאַראַציע געזאָגט:

„מיר אַנקערן אונדזער בטחון אין דעם גאָט פון ישראל"...

און זיין מדינה האָט דאָס באַנייטע פאָלק אָנגערופן ישראל, און אַזוי אַרום אַרויסגעריסן צוריק אונדזער נאָמען פון זיי.

און אַזוי וועט עס שוין, מיט גאָטס הילף, בלייבן לעולם ועד, אָמן.